דאָס אלטע און אייביג נייע פּראָבלעם:

# די אידען און דער קריסטליכער וועלט

— פון —

## מ. א. גאָלדשמיט

---

מאקסים גאָרקי שרייבט וועגען דיזען ווערק:

„די טיפע איבערלעבונגען וואָס ווערען מיט אזא מערקווירדי־נער קינסטלערישער קראפט געשילדערט און אנאליזירט אין דעם ראָמאַן „דער איד" בלייבען נאָך היינט פונקט אזוי אינטערעסאנט ווי זיי זיינען געווען אין דער צייט, ווען גאָלדשמיט האָט דעם ראָ־מאַן געשריבען. ער צייכענט זיך אויס מיט זיין טיפען פּסיכאָלאָ־גישען איינבליק און זיין מייסטערהאפטער שילדערונג פון די אידישע כאראקטערע."

דאָס איז א בוך פון 354 זייטען.

**פּרייז פון בוך $1.60**

ארויסגעגעבען פון

מאַרקס ליטעראטור געזעלשאַפט און „נייע וועלט" פארלאג

175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

# דאס לעבען און שטערבען
# אין סאוועט רוסלאנד

— פון —

## דר. א. גאלדשמיט

א לעבעדיג, רייך בילד פון מאסקווע און גאנץ רוסלאנד אין יאהר 1920, געשריבען פון א וויסענשאפטמאן און סימפאטישען באאבאכטער.

---

די סאציאלע לאבאראטאריע פון דער וועלט, א וועלט פון סאציאלע עקספערימענטען — מאסקווע.




פרייז פון בוך $1.50


ארויסגעגעבען פון
מארקס ליטעראטור געזעלשאפט און „נייע וועלט“ פארלאג
175 איסט בראדוויי, ניו יארק.

# אויסגעוועהלטע שריפטען

— פון —

## ראזא לוקסעמבורג

דער וועלט־באריהמטער רעוואָלוציאָנערער פיהרערין
און מארטירערין.

---

דער קאָפּ פון א מאן, דאָס הארץ פון א לייב, דער שטאָלץ
פון אן אָדלער, און די איגעךליכע שעהנקייט אומבאשרענקט.

---

מיט ביאָגראפישע איינלייטונגען

פון דזשאהן מילל און קלארא צעטקין

256 זייטען

**פּרייז פון בוך $2.00**

ארויסגעגעבען פון

מארקס ליטעראטור געזעלשאפט און „נייע וועלט" פארלאג

175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

# קונסט און סאציאליזם

— פון —

## א. וו. לונאטשארסקי

300 זייטען.

יעדע זייט אין אן אוצר פון געדאנק און שעהנהייט.
דער פארפאסער נויטיגט זיך ניט אין רעקאמענדאציעס.

---

עס געהען אריין אין באנד עסעיס וועגען

**לעאניד אדרעיעוו, מאקסים גארקי, שעקספיר,**

**נעטהע, האופטמאן**

און אנדערע.

**פרייז פון בוך $2.00**

ארויסגעגעבען פון

מארקס ליטעראטור געזעלשאפט און „נייע וועלט" פארלאג

175 איסט בראדוויי, ניו יארק.

# קולטור און רעוואלוציע

## געוועהלטע עסעיס

— פון —

## מאקסים גארקי

שריפטען פון א מאן, וואס איז רוסלאנד'ס געוויסען און זיין רעוואלוציאנערע הארץ, ווי לענין איז דער קאפ פון רעוואלוציאנערען רוסלאנד.

---

אין בוך געהט אריין זיין באריהמטע אנקעטע וועגען אנטי־סעמיטיזם, זיינע בריף וועגען קליין־בירגערטום, זיינע אויסערדונגען וועגען די רעוואלוציעס פון 1905, מערץ 1917 און אקטאבער 1917.

---

**פרייז פון בוך $2.00**

ארויסגעגעבען פון

מארקס ליטעראטור געזעלשאפט און „נייע וועלט" פארלאג

175 איסט בראדוויי, ניו יארק.

הויך האלט זי דעם קערפּער פון זשאַזוא דע קרואיז איבער'ן וואסער.

„זעהט, איך זאָג אייך אָן א גרויסע פרייד, דען היינט איז דעם פאָלק געבאָרען געוואָרען אן ערלייזער, וואָס איז קריסטוס, דער האר אין דער שטאָדט פון דוד!"

דאָ בויגען זיך איהרע פיס, און זי פאלט, פאלט מיט דעם קערפּער פון זשאַזוא דע קרואיז!

נאכט איבער פלאנדערן, נאכט פאר די אויגען פון שוועסטער אירענא, אויפ'ן הימעל די בליצענדע שטערען, און איבער דער וואסערוויסט פון פלאנדערן דאָס ק ר י י ץ!

אונטער דער מילד בעוועגטער פלאך פון וואסער רוהען אין אייביגען שלאָף דרייסיג, פערציג, פופציג, ניין, הונדערט, ניין, הונדערט און צוואנציג טויזענד, וואָס זיינען געוועזען פיינד און זיינען געוואָרען פריינד.

הונדערט און צוואנציג טויזענד, א גאנצע ארמיי!

דאָס וואסער האָט זיי פערדעקט אויף אייביג.

ווייל פלאנדערן'ס עבענע איז געוואָרען א בית עולם, און איבער דעם פייכטען קבר פון דער טיף שוועבט א י ר ע נ א און דאָס בלוטאָפפער פון זשאַזוא דע קרואיז!

דע קרואיז. זי נעמט ניט אראָב איהרע אויגען פון דעם קרייץ, וואָס די אָרימע מיידלעך פון יעזוס קריסטוס האָבען דאָ אויפ־געהאנגען אויף דער וואנט און האָבען פערגעסען מיטצונעמען, ווען אַלע זיינען אנטלאָפען.

און אין די לעצטע מינוטען פון איהר נאָמענלאָזען שמערץ און איבערמענשליכער אָנשטרענגונג האָט שוועסטער אירענא די גרעסטע זעהונג פון איהר לעבען, די וויזיאָן פון דער שעה פון איהר טויט!

דאָס קרייץ וואקסט און וואקסט און שטרעקט זיך פאַר איהרע אויגען. זיינע באלקען נעמט אָן ריעזיגע דימענסיאָנען, ברייטען זיך אויס איבער דאָס לאנד, שטרעבען ארויף צום הימעל. זיי ווערען אונגעהויער גרויס, ניט ארומצונעמען מיט'ן בליק, אונפערמיידליך, זיי ווארפען זייער שאָטען אויף די מיט וואסער בעדעקטע עבענע פון בראבאנט און פלאנדערן, אויף גאנץ בעלגיען, אויף אייראָפּא, אויף די וועלט.

און אונטער דעם ריעזיגען קרייץ שטעהט זי, די שוועס־טער מיט דעם נאָמען:

אירענא

און האלט אין איהרע אָרעמס דעם פערקריפּעלטען קערפּער פון זשאָזוא דע קרואיז

דאָס וואסער וואקסט. עס דערגרייכט דער שוועסטער'ס שולטערען. אָבער איהרע שטאָהלהארטע הענט האלטען דעם געאָפּפּערטען קערפּער נאָך אלץ הויך איבער'ן וואסער.

„פאַר אייך, פאר אייך..." — טראָגט זיך ווידער און ווידער דורך אין איהר געהירן, וואָס איז איינגעהילט אין וואהנזין און קען נאָר דאָס אליין דענקען:

„פאר אייך געגעבען און פערגאָסען!"

שטיל איז ווייט ארום. נאָר דאָס רוישען פון די וועלען, און איבער די וועלען — דאָס קרייץ!

אויף דעם ווינטערהימעל פון פלאנדערן טרעט ארויס איין שטערן נאָך דעם אנדערען לויכטענדיג און טרייסטענדיג. אויך יענער שטערן, וואָס האָט מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק גע־שטראהלט פאר די פרומע הירטען און האָט געוויזען די הייליגע קעניגען דעם וועג צו בית לחם.

דורך דאָס פענסטער וואנדערט איהר בליק איבער די וואסערפלאך, וואָס איז בעגאָסען מיט דעם זילבערשיין פון דער לבנה. איהר אויג זוכט דעם שטערן און געפינט איהם.

דער וואהנזין פלאמט העל, זוכען ווידער און ווידער דאָס קרייץ. דאָס, וואָס האָט איהר געגעבען קרעפטען זיך אנטקעגענצושטעלען דעם שטארקען לאזארעטגעהילף, גיט איהר אויך איצט קרעפטען. שטאָהלהארט זיינען געוואָרען איהרע מוסקעלען, און אזוי שטעהט זי אין אָנגעזיכט פון קרייץ, מיט דעם קערפער פון זשאָזוא דע קרואיז אין איהרע אָרעמס שטונדען און שטונדען לאנג.

און דאָס וואסער שטייגט.

פיעטא פון מיקעל אנדזשעלאָ אין די ווייטע זיילענגענג פון סט. פעטער, דו ביזט איבערטראָפען! סטאבאט מאטער, דו ביזט דאָ אין דער וואסערוויסט פון פלאנדערן איבערטראָפען! א סצענע פון די ווייטסטע יאָהרהונדערטער פון גלויביגען מיטעלאלטער!

אַן אונפערגעסליך, אונבעשרייבליך בילד:

די וואהנזיניגע איז געוואָרען א סטאטוע פון מארמאָר, און אויף איהרע הענט ליגט דער געאָפפערטער קערפער פון דעם, וואָס האָט אָבגעגעבען זיין לעבען פאר זיין פאָטערלאנד.

ווילען און נאָר ווילען איז אויסגעדריקט אויף שוועסטער אירענא׳ס פערשטיינערטע צוגען, א גרויסקייט, וואָס אפילו די פערוויסטענדע מאכט פון וואהנזין איז ניט אימשטאנד צו ברעכען.

די פרוי מיט דעם געאָפפערטען קערפער אויף די הענט, די מוטער, די פרוי, די כלה, די געליעבטע, — דאָס אלץ אין איינער! און אָט די איינע איז פאר די אלע טויזענדער געוואָרען א גרויס און הערליך בילד אויף דער ערד פון פלאנדערן, וואָס ווערט פערזונקען און פערטרונקען פון איהר אייגענעם וואסער.

Stabat mater dolorosa,
Juxta crucem lacrimosa,
Dum pendebat filius!

און דער שטראָם וואקסט און וואקסט.

לאנג האָט שוין די בלייכע ווינטערזון דערגרייכט דעם זעניט, זי נייגט זיך שוין לאנגזאם צום אונטערגאנג, און די ערשטע שאָטענס פון נאכט קריכען שוין איבער דעם לאנד, וואָס איז געוואָרען א וויסט פון געלען וואסער.

און שוועסטער אירענא האלט אויס. זי האלט נאָך אלץ אויף די הויך אויפגעהויבענע הענט דעם קערפער פון זשאָזוא

— קומט ! קומט דאָך !

דער לאַזאַרעטגעהילף האָט אָנגענומען די שוועסטער מיט שטאַרקע הענט. ער האָט איצט בעשלאָסען אָנצואווענדען דאָס לעצטע און זי מיט געוואַלט ארויסצוציהען פון צימער. אָבער דער וואַהנזין, וואָס האָט זיך שוין ווידער העל צובראָכען, גיט דער שוועסטער איבערמענשליכע קרעפטען. זי איז אין דעם אויגענבליק שטאַרקער פון דעם שטאַרקסטען מאַן, זי איז אַ ריעזין.

— קומט דאָך, שוועסטער !

זיי ראַנגלען זיך אין דעם נעלען שטראָם. דער לאַזאַרעט־געהילף איז אין געפאַהר אומצופאַלען אויף דעם גליטשיג גע־וואָרענעם דיל, און ווען זי וועט איהם צוהאַלטען, קען ער נאָך דערטרונקען ווערען. דער ווילען צו לעבען, דער פייגער, מיזעראַבעלער ווילען צו לעבען נעמט זיעגען אין איהם.

— איך וועל איהם רעטען, לאָזט מיך, לאָזט מיך, איך וועל איהם רעטען ! — שרייט די שוועסטער.

— ער איז טויט, וואָס איז דאָ נאָך פאַראַן צו רעטען ?

— ער לעבט, ער לעבט, — יובעלט זי.

פּלוצלונג שלאָגט אַ וועל פון נעלען שטראָם אויס די שויבען און גיסט זיך אַריין אין צימער. פון דרויסען דער־הערט זיך אַ שטים : „מיר פאָהרען !"

שוועסטער אירענאַ צולאַכט זיך שאַרף און הויך.

דאָ לאָזט דער לאַזאַרעטגעהילף זי אָב, און ווי פון פוריען נעטריבען, שפּרינגט ער אַרויס, אום צו דערגרייכען דעם וואָגען, אום דורך די שטונדענווייטע וואַסערוויסט צו רעטען זיין לע־בען, אויב דאָס איז נאָך מעגליך, אויף דעם לעצטען וואָגען.

און שוועסטער אירענאַ בלייבט. זי נעמט אַרום מיט די הענט דעם קאַלטען קערפּער פון זשאָזואַ דע קרואַיז און ווייס ניט, אז דאָס איז אַ טויטער קערפּער. זי וויל איהם רעטען, און זי הויבט הויך אויף דעם פערקריפּעלטען קערפּער פון דעם מאַרטירער.

און דרויסען דורך די וואַסערוויסט געהען די פערד פון לעצטען וואָגען אַהן אַ וועג.

שוועסטער אירענאַ ווענדעט איהר בליק צום קרוציפיקס אויף דער וואַנט און האַלט דעם קערפּער פון זשאָזואַ דע קרואַיז הויך איבער'ן וואַסער. אזוי איז זי געבליבען שטעהן.

— ער טאָר ניט דערטרונקען ווערען, איך וועל ניט דער־לאָזען, — מורמלען איהרע ליפּען, און די אויגען, אין וועלכע

אירענא פאר דער האנט און וויל זי ארויספיהרען מיט געוואלט.
— לאזט מיך, בעריהרט מיך ניט, איך בין  ה י י ל י ג !
ווי א געשריי דערהערט דער לאזארעטגעהילף טאמאס די אונבעגרייפליכע ווערטער פון דער שוועסטער'ס מויל.
מיט שרעק קוקט ער אין איהר געזיכט. און דאן פערשטעהט ער. זי הויבט אויף צו איהם איהרע וואנדערענדע אויגען, און ער דערזעהט אין זיי וואהנזין.
דאס שרעקליכע, דאס אונבעגרייפליכע, וואס איז איבער די מענשליכע קרעפטען, האט איהר גערויבט איהר פערשטאנד.
זיי האבען אמאל אין גארניזאן געבראכט אין לאזארעט איינעם, מען האט איהם געמוזט בינדען הענט און פיס. ער האט אויך אזוי געקוקט.
אבער ער פרואווט נאכאמאל, מיט דער לעצטער אנשטרענגונג פון זיין ווילען:
— קומט, שוועסטער, אום גאטעס ווילען!
שוועסטער אירענא צולאכט זיך הויך און ווידערהאלט אין א טאן, וואס טאמאס האט נאך קיינמאל אין זיין לעבען ניט געהערט פון א מענשליכען מויל, זיינע ווערטער:
— אום גאטעס ווילען!
דער לאזארעטגעהילף ציטערט אויף פון שרעק. אבער ער וויל טהאן זיין פליכט, ער מוז דא ארויספרואווען אלע מיטלען. דעריבער נעמט ער זי ווידער אן פאר דער האנט און בעט:
— קומט דאך ענדליך מיט, שוועסטער אירענא!
דאס שטייגענדע וואסער רוישט. דער לאזארעטגעהילף און די שוועסטער שטעהען שוין ביז צו די קניה אין דעם געלען שטראם. און איין אויגענבליק ווייזט איהם ווירקליך אויס, ווי איהר פערשטאנד וואלט קלארער געווארען, ווי זי וואלט פערשטאנען דעם זין פון זיינע ווערטער, ווייל זי זאגט מיט א קלארער און דייטליכער שטים, אנווייזענדיג אויף דעם קאסטען:
— רעטעט איהם! רעטעט איהם!
טאמאס טרעט אב צוריק.
— וועמען רעטען, שוועסטער, וועמען?
— דעם פערוואונדעטען.
— ער איז דאך טויט, שוועסטער!
אויף איהם איז שוין ווידער געוועזן געווענדעט איהר וואנדערענדער, אונבעוואוסטזיניגער בליק.

אירענאַ ווייס ניט, צי דער, וואָס ליגט דאָ, לעבט נאָך, אָדער ער איז שוין טויט.

זי וואַגט ניט עפּעס צו טהאָן, אום זיך צו איבערצייגען. איהרע ליפּען ציטערען נאָך און מורמלען:

„מיין קערפּער, וואָס איז פאַר אייך אָװעקגעגעבען גע־וואָרען, מיין בלוט, וואָס איז פאַר אייך פערגאָסען געוואָרען!"

זי וואַרפט זיך איבער איהם און וויינט, און וויינט.

איהרע לאַנגע האָר צופּאַלען איבער דאָס טויטבלייכע גע־זיכט פון זשאָזואַ דע קרואיז, איבער דאָס געזיכט, וואָס איז בענעצט מיט איהרע טרערען. און איהר ווייזט אויס, ווי זי וואָלט געזאַלבט אָט דעם קאָפּ, ווי יענע — די פיס פון דעם ערלייזער מיט די טייערסטע געווירצען; איהר ווייזט אויס, ווי זי וואָלט איהם געגעבען דעם בעכער, ווי יענע ביים ברונעם אין שמרון, אָנגעפילט מיט דעם זאַלציגען וואַסער פון איהרע טרערען; ווי זי וואָלט, ווי מאַגדאַלענאַ, געטריקענט מיט איהרע האָר דאָס מיט בלוט און שוויים בערעקטע געזיכט פון זשאָזואַ דע קרואיז.

און זי האַלט דעם קאַלטען, פערקריפּעלטען און צושני־טענעם קערפּער אין איהרע ווייכע, שטאַרקע און וואַרימע אָרעמס און שטאַמעלט מיט ציטערענדע ליפּען:

„פאַר אייך געגעבען און פערגאָסען..."

## XII

דער לאַזאַרעטגעהילף טאָמאַס בעווייזט זיך אויפ'ן שוועל. זיין געזיכט איז בלייך און צוקרימט פון טויטאַנגסט. ער שרייט אויס:

— רעטעט אייך, שוועסטער אירענאַ!

קיין ענטפער קומט ניט. שוועסטער אירענאַ הערט איהם ניט.

— דאָס וואַסער שטעהט שוין איבער איין מעטער הויך אויפ'ן קאָם פון דער דינע, שוועסטער אירענאַ. דער לעצטער וואָגען פאָהרט איצט אָב.

קיין ענטפער קומט ניט. שוועסטער אירענאַ הערט איהם ניט.

דאַן בעשליסט ער אָנצוואַווענדען דעם לעצטען מיטעל. ער קוקט ניט אויף די גרויסע געפאַהר, אין וועלכער זיין אייגען לעבען שטעהט, לויפט אריין אין צימער, נעמט אָן שוועסטער

זיך אריינגעגאָסען אינגוועניג און דערנעהנטערט זיך שוין צום קאַסטען, וואו דער פערקריפּעלטער קערפּער פון זשאָזוא דע קרואיז ליגט. אין איין האַנט האַלט זי די האַנט פון דעם שטארבענדען דיכטער, מיט דער צווייטער האלט זי צו די מיט זיינע פּערזען בעדעקטע בלעטלעך, וואָס זי האָט געפונען אויף זיין ברוסט, און זי האָרכט און האָרכט.

ווי דער לעצטער זיפץ פון הערבסט געהט די שטים פון זשאָזוא דע קרואיז דורכ'ן צימער. קיינער הערט זי ניט, קיינער פערשטעהט זי ניט, נאָר דאָס אויער פון שוועסטער אירענאַ, וואָס ליגט נאָהנט צו זיינע ליפּען, פערנעמט זי. דאָס זיינען פּערזען און דאָך ניט קיין פּערזען. ווי דאָס קלינגען פון ווייטע, ווייטע גלאָקען פון אַ קירך, וואָס איז פערזונקען אין ים, דער־הערען זיך אָט די פערזען, אין וועלכע עס גיסט זיך צוזאמען פאַר שוועסטער אירענאַ דאָס שיקזאל פון בעלגיען און פון בעלגיען'ס דיכטער און אָפּפער.

אונטער דער ווירקונג פון אָט די קלאַנגען און בעגייס־טערטע ווערטער קוקט שוועסטער אירענאַ אויף דעם שטאַר־בענדען ווי אויף אַן ערשיינונג פון אנאנדער וועלט. פאַר איהר שטעהט אויף אלץ, וואָס זי האָט דורכגעלעבט, געזעהן און דורכגעטראַכט, און גיסט זיך צונויף מיט די נייע ענטפּלע־קונגען אין אָט דער שעה פון העכסטען שרעק און אונאויס־שפּרעכליכער זעליגקייט. זי ווייס מעהר ניט, צי זי זעהט, אָדער הערט, אָדער טרוימט, אָדער פיהלט, — דער פערקריי־פּעלטער קערפּער פון זשאָזוא דע קרואיז, וואָס האָט זיך אויפ־געאָפּפערט אויפ'ן אַלטאַר פון זיין פּאָטערלאנד, ווערט פאַר איהר אַ שעהנער און טראַגישער סימוואָל.

זי ווענדט איהר בליק צום שווארצען קרוציפיקס אויפ'ן וואנט, דאן ווידער צו איהם, און זי זעהט, ווי זיין קערפּער שטרעקט זיך אויס אין קאַסטען, ווי אין טויטקראַמף. איהר ווייזט זיך אויס, ווי ער וואָלט געניינט זיין קאָפּ:

„פּאָטער, אין דיינע הענט..."

און עס ציטערט אין איהר זעל:

„מיין קערפּער, וואָס איז פאַר אייך אוועקגעגעבען גע־וואָרען, מיין בלוט, וואָס איז פאַר אייך פערגאָסען געוואָרען!"

אָהן בעוואוסטזיין קוקט שוועסטער אירענאַ פאַר זיך מיט אַ שטאַרען בליק.

דאָס וואַסער שפּרייט זיך אלץ ברייטער און ברייטער אויפ'ן דיל, לעקט די ברעטער פון דעם קאָסטען, און שוועסטער

# XI

דאָס וואַסער שטייגט ארויף ביז צום קאָפּ פון דער רינע, אויף וועלכער דאָס לאַזאַרעט שטעהט. און ווען דאָס טונקעלע ליכט פון ווינטערדיגען פריהמאָרגען האָט אריינגעבליקט דורך די פענסטער, איז שוין דאָס וואַסער געווען איבער דער שוועל פון טיר.

ווילהעלמי איז נאָך ניט געקומען צוריק.

ערשט איצט בעמערקען די שוועסטער און די געהילפען די נאָהנטע און דראָהענדע געפאַהר. אין גרויס איילעניש נעמען זיי זיך צוזאַמענפּאַקען אַלץ און אריבערטראָגען די פערוואונדעטע אויפ'ן טראַנספּאָרט־וואָגען, וואָס געפינט זיך ביים לאַזאַרעט. אפשר וועט נאָך געלינגען צו געפינען אַ וועג דורך דעם רוישענדען שטראָם, אַ וועג צו פעסטען באָדען, וואו די אַנקומענדע וועלען פון אָקעאַן האָבען ניט קיין מאַכט.

די שוועסטער און געהילפען נעמען זיך צו דער שווערער ארביים. אַלע ארבייטען מיט איבערמענשליכער קראַפט. נאָר איינע זאָרגט וועגען קיין זאַך ניט: שוועסטער אירענאַ. אין אַ ווייטען ווינקעל פון לאַזאַרעט שטעהט זי אויף די קניה, איהר בליק געווענדט צום קרוציפיקס אויף דער וואַנט, און הערט זיך צו מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט צו די פיבער פאַנטאַזיען פון דעם שטאַרבענדען זשאָזוא דע קרואיז. זיין דעליריום האָט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, און קיין רעטונג איז פאַר איהם ניטאָ. דער דיכטער פון פלאַנדערן און בראַבאַנט שטאַרבט. אָבער זיינע ליפּען מורמלען עפּעס אין פיבער ווי אין דיטהיראַמבישען עקסטאַז. עס זעהט אויס, ווי זיין גאַנצע פּיהלען און דענקען וואָלט זיך געוואָלט נאָכאַמאָל אויסגיסען אין אָט די לעצטע ווערטער זיינע, און שוועסטער אירענאַ האָרכט און האָרכט. זי הערט ניט, וואָס ארום איהר טהוט זיך, ווי די טיר ווערט אַלע ווייל אויפגעריסען, און מען טראָגט ארויס די פערוואונדעטע און די פעלדבעטען צום טראַנס־פּאָרט וואָגען, וואָס שטעהט גרייט אין דרויסען.

שוועסטער אירענאַ הערט גאָרניט, וואָס ארום איהר טהוט זיך, זי זעהט אויך ניט דאָס שמוציג־געלע וואַסער, וואָס דער שאַרפער הערבסטווינט פון פלאַנדערן קרייזעלט און טרייבט. אַזוי אַז דאָס וואַסער קריכט אַלץ העכער און העכער אויף די בלעכענע ווענט פון לאַזאַרעט. זי זעהט ניט דעם צוערשט קליי־נעם, דאַן אַלץ גרעסער ווערענדען געלען שטראָם, וואָס האָט

די שוואכע מענשען האָבען געפּרואווט פערשטאָפּען דעם אָקעאַן און זיינע אונערשעפּליכע קוואלען.

קאָרן און האָלץ און ברעטער שווימען, די ריעזיגע אָרעמס פון דעם בעשיצער, דעם אָקעאַן, האָבען זיי ארויסגעשטויסען אויף די אויבערפלאַך פון דעם טונקעלגעלען וואסער, וועמעס ערשטע וועלען שלאָגען שוין איצט די אונגליקליכע סאָלדאטען אויף די ליפּען.

האָפּט איהר נאָך אלץ? איז דאָס נאָך דען ניט גענוג?

ד ע ר  אָ ק ע אַ ן  פ ו ן  פ ל א נ ד ע ר ן  א י ז  ד אָ ך  א י ב ע ר  א י י ך !

מען קען מעהר ניט שיסען, די ביקסען לאָזען זיך אראָב אין געלען שטראָם, נאָר די קעפּ אין קאסקען זעהען זיך ארויס פון וואסער.

פון יענער זייט הערט זיך שוין מעהר קיין איין שאָס ניט. און פון דער זייט פון פיינד אויך ניט! די גראָבענס זיינען לער. די מענגע פון די פערטיידיגער פון פלאנדערן שטראָמט צוריק. און דער פיינד אויך... ער זאמעלט זיך צונויף אין אָבטיילונגען, אין קאָלאָנען, די נאכט דעמערט איבער דער עבענע, וואָס קאָכט און רוישט!

די נרינע פלאך איז געוואָרען בעלעבט. די וועגען, פעל־דער און קאנאלען, וואסערלעך און וואסער שטעגעלעך זינקען אונטער איין איינציגער בעוועגליכער פלאך, וואָס ווערט בע־שיינט פון די ערשטע שטראהלען פון דער אויפגעהענדער לבנה

דאָס איז די הייליגע ערד פון פלאנדערן, וואָס האָט זיך אומגעקערט אין די מוטערליכע אָרעמס פון אמפיטריטא!

מען הויבט אָן אנטלויפען, אנטלויפען פון דעם וואסער. רעגימענטען נאָך רעגימענטען, קאָלאָנען נאָך קאָלאָנען לויפען איבער דעם רוישענדען שטראָם, וואָס גלאנצט אין לבנה שיין.

קיין וועג ניט, קיין שטעג, אזוי ווייט ווי דאָס אויג קען זעהן, נאָר דאָ און דאָרט הייזער און טורעמס, בוימער און ווינט־מיהלען זעהען זיך ארויס פון דעם טונקעלגעלען, פערפיהרע־רישען שטראָם, וואָס האָט פערדעקט אלע טייכען און קאנאלען. און דער אָקעאַן וועט קיינמאָל ניט ארויסגעבען, וואו די טייכען און קאנאלען זיינען, און זאָלען זיי פאנגען די אנטלויפענדע. און זאָל דער אָקעאַן זיי בעהאלטען אין זיין טיף!

זיי לויפען און לויפען. און דאָס וואסער פון אָקעאַן שטייגט.

זעלבען מען וועט מוזען דערטרונקען ווערען, ווי אַ משוגע געווארענער הונט, וואָס די מענשען האָבען אריינגעוואָרפען אין טייך.

פון מינוט צו מינוט וואקסען און שטייגען און מעהרען זיך די רווישענדע און ברומענדע וואסערען, און דער פיינד האָט נאָך אַלץ ניט קיין אהנונג וועגען דעם, פון וואַנען זיי קומען, ער ווייס נאָך ניט, אז דער אָקעאַן האָט זיך אויפגעעפענט און שטראָמט דורך די אָדערען פון פלאנדערן אום צו בעפרייען דאָס, וואָס ער ליעבט, וואָס געהערט איהם און וואָס ער וועט ניט אָבגעבען קיין פרעמדען...

אמת, אזא מעגליכקייט פלעגט ביים פיינד אמאָל געווים אויפשטעהן אין פאָרשטעלונג, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל ניט פערטראכט איבער דעם ערנסט, מען האָט דאָס געהאלטען פאר עפּעס פאבעלהאפטעס... און איצט — וואָס קען דאָס זיין?

די וואסערען שטייגען... זיי בעוואַשען שוין די ברוסט פון די, וואָס שטעהען אין די גראָבענס און שיסען, זיי לעקען שוין די הייס געוואָרענע ביקסען.

דער אטלאנטישער אָקעאַן, דער רעטער פון פלאנדערן, איז איבער אייך!

אָבער זיי גלויבען דאָס נאָך אַלץ ניט.

הינטער די גראָבענס איז געוואָרען לעבעדיג. ניט קוקענדיג אויף דעם האָגעל פון די פײַנדליכע קוילען, אין וועלכען הונדערטער און הונדערטער זיינען געפאלען, שלעפּען די סאָלדאטען אויף דעם בעפעהל פון זייערע אָפיצירען בינדלעך נאָך בינדלעך פון אונגעדראָשענעם קאָרן, וואָס האָט געזאָלט ווערען רייף אויף די פעלדער פון פלאנדערן, זיי שלעפּען האָלץ און ברעטער פון די אראָבגעריסענע הייזער און באראקען. זיי ברענגען אין די גראָבענס אַלץ, וואָס זיי קענען נאָר געפינען אין גענענד.

זיי גלויבען נאָך אַלץ, אז דאָס איז גרונדוואסער, זיי האָפען נאָך אַלץ טרוקען צו מאכען מיט אזעלכע מיטלען די גראָבענס, די קאמערען פון אונפערמיידליכען טויט.

און דער אטלאנטישער אָקעאַן קומט אָן, גערופען פון די פערצווייפעלטע! און זיי ווייסען דאָס ניט!

די וואסערען שטייגען און שטייגען, זיי שטעהען די סאָלדאטען שוין ביז צו די שולטערען, און וואָס מעהר זיי שטייגען, אַלץ מעהר קראַפּט בעקומען זיי. זיי הויבען אויף אין דער רעך דאָס אונגעדראָשענע קאָרן און די ברעטער, מיט וועלכע

פון דער טיף פון זיין הארצען אין די גראבענס, אנפילענדיג זיי אלץ העכער און העכער.

דארט לאָדט מען אָן און מען שיסט, מען שיסט און מען לאָדט אָן...

דאָס וואסער קומט שוין ביז צו די קניה, די הענט זיינען אייזקאלט און קענען שוין מעהר ניט האלטען די ביקסען, און די פיס זיינען ווי האָלץ, אָבער די מענשען ליידען גערולדיג און שיסען ווייטער.

מערקט דען דער פיינד נאָך אלץ גאָרניט?

און עס מורמעלט און קלאפט און רוישט אין דער טיף־געהיימניספולער ערד פון פאָטערלאנד.

א שלאנג, א שלאנג רינגעלט דאָס ארום דעם פיינד מיט איהר דינעם קאָפּ. זי וועט ארומנעמען זיין ריעזיגען קערפער אין טויטליכער אומארמונג, וועט צוברעכען זיינע ריפּען און ביינער, ווי די ריעזיגע באָא פון טראָפּישען לאנד, וואָס לאָזט זיך אראָב פון דער סיקאָמאָרא מיט דעם מיט בלעטער בעדעקטען שטאָם אויף דאָס גאָרניט פערדעכטיגענדע טיער אין דעם אלטען וואלד... קיינמאָל וועט זיך שוין דאָס טיער ניט ארויסרייסען פון איהר שרעקליכער, טויטליכער אומארמונג!

דאָס וואסער דערגרייכט שוין ביז צו די היפטען, די גראָבענס זיינען שוין האלב אָנגעפילט. מיט אלץ מעהר וואוט בענייט דער פיינד זיינע אָנגריפען. אָבער ענדליך שיינט ער אויך צו בעמערקען, אז דאָ קומט פאָר עפּעס, וואָס מען האָט ניט פאָראויסגעזעהן, עפּעס, וואָס איז אונבעגרייפליך.

צו קעלט און נאסקייט האָט מען זיך שוין צוגעוועהנט דורך די לאנגע, שרעקליכע וואָכען אין דער עבענע פון פלאַנדערן. אָבער איצט געשעהט עפּעס אנדערש. וואָס זאָל דאָס זיין? דאָס איז דאָך געוועזן מעהר ווי דער רעגען, וואָס איז געפאַלען אָהן אויפהער אין פערלויף פון ענדלאָזע טעג און נעכט, דאָס איז דאָך מעהר ווי דאָס וואסער פון גרונד, וואָס האָט געקענט ארויפשטייגען פון די דורכגעגראָבענע טיפען פון דעם פערפלוכטען לאנד, וואָס איז אזוי אויך בעשטאנען אויף א העלפט פון וואסער!

ניין, דאָס איז געוועזן מעהר, פיעל מעהר, דאָס איז גאָר געוועזן עפּעס אנדערש!

ארום די אָרעמס און היפטען רוישט דאָס העסליכע, טונקעלגעלבע וואסער, וואָס איז געמישט מיט ערד און ליים, אין

איז דאָס ניט געווען זי, די קאַלטע, שלויע, פלינקע, פער־פיהרערישע שלאנג, וואָס האָט זיך געריננעלט דורך די דורכ־געלעכערטע ערד און האָט אָנגעמערקט אונגעוועהנליכע, פאטא־לע וועגען צו בעפרייאונג, וואָס אפילו די וואהנזיניגע פאנטאזיע פון דעם פיינד האָט ניט געקענט פאָראויסזעהן.

די מענשען אין די גראָבענס רוקען זיך נאָהנטער צו איי־נער צום אנדערען, ווי עפּעס אַ געהיימע קראַפט וואָלט זיי געטריבען. איז דאָס אמת? אָדער נארען זיי זיך אָב? עס דוכט זיך זיי, אז זייערע פיס ווערען וואָס ווייטער אַלץ קעלטער, און אז דער באָדען נעמט אַלץ מעהר זינקען אונטער זיי, ווי דאָס לאנד וואָלט זיך אראָבגעלאָזען... אזוי ווי דאָס וואסער, אויף וועלכען זיי זיינען צוערשט געשטאנען נאָר מיט די זיילען, און דאַן מיט די גאנצע שטיוועל, דערגרייכט שוין איצט ביז איבער די קנעכלעך.

„עס קומט... עס קומט...“ האָט צוערשט איינער איינגע־רוימט זיין נאכבאר, דאַן צעהנדליגער, הונדערטער, טויזענדער, זיי אַלע האָבען דאָס בעמערקט און האָבען דאָס אין דער שטיל איבערגעגעבען זייערע קאַמעראדען.

ניט קוקענדיג אויף די געפאהר, וואָס שטעהט פאָר פון די פליהענדע פיינדליכע קוילען ביי יעדער אונפאָרזיכטיגער בעוועגונג, הויבען די מענשען הויך אויף די שטיוועל, צו ווייזען די קאמעראדען, ווי פאָלשטענדיג נאָס די פיס זיינען און בע־גריסען דערמיט די פערניכטונג, וואָס דער אָקעאַן ברענגט.

און דער פיינד שיסט אונאויפהערליך. ער שיינט נאָך נאָרניט צו בעמערקען דעם ריעזיגען געגנער, וואָס האָט זיך איצט קעגען איהם אויפגעשטעלט און וועט איהם זיכער און אונפערמיידליך פערטרינקען, און די פון דעם פיינד, וואָס וועלען קענען זיך ראַטעווען, וועט ער צווינגען אָבצוטרעטען פון דעם לעצ־טען שטיקעל פלאנדערן.

פערדעכטיגט דען דער פיינד נאָך גאָרניט?

דאָס וואסער קומט שוין ביז צו די קניה, די הענט זיינען פון שעה צו שעה, און דאַן שוין פון מינוט צו מינוט, מען קען דאָס שוין זעהן מיט די אויגען, און אַ שטורמיגע פרייד פילט אָן די הערצער פון די פערטיידיגער.

דאָס לאנד האָט זיך ענדליך אָנגעזעטיגט מיט די וואסערען פון דעם אָקעאַן, און איצט גיט עס ארויס אָט די וואסערען

און העכסטע דיענסט זיין נעשענדטען און בלוטענדען פאטער־לאנד?

דער אינפאנטעריע פייער הערט ניט אויף, די קאנאנען בליצען אויף פוןביידע זייטען, זיי שניידען דעם פיינד, רייי־ניגען אב די גראבענס פון די עראבערער. אבער ניט קוקענדיג אויף אלץ, האט דאך דער פיינד די איבערמאכט, און די בע־פרייענדע וואסערען קומען נאך אלץ ניט!

איז דאס נאר געוועזען א טרוים פון דער שעהנער, גאלדענער בעפרייאונג, און אילוזיאן, א לעצטער, פערפיהרערישער טרוים פון רעטונג וואס דער ארבייטער, וואס וויים אזוי גוט דאס לאנד און דעם אקעאן, האט אנגעוועהט אויף די אפיצירען פון גענעראלשטאב?

די סאלדאטען טהוען זייער פליכט און שיסען און שטעלען אונטער זייער ברוסט אין וועג פון די פיינדליכע קוילען. זיי זעהען, ווי זייערע רייהען ווערען אלץ שיטערער, אבער אין דער־זעלבער צייט לעגען זיי צו זייערע אויערען צו דער ברוסט פון זייער בלוטענדען פאטערלאנד און הערען זיך צו: צו דערנעהנ־טערט זיך שוין ניט דער גערויש פון די וואסערען, וואס דארפען אנקומען פון די געהיימניספולע טיפען און פערטרייבען און פערטרינקען דעם פיינד...

קומען זיי דען נאך אלץ ניט?

די פאנטאזיע פון די קעמפער טראגט זיי אריבער צום וועסטליכען ים ברעג, וואו די וועלען שלאגען אן די פעלזען און דינען, וואו ענגלאנד'ס שיפען, וואס ברענגען הילף, פאהרען אריבער דעם קאנאל און האבען זיך שוין דערנעהנטערט ביז צו דער ווייט פון א שאס צו אסטענדע און מידלקערקע, אום צו שיקען זייער טויטברענגענדען פייער אין פיינד, וואס האט שוין די צוויי ערטער אויך פערנומען.

נאר איין קליין שטיקעל פון זייער אויסגעמאטערטען פא־טערלאנד געהערט זיי, און איצט ווארטען די הונדערט און פופ־ציג טויזענד פערטיידיגער פון לאנד, אז דער אקעאן זאל אויך דאס קליין שטיקעל פערטרינקען.

אבער אט דערהערט זיך א זאנדערבארער גערויש פון דער געהיימניספולער טיף, ווי פון צונגען, וואס מורמלען און רעדען און זאגען צו רעטונג, רופען צו: „מיר קומען! מיר קומען! דער אלטער אקעאן, וואס איז אלעמאל געוועזען דיין פריינד, האט זיך אויפגעוועקט און פערטרינקט דיין פיינד!“

געוועהר און טראנספארטען, אומקומען וועט אלץ, וואס לעבט, פון דעם מענשען ביז דער מויז.

טעג און טעג וועט דאס דויערען, און מען וועט דארפעןווארטען און ווארטען, ביז דער אקעאן וועט ענדיגען די גרויסע ארבייט פון פערניכטונג און בעפרייאונג.

דאס איז געווען דער געהיימניספולער פלאן, וועלכען דער ארבייטער ביי די דאמען אויף די קאנאלען האט פערטרויט דעם בעלגישען גענעראלשטאב אין א טיפער נאכט, ווען די הערצער זיינען שוין געווען אנגעפילט מיט דער העכסטער פערצוויי- פלונג און לעצטען פיין.

און דאן איז אט דער איינפאכער מענש, דער רעטער אין דער מינוט פון העכסטער נויט, אוועק צוזאמען מיט אן אב- טיילונג פון פיאנירען און זייערע אפיצירען איבער די געפעהר- ליכסטע וועגען, אונטער דעם פייער פון די פיינדליכע קאנאנען, און זיינען דערגאנגען ביז צום ברעג, וואו דער ריעזיגער דאם איז געשטאנען, וואס מען האט אויפגעבויט אום זיך צו שיצען קעגען שטורמיגען ים, און וואס האט אבגעקאסט מיליאנען און מיליאנען. דא האבען זיי אין די שטונדען פון נאכט אויסגע- פיהרט די גרויסע ארבייט פון רעטונג.

דער ריעזיגער דאם איז געווען דורכגעלעכערט, און די וואסערען פון אטלאנטישען אקעאן האבען בעקומען א פרייען וועג.

דאן האבען זיך גענומען ציהען לאנגע, באנגע שטונדען פון ערווארטונג, שטונדען נאך שטונדען, א נאכט, א טאג און נאך א נאכט.

וועט דאס געלינגען? וועט ערפילט ווערען די פראפע- צייאונג פון דעם מענשען, וואס איז פון זיין יוגענד אן אזוי נאהנט צום לאנד און צום אקעאן? און ווען ער האט געהאט א טעות?

די נעגנער קעמפען פערביטערט, איין גראבען אנטקעגען אנדערען. דער קאמף האט זיך דא שוין אנגעהויבען מיט וואכען צוריק און ווערט אנגעהאלטען. דער באדען, דער לעצ- טער באדען פון בעלגיען, ווערט פערטיידיגט טריט נאך טריט און ווערט גענומען פון פיינד. ווידער קומט אן א נאכט, דאן ווידער אן אונענדליך לאנגער טאג. און די וואסערען פון אקעאן קומען נאך אלץ ניט!

קען דען זיין, אז נאך אלעמען האט ער דאך א טעות געהאט. דער מענש, וואס איז געקומען אנבאטען די לעצטע

האפטיגקייט. דער אָקעאַן וועט קומען, אָבער לאנגזאם! מען וועט איהם אָבער ניט קענען איינהאלטען. און ביז ער וועט ענדיגען זיין ארבייט, וועט מען מוזען זיין געדולדיג און ווארטען ביז צום לעצטען מאָן!

דאָס לאנד איז געוועזן אינגאנצען דורכגעגראָבען פון קאַנאַלען, קאנאַלכעלעך און וואסערלעך, צווישען די דינען און די בעגראָזטע פעלדער. שמאָלע פעדים, וועגען וועלכע קיין מענש האָט געוועהנליך ניט געקלערט, האָבען זיך געצויגען פון נאָרד צו זיד, פון וועסט צו אָסט. דאָס לאנד איז אינגאנצען געוועזן אָנגעזעטיגט מיט וואסער.

און אינגאנצען עטליכע שטונדען גאנג ווייט האָט דער אונגעהויערער אָקעאַן, וואָס האלט אין זיינע טיפען טויט און פערניכטונג, געקלאַפּט מיט זיינע וועלען אָן ברעג. איהם האָט מען דאָס געדארפט איצט ארויפוואַרפען אויף דאָס לאנד, אָבער ניט אין א פּלוצלונגען געוואלטיגען שטראָם, וואָס זאָל מיט אמאָל בעדעקען דאָס לאנד און דאָך איבערלאָזען פאַר די וואָס וויסען די מעגליכקייט צו אנטלויפען.

ניין, דאָס קען מען שוין איצט ניט טהאָן. אָבער אנדערש!

דורך די אָפענע וועגען דארף דער אָקעאַן לאנגזאם, אָבער אָהן אויפהער לעקען און לעקען דעם דורכגעאקערטען באָדען, לאנגזאם און אָהן אויפהער קריכען איבער איהם אין קליינע געשלענגעלטע טייכלעך, ביז ער וועט ניט דורכלעגען זיך א וועג, ביז דאָס וואסער וועט אָנפילען ביז צו די ברעגען די קאנאַלען, קאנאַלכעלעך און וואסערלעך, און די גאנצע ערד וועט ווערען דורכגעזאָפּט מיט וואסער, ווי א שוואָם, פון וועמעס פּאָרען וועלען זיך א לאָז טהאָן אונגווידערשטעהליכע אלץ פערניכטענדע שטראָמען, וואָס קענען אלץ פערטרינקען אויף זייער וועג.

ניט פון איין זיכטבארען קוואַל, נאָר פון דער ערד אליין, פון אלע איהרע פערטיפונגען דארף נעמען שטראָמען וואסער. דאָס וואסער וועט ארייננדרינגען אין די פיינדליכע טראנשעען און וועט אלץ שטייגען און שטייגען, ביז עס וועט זיי ניט אָנ־פילען, ביז צו דער ברוסט פון פיינד, ביז צו זיינע שולטערען... דאַן וועט דאָס אריבערפליסען זיי, וועט שטראָמען איבער זייערע ברעגען און פערפלייצען די גאנצע עבענע מיט די דינען, אזוי אז דאָס גאנצע לאנד וועט זיך פערוואנדלען אין א ים, אין וועלכען עס וועלען דערטרונקען ווערען פערד און רייטער,

# X

**עס איז געשעהן! פון איין גראָבען צום צווייטען געהט** דאָס וואָרט פון מויל צו אויער, פון איין סאָלדאט צום צווייטען, און מען בעגרייפט נאָך ניט דעם שרעקליכען זין פון דעם וואָרט. אָבער די געזיכטער פון די בעלגישע, פראַנצויזישע און ענגלישע קעמפּער לויכטען ביי דעם קלאַנג פון דעם וואָרט, ווי דאָס וואָלט אָנגעזאָגט די ערלייזונג און בעפרייאונג. עס איז געשעהן!

איין איינפאכער מענש פון פאָלק, וואָס איז פריהער געוועזן אַן ארבייטער אויף דעם פון ים בעוואשענעם ברעג פון פלאַנדערן און דאָן אַן אָנגעשטעלטער ביי די ארבייטען ארום די דאַמען אויף די קאנאלען, האָט איינגערוימט אָט די מעגליכקייט דעם בעלגישען גענעראל־שטאַב און האָט דערמיט אריינגעוואָרפען אַ שטראַהל פון לעצטער האָפנונג אין הערצער, וואָס זיינען שוין געווען אָנגעפילט מיט פערצווייפלונג.

עס איז געווען אַ מעגליכקייט דורכצוברעכען די דאַמען און לאָזען די וואַסערען פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן פערפלייצען די דינען און די גרינע עבענע פון פלאַנדערן, כאָטש עס זיינען שוין מעהר ניט געווען די מיטלען פון אַ קינסטליכער פערפלייצונג פון דעם לאַנד. אָבער איין מעגליכקייט אַזאַ איז נאָך געווען. מען האָט געקענט, מען האָט געדאַרפט, מען האָט געמוזט אין אַזאַ מינוט, אין דעם פאַטאַלען מאָמענט פּראָבירען אָט דעם עקסטרעמען מיטעל. קיינער האָט נאַטירליך ניט געקענט פאָראויסזאָגען גענוי דעם רעזולטאַט. אָבער די גאַנצע האָפנונג איז איצט געווען אויף אָט דעם לעצטען, פערצווייפעלטען שריט.

אין די פריהערדיגע יאָהרהונדערטער, ווען די פרייהייט פון נידערלאַנדען פלעגט געשטעלט ווערען אין געפאַהר דורך אַן אריינדרינגען פון פיינד פון נאָרד אָדער זיד, אָסט אָדער וועסט, פלעגט מען קענען עפענען די שלוזען און אריינלאָזען די וואַסערן פון אַטלאַנטישען אָקעאַן. און ווי אַ וואַסערפאַל פלעגט זיך דאַן דער פריינד פון פלאַנדערן און בראַבאַנט אריינרייסען אין לאַנד און נעמען עס אין זיינע בעשיצענדע, אונווידערשטעהליכע אָרעמס.

אָבער אַזאַ מעגליכקייט האָט שוין לאַנג געשיינט צו זיין פערשוואונדען צוליעב די ווערק אויף די ברעגען. און דאָך האָט מען איצט נאָך געפונען אַזאַ מיטעל, אָבער אָט דער לעצטער מיטעל האָט אויך געפאָדערט דעם לעצטען מוט און שטאַנד־

שטעהט די שטים, זי פערנעמט יעדעס ווארט פון די בלוט־לאָזע ליפּען. אויף א ווײַלע ווענדט זי איהר טרוקענעם, גלי־הענדען בליק פון דעם קריסטוסקאָפּ צום גרויסען שווארצען קרייץ אויף דער וואנט.

און איצט ווי דער אָוועגדווינט אין הערבסט, וואס טראָגט זיך איבער די דינען פון פלאנדערן און זינגט אינמיטען נאכט דאָס אין ים נעבבאָרענע ליעד פון פערזונקענער גרויסקייט, דער־טראָגען זיך צו שוועסטער אירענא׳ס אויערען, וואָס זיינען געשארפט אין שמיי־ען און טויטשרעק, די שטילע ווערטער פון זיינע מורמלענדע ליפּען:

ביזטו דאָס, אָ געטין, וואָס איז נאָך פאר מיין יוגענד ערשינען,
די, וואָס איך האָב אייביג געזוכט מיט הייסען וואונש?
דו האָסט די העלדען געקרוינט און די געטליבע זענדונג געטראָגען,
רוים האָט פאָר דיר זיך געבייגט, און אטהען, און איליאָן, און ספּאַרטאַ!
דיך האָב איך דערקענט אין דעם ווינט ביי די ברעגען פון פלאַנדערן,
ווען דער פריהלינג ברענגט אונז די שאַרפע לופט פון ים.
דיך האָב איך דערקענט אין די שטראַהלען, וואָס פאַלען ווי גאָלד,
ווען ס׳האָט דער אָוועגד דעם שוים ראָזיג און פורפּורן געמאָלט.
דיך האָב איך דערקענט אין דעם רוישען פון הערבסטיגען שטורעם
ווען ס׳האָט דער נעבעל דעם ים איינגעהילט אין אַ מאַנטעל אַ גרויען.
אין דעם געשריי פון דער מעווע אין ווינטער, אין רוישען פון ווינט,
אין דעם טאנץ פון די וועלען דערקענט האָב איך דיין שטים די שטאָלצע!
ביזטו דאָס, אָ געטין און פריינדין, געליעבטע, שוועסטער און מוטער,
די, וועמען מיין בענקענדע הארץ האָט אייביג געזוכט?

פערשטאָרבען ווערט די שטים פון זשאַזאָ דע קרואיז. אָבער זיינע הענט שטרעקען זיך אויס, ווי ער וואָלט געוואָלט ארומנעמען פלאַנדערן און זיין געטין...

און אין דעם פיבער, וואס האָט פערדונקעלט זיין בע־וואוסטזיין, נעמען זיינע הענט ארום שוועסטער אירענא, וואָס האָט זיך איינגעבויגען איבער איהם.

זי ציטערט אויף ביי דער אומארמונג, אָבער זי פיהלט ניט אין זיך די קרעפטען זיך אָבצוקערען.

און איידער זיין קאָפּ איז ווידער געפאלען בעוואוסטלאָז אויפ׳ן קישען, מורמלען זיינע ליפּען:

— יע, דאָס ביזטו, דאָס ביזט!

דו האָסט געלעהן מיינע שפּיעלען, אַ פריינד געווען אין מיינע זאָרגען !
וואָלט איך נאָר זינגען געקענט, ווי אַמאָל ווערגיל און האָמערוס,
וואָלט איך בעזונגען אין גאָלדענע טענער איליאָן'ס פאַלען !
אָבער איך בין צו שוואַך, צו קליין איז די מאַכט פון מיין ליעד,
בלוט רינט מיר פון הארצען, נאָר מיינע ליפּען שווייגען.
דאָך, אַ שטאָלצע לאַנד פון די עלטערען, אַלץ ביזטו מיר,
ביזט מיין געליעבטע און פרוי, מיין מוטער און שוועסטער,
מיין גליק !
זאָל איך דאָס וואַגען, אָ געטער ? פון אַלע ליעדער אַ ליעד
זינגען וועל איך דאן, ווי די ערהאבענע איז געפאלען.

שוועסטער אירענא האָט זיך פערגעסען און האָט נעלעזען די לעצטע שורות מיט אַ הויכער שטים און מיט א ווילדען צאָרן אין איינגענעם הארצען. און פּלוצלונג האָט איהר אויס־נעוויזען, ווי דער פערוואונדעטער וואָלט זיך גערירט.

ווירקליך, ער פיהרט מיט דער האנט איבער די דעק, וואָס זי האָט פערשפּרייט איבער זיין בעט, אזוי ווי דער ריטם פון זיינע איינענע פערזען וואָלט איהם געבראכט צוריק צום לעבען.

— איהר לעבט, איהר האָט ערוואכט ? — ווי א שווער אונטערדריקטער יובעלגעשריי האָבען זיך די ווערטער ארויס־נעריסען פון שוועסטער אירענאַ'ס ליפּען.

דער פערוואונדעטער קוקט אויף איהר. זיין שטארער בליק איז נעווענדט אויף איהר, ווי אויף א נעשפּענסט. ער ווייס ניט און פיהלט ניט, וואו ער געפינט זיך, און וואָס אײ־נענטליך מיט איהם איז געשעהן.

די צוויי פאָר אויגען פערזינקען א ווײלע איינע אין די צווייטע, די פיבערגליהענדע אויגען פון דער שוועסטער און די אויגען פון דעם דיכטער, וואָס זיינען פערטיפט אין עפּעס, וואָס איז שוין זעהר ווייט פון דער ערד...

— ווייטער, ווייטער, — שטאמעלט דאן זשאָזוא דע סרואיז.

שוועסטער אירענא האָט דוכט זיך פערשטאנען זיין פער־לאנג. יערענפאלס קערט זי ווידער איהר בליק צו די בלעט־לעך, וואָס זיין האנט האָט פערשריבען און וואָס ליגען ביי איהר אין שויס. אָבער זי קען ניט לעזען... זי קען ניט.

אָבער דאָ האָט זיין שטים צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען דערגרייכט איהר אויער.

די שטים איז אזוי שוואך, עהנליך צו דעם הויך פון אַ שטילען פריהלינגס ווינט... אָבער שוועסטער אירענא פער־

בליק פון שוועסטער אירענא, וואָס ו.אַלט די נאַכטוואַך צו־זאַמען מיט דעם געהילף טאָמאַס.

איהרע ברייט אויפגעריסענע אויגען, וואָס גלאַנצען אין גלוט פון פיבער, קוקען אויף דעם קריסטוסקאָפּ פון זשאַזוא דע קרואיז, פאר וועמעס בעט זי האָט זיך געזעצט. איהר בליק קערט זיך דאַן אָב צום קרוציפיקס אויף דער וואַנט, דאַן פאַלט ער אראָב צום פעקעל פאפירען, וואָס זי האָט געפונען ביי דעם פערוואונדעטען. זי האָט דאָס איצט אין טיפער נאַכט ארויס־גענומען פון קאַסטען. זי בינדט אויף דאָס פעקעל און לעזט שורה נאָך שורה, זייט נאָך זייט, און זי דערקענט אין זיי זשאַזוא דע קרואיז, דעם פרעמדען פון שלאַכטפעלד, וועמען זי האָט היינט געזעהן צום ערשטען מאָל. ער איז איהר איצט אזוי נאָהנט.

נאָהנט איז ער איהר געווען דורך די אלע יאָהרען פון איהר פערגאַנגענעם לעבען, ווען זי האָט געטאַפּט אין דער פינסטער, ווי א נאַכטוואַנדלערין, און האָט ניט געקענט גע־פינען דעם וועג, ביז דער פערראַט פון דעם, וואָס איז געווען איהר מאַן, איבער איהר פריינד האָט זי געבראַכט צוערשט אין די וואוינונג פון פראָפעסאָר ווילהעלמי, דאַן אויף די שלאַכטפעלדער פון פלאַנדערן און ענדליך צום קראַנקענבעט פון דעם גרויסען מאַרטירער און דיכטער.

וואָס האָט זי דאָ געלעזען? וואָס איז דאָס געווען?

## דער שוואַנענגעזאַנג פון בעלגיען
(אַ העלדענליעד)

דאָס איז געווען אויפגעשריבען איבער די העקזאַמעטערען, וואָס האָבען דערמאָנט אָן איליאַס און האָבען בעדעקט די לייזע בלעטלעך פון זשאַזוא דע קרואיז, דעם יונגען דיכטער, וואָס האָט פאר זיין פאָלק געטראָגען פאָראויס די פאָהן פון פרייהייט.

שוועסטער אירענא האָט געלעזען:

זיי מיר געגריסט, מיין לאַנד, בעשפּיעלט פון די גאָלדענע וועלען,
ווען פעבוס פיהרט צו דעם שטערן פון אָוענד דעם זונענגעשפּאַן.
לאַנד פון די עלטערען, דו לאַנד פון פרייהייט, וויעג פון קונסטען,
פעסטונג פון פלייס און פון מיה, אונפערגלייכליך אין טהאַט!
וואָלט איך נאָר זאָגען געקענט, וואָס דו ביזט פאר מיר, וואָלט איך געזאָגט.

אָבער איך שטאַמעל נאָר, הויב איך פאר דיר אויף מיין שווערד!
ביזט מיין לאַנד, האָסט מיר ערצויגען מיין פאָטער און מוטער,

— הערר פּראָפעסאָר ווילהעלמי!

— הערר שטאַבארצט?

— א היזיכער אָפיציר מוז ווערען אָפּעריערט, א זעהר שווערע אויפגאבע, מען האָט דאָס נאָר געקענט אָנפערטרויען איך, דעם בעריהמטען כירורג. מען דאַרף ארויסנעמען א קויל פון בויך. מען האָט מורא, אז דער דארם וועט דורכ־געלעכערט ווערען, און דאָס וועט פיהרען צו אן ענטציגדונג פון בויכפעל.

— איך קום באלד!

— אן אויטאָמאָביל שטעהט פאר דער טיר, הערר פּראָ־פעסאָר. זייער עקסעלענץ ליגען אין מוידערהופּה, אין א שול־הויז, וואָס מען האָט פערוואנדעלט אין א לאזארעט.

— שוין, הערר שטאבארצט!

— ניין, איך מוז אייך גלייך מיטנעמען, הערר פּראָ־פעסאָר!

— איך קום!

און אזוי ווי ער איז, אין דעם בלוטיגען קיטעל, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט דעם לעבענסזאַפט פון זשאָזואַ דע קרואיז און אנדערע, שפּרינגט ווילהעלמי אריין אין גרייטען אויטאָ־מאָביל און פליהט אין מוידערהופּה.

דרויסען איז לאנגזאם אָנגעקומען דער אָוענד. די זון, וואָס האָט בעשיינט דאָס גאנצע אונבעשרייבליכע עלענד, איז אונטערגעגאנגען אין די וועלען פון ים הינטער די דינען, און די שווארצע נאכט האָט גענומען קריכען איבער די גרינע עבענע פון פלאנדערן. און ווייט, הינטער איפּר, האָט זיך ווידער דערהערט דאָס דונערען פון די טויטבריגנענדע קאנאָנען.

אין דעם לאזארעט ברענט איצט ליכט, א שוואך, אָרים ליכט פון א פּאָר אויל־לאָמפּען און ליכטלעך. דער ציטערענ־דער שיין ווארפט גראָטעסקע שאָטענס אויף די בעטען און אליז, וואָס שטעהט אויפ'ן דיל, אויף די ווענט, און מאכט ענדלאָז לאנג די באלקען פון דעם קרוציפיקס, וואָס הענגט אויף דער מיטעלסטער וואנט.

דאָ איז שווער צו אָטעמען, די לופט איז אָנגעפילט מיט קארבאָל, יאָדאָפאָרם און עטהער.

א שרעקליכע מיעדקייט איז בעפאלען די אלע, וואָס ליגען דאָ. נאָר פון צייט צו צייט הערט זיך א שטילער קרעכץ. שלאָף און טויט גנב'ענען זיך מיט קוים הערבארע טריט דורכ'ן צימער פון בעט צו בעט, און בלייבען אונבעמערקט פון דעם

אלע אין צימער האָבען אויפגעציטערט. די פערוואונ־דעטע האָבען אויף א ווײַלע פערגעסען זייערע אייגענע שמער־צען, זיי האָבען אויפגעהערט וויינען און שרייען און האָבען אָבגעווענדט די בליקען פון ווילהעלמי. אפילו די נערווענ־שטארקסטע שוועסטער און געהילפען האָבען אייננעהאלטען דעם אָטעם און געקוקט אָן א זייט.

עס הערט זיך דער קלאנג פון ווילהעלמי'ס זעג דורך דעם לעבעדיגען ביין.

און זשאַזוא דע קרואיז ריהרט זיך ניט.

„א דאנק גאָט", לויפט דורך אירענא'ס קאָפּ, „א דאנק גאָט!"

מיט אייזערנער ענערגיע האלט איהר האנט דאָס שטי־פוס, וואָס ווערט אָבגעזעגט, אָבער איהר בליק זוכט אויף דער וואנט דעם ערלייזער'ס קרייץ, און איהרע ליפען מורמלען אין אן אָנפאל פון אינערליכער פערצווייפלונג דאָס פאַרלעצטע וואָרט פון דעם געקרייציגטען:

„גאָט, מיין גאָט, פארוואָס האסטו מיך פערלאָזען?"

די זעג קרעכצט, פערענדיגענדיג איהר ארבייט. א קלאַ־רער, שארפער קלאנג דערהערט זיך.

ווילהעלמי האָט אָבגעזעגט דעם ביין נאָך אלע רעגלען פון דער קונסט... שוין דעזינפיצירט ער די וואונדפלאַך, און שוועסטער עריקא האלט שוין אָנגעגרייט גאז צום פערבינדען. נאָך אין עטליכע מינוטען איז ווילהעלמי פארטיג.

— איצט דעם רעכטען פוס, — ווענדט ער זיך צו שוועסטער אירענא.

און שוועסטער אירענא, קוים האלטענדיג זיך אויף די פיס, געפינט אין זיך קרעפטען אויסצושטעהן די שווערע אר־בייט צום צווייטען מאָל. אלע אין אָפּעראציאָנסזאל האלטען ווידער איין דעם אָטעם, און די פערוואונדעטע פערגעסען צו־ליעב דעם שיקזאל פון זשאַזוא דע קרואיז זייערע אייגענע אונגליקען.

נאָך א האלבער שעה איז ווילהעלמי פארטיג.

שוועסטער אירענא, מיט דער הילף פון א דיענער, לעגט אוועק דעם קערפּער אָהן פיס אין א קאסטען, אין ווינקעל, וואָס איז זעהר ענליך צו אן אָרון, וואָס איז אָבער אינווענינג אויס־געבעט מיט קישענס. קיין אנדער בעט איז ניט געווען, אלע זיינען שוין לאנג געוועזן פערנומען.

א שטאבארצט קומט אריין.

דער ראָק, די הויזען און די מיט בלוט דורכגעזאַפּטע וועש זיינען איצט געלעגען אויפ'ן דיל.

— קאָנטראָלירט איצט דעם פּולס, שוועסטער עריקא!

אָהן גערויש איז שוועסטער עריקא צוגעגאַנגען צום אָפּע־ראַציאָנסטיש און האָט אָנגענומען זשאָזואַ דע קרואיז'ס רעכטע האַנט צווישען די פינגער.

— איך געפין מעהר ניט קיין פּולס, הערר פּראָפעסאָר.

— איהר מוזט געפינען, שוועסטער!

דאָס איז געווען אַלין, וואָס ווילהעלמי האָט געזאָגט. ווייטער איז שוין זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געווען קאָנ־צענטרירט אויף די ארבייט צו פערבינדען די בלוטאָדערען, אויף וויפיעל דאָס איז געווען מעגליך ביי דער שרעקליכער פערוואונדונג.

די גראַנאַט האָט דעם אונגליקליכען אָבגעריסעןביידע פיס ווייט העכער פון די קניע. מען מוז אראָבנעמען די בלו־טענדע שטיקער פיס, אָבזעגען די צוויי ביינער, דאַן מוז מען די וואַינדפלאַכען דעזינפיצירען און פערבינדען. צו די שטי־קער פיס זיינען צוגעקלעפּט שטיקלעך קליידער, שמוץ, שטויב, בלוט און פּולווער.

שוועסטער אירענאַ איז קוים אימשטאַנד געווען צו קוקען אויף די שרעקליכע שטיקער פון מענשליכע פיס. אָבער זי מאַכט די לעצטע אָנשטרענגונגען צו בלייבען פעסט, נאָכדעם ווי זי האָט בעהאַלטען די פּאַפּירען אין א קאַסטען אין קאַנטאָר און האָט זיך אומגעקערט צום אָפּעראַציאָנסטיש.

ווילהעלמי נעמט זיין מעסער. מיט ראַשע שניטען שניידט ער אָב די מוסקולען און אָדערען. און דער פערוואונדעטער ריהרט זיך ניט, אַזוי טיף איז די אָהנמאַכט, וואָס דער שרעק־ליכער, אָבער איצט נויטינער בלוטפערלוסט האָט פעראורזאַכט.

ווילהעלמי שאָקעלט דעם קאָפּ.

„דאָס איז אינגאַנצען איבריג, ער וועט ניט לעבען", לעזט שוועסטער אירענאַ אין זיינע אויגען.

אָבער אַזוי בעטענד איז געווען שוועסטער אירענאַ'ס בליק, געווענדט צו איהם, אז ער האָט גענומען זיין זעג.

— האַלט, שוועסטער אירענאַ, צוערשט דעם לינקען פוס!

און מיט איבערמענשליכער אָנשטרענגונג האַלט שוועס־טער אירענאַ דעם לינקען פוס פון דעם זשאָזואַ דע קרואיז, וואָס איז איהר נאָך נעכטען געווען א ווילדפרעמדער, און פאַר וועמעס לעבען פון א קריפּעל זי בעט איצט און האָט אַזוי מורא.

טער דעם אינדיער׳ס שולטער און אויף דעם איבערגעבליבענעם שטיקעל האנט.

ענדליך שטעהט ווילהעלמי פאר זשאַזוא דע קרואיז.

ער זוכט דעם פולס און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— איך האָב מורא, שוועסטער...

— איך בעט אייך... איך בעט אייך זעהר, הערר פּראָפעסאָר!

— וועט איהר מיר אליין העלפען, שוועסטער אירענא?

— יע, איך וועל העלפען, הערר פּראָפעסאָר!

— דאָן לעגט דעם פערוואונדעטען אויף דעם אָפּעראַציאָנס־טיש, — זאָגט ווילהעלמי צום דיענער.

צוויי דיענער נעמען אָן דעם בעלגיער.

— פּאָרזיכטיג, פּאָרזיכטיג, דאָס הארץ שלאָגט קוים!.... פּאָרזיכטיג, פּאָרזיכטיג... איך וועל מוזען אמפּוטירען ביידע פּיס... איך וועל פּרואווען!

IX

— נעמט אראָב דעם פערוואונדעטען׳ס קליידער!

טאָמאַס, וואָס איז געבליבען העלפען ביי דער אָפּעראַציאָן, האָט ארויסגענומען זיין מעסער פון קעשענע און האָט אויפגעשניטען זשאַזוא דע קרואיז׳ס הויזען ביי די פּיס. דער פערוואונדעטער איז געלעגען אויף דעם אָפּעראַציאָנסטיש ווי א טויטער. שוועסטער אירענא האָט מיט ציטערענדע פינגער געעפענט זיין ראָק מיט דעם צייכען פון לייטענאנט. זיינע קליידער און וועש זיינען געווען איין קלעפּיגע שטיק שטאָף אנגעזאָפּט מיט בלוט.

אָבער שוועסטער אירענא איז געבליבען פעסט. ווען זי דערפיהלט, אז איהרע קרעפטען נעמען זיך איהר אויס, אז איהר קאָפּ שווינדעלט, און זי וועט באלד אומפאלען, הויבט זי אויף איהר בליק צום קרוציפיקס, וואָס הענגט קעגענאיבער איהר אויף דער מיטעלסטער וואנט פון לאזארעט.

— בעהאלט פּאָרזיכטיג דעם פערוואונדעטען׳ס פּאַפּירען, שוועסטער אירענא, — פערנעמט זי ווי פון דערווייטען ווילהעלמי׳ס שטים.

און מעכאניש נעמט אָן איהר האנט א קליין פּעקעל שריפטען, וואָס איז געלעגען פּאָרזיכטיג ארומגעבונדען אין דער אינוועניגסטער קעשענע פון דעם פערוואונדעטען׳ס ראָק.

ווי דער געשריי פון א דערשטאָכענעם אָקס, טראָגט זיך דער געשריי פון דעם פערוואונדעטען איבער'ן צימער. ווילהעלמי ציטערט ניט, שוועסטער עריקא צוזאמען מיט צוויי שטארקע דיענער, ווענען די ניט גיט הערקולישע קרעפטען, האלטען פעסט דעם פערוואונדעטען אויפ'ן טיש.

שוועסטער אירענא האָט מורא, אז זי וועט פערלירען איהר בעוואוסטזיין. אָבער זי שטרענגט אָן איהר לעצטע ווילענס־קראפט, און אין צוואנציג שרעקליכע מינוטען, וואָס האָבען זיך געצויגען, ווי אַן אייביגקייט, ענדיגט ווילהעלמי'ס מעסער זיין ארבייט.

שוועסטער אירענא האָט אָבגעווענדט איהר בליק פון אָפּע־ראציאָנסטיש. דער פערבאנד איז פארטיג. ווילהעלמי געהט צו איהר צו מיט דער פראגע:

און וועמען האָט איהר מיר געבראכט, שוועסטער אירענא?

זי נעמט איהם אָן ביי דער האנט און פיהרט איהם צו דעם אינדיער און דעם יונגען בעלגישען אָפיציר.

— נעמט דעם אינדיער, קראנקענוואַרטער, — ענטשיידט ווילהעלמי.

— און... און... — נאָר דאָס קליינע וואָרט קען שוועסטער אירענא ארויסברענגען.

— איך וועל זעהן, — ענטשיידט דער אָפּעראטאָר, — אָבער מיר דוכט....

ער שטעהט שוין ווידער ביים אפעראציאָנסטיש און טיילט אָב די רעשטען פון מוסקעלען אין אָדערען, וואָס זיינען איבערגעבליבען ביי דעם אינדיער אונטער די שולטערן.

ביי שוועסטער אירענא ציטערט דער גאנצער קערפּער.

דער פּראָפעסאָר האָט געוויס בעשלאָסען, אז דער צושטאנד פון דעם אנדערען איז האָפנונגסלאָז, ווען ער בעשעפטיגט זיך צוערשט מיט דעם אינדיער.

זי בעהערשט זיך און געהט צו צום אָפּעראציאָנסטיש, און ווערענד ער נעהט, זאָגט זי איהם זעהר שטיל:

— איך בעט אייך, הערר פּראָפעסאָר... איך בעט אייך! רעטעט יענעם, דעם אנדערען!

— איך וועל זעהן, שוועסטער אירענא, אָבער מיר דוכט...

— רעטעט איהם!

— איך וועל זעהן.

זי האָט זיך געמוזט צופרידענשטעלען מיט דעם ענטפער און ווארטען, ביז ער האָט פערנעהט די שרעקליכע וואונד אונ־

גאנצען פול מיט בלוט און פינגער און הענט און פיס, וואס דער פראפעסאר האט שוין אין צעהנדליגער אמפוטירט.

— ווייטער! דער נעקסטער! ווייטער! דער נעקסטער!
— רופט ער אונערמידליך אויס.

דער צימער מיט די פערוואונדעטע און דעם אפעראציאנס־טיש דרעהט זיך פאר שוועסטער אירענא׳ס אויגען אין א קרייז. אין א קרייז דרעהט זיך אויף דאס גרויסע שווארצע קרוציפיקס, וואס איהרע קאטוילישע קאלעגינען פון אאכען, די ארימע „מיידלעך פון יעזוס קריסטוס“, ווי זיי רופען זיך, האבען אויפ־געהאנגען אויף דער מיטעלסטער וואנט פון צימער. איהר דוכט זיך, אז די גרויסע הייסע טרערען פון דעם ערלייזער פאלען אראב אויף דעם מיט בלוט בעדעקטען דיל פון צימער, וואו פראפעסאר ווילהעלמי טהוט זיין שווערע ארבייט.

— דער נעקסטער! — דאן נאכאמאל: — דער נעקסטער!
— און ווידער: — דער נעקסטער! — אזוי ציהט זיך דאס שטונדען און שטונדען לאנג, אהן א סוף!

ווילהעלמי האט איצט אונטער דעם מעסער א בלוטיונגען אינגעל פון א יאהר זיעבעצעהן. ער איז אנטלאפען אין געהיים פון פאטער און מוטער און האט זיך געשטעלט באר א פריי־ווילינגען. ער האט בעשלאסען צו געהן, און ער האט ניט גערוהט און קיינעם ניט געלאזען צורוה, ביז מען האט איהם ענדליך אנ־גענומען. ער איז נאך געווען א ק י נ ד! ער איז דער איינ־ציגער זוהן פון פערמעגליכע, אבער בעשיידענע עלטערען, א שילער פון פארלעצטען קלאס פון גימנאזיום, איז ער פון שול־באנק גלייך געקומען אויפ׳ן שלאכטפעלד. ער וויינט פאר שמער־צען אויפ׳ן טיש, נאך איידער ווילהעלמי האט איהם בעריהרט מיט דעם מעסער, און דער פראפעסאר מוז ארויסציהען שטי־קערווייז די צוברעקעלטע ביינער!

א שאס האט איהם אינגאנצען צושמעטערט זיין לינקע שליסעלביין. דא איז ניטא קיין אויסוואהל. שטיקלעכווייז, איין טייל נאך דעם אנדערען, מוז דער פראפעסאר ארויסנעמען די ביינער. צוערשט מוז ער זיי זוכען מיט דער זאנד, דאן אנגעמען מיט׳ן צוואנג און דאן אויסשניידען מיט׳ן מעסער. און דאס כלאראפארם איז אויסגעגאנגען!

ווילהעלמי געפינט ניט קיין ווארט צו טרייסטען, פערשעה־מען אדער אויפמונטערען דעם פערוואונדעטען. שוויינענדיג טהוט ער זיין שרעקליכע ארבייט... שניידען, שניידען... אויף דעם לעבעדיגען, צוקענדען, פיהלענדען לייב...

„נאָר פעסט זיין, פעסט ביז צום סוף“, — רופט זי שטי־ צו זיך אליין.

— שוועסטער עריקאַ, דאָס כלאָראָפאָרם, — דערהערט זיך ווילהעלמי׳ס קלאָרע, דייטליכע שטים.

און מיט שרעק פערנעמט שוועסטער אירענאַ דעם ענטפער פון איהר קאָלעגין:

— דאָס כלאָראָפאָרם איז אויסגעגאנגען, הערר פראָפעסאָר.

זי דערמאָנט זיך באַלד די ווערטער פון ווארנונג, וואָס ער האָט איהר דאַן געזאָגט, און זי שוידערט אויף.

„עס קען טרעפען, אז איך וועל מוזען אפערירען אָהן נאר־ קאָטיקאָן, וועט איהר דאַן אויך זיין שטארק, גנעדיגע פרוי?“ און זי האָט געענטפערט: „איך וועל זיין שטארק, הערר פראָ־ פעסאָר!“

וועט זי איצט האַלטען איהר וואָרט? דאָ, פאר דעם אפעראציאָנסטיש מיט דעם פערקריפעלטען קערפער פון זשאָזוא רע קרואיז?

זי קוקט אויף דעם פראָפעסאָר ווען די דיענער מיט די געהילפען לאדען אויס די פערוואונדעטע, און די געשרייען פון לאזארעט, פון די בעטען, פון די שטוהלען, פון דעם דיל פילען אָן איהרע אויערען, געשרייען, געוויין, קרעכצען, פלוכען און נעבעט, א ברילען, ווי פון די מיילער פון ווילד געוואָרענע טיערען, קלאנגען, וואָס צורייסען די נערווען. מען רופט דעם טויט, דעם לעצטען ערלייזער פון אלע ליידען פון גיהנם, וואָס די קריעגסערקלערונג האָט געבראַכט אויף די קולטורוועלט פון איירפאָפא און איבער די ערד.

איהר בליק וואַנדערט איבער דעם אָפעראציאָנסצימער... א ים פון עלענד און טרערען, זי בליקט איצט אין די טיף פון אָט דעם ים. און אינמיטען פון אָט דעם ים שטעהט ווילהעלמי, א פעלז, אָן וועלכען די וועלען אַרום שטויסען זיך אָן... ער וואַ־ קעלט ניט, ציטערט ניט, רעגט זיך ניט אויף. ער טהוט נאָר זיין ארבייט, אין דער צייט ווען די דיענער און די שוועסטער לעגען איינעם נאָך דעם אנדערען אויף דעם אָפעראציאָנסטיש.

טראָפענס שווייס שטעהען אויף ווילהעלמי׳ס שטערן. ער האָט זיך ארויפגעצויגען די אַרבעל פון זיין קיטעל, און זיינע הענט זיינען אינגאנצען בערעקט מיט בלוט. ביי זיין זייט שטעהט א געמעס מיט אַן אכטעפטישער לעזונג, וואָס איז שוין איי־

זיין לאנד און פאלק, ווי קיין אנדערער אין דער אמאליגער ריי־כער עבענע פון פלאנדערן! ווען דו וואלסט דאס געוואוסט, וואלסטו אויך בעזונגען אט דעם אינדיער, וועגען וועלכען מען זאגט, אז דאס האבזיכטיגע ענגלאנד האט איהם פעראורטיילט צו טויט און פערניכטונג!

אבער שטום זיינען דיינע ליפען, זשאזוא דע קרואיז, דיין בעוואוסטזיין איז פערדעקט מיט דעם שווארצען פארהאנג פון טויט, פון וועלכען דו וועסט אפשר נאכאמאל ערוואכען, ווען ווילהעלמי וועט בעשליסען, אז ער קען דיר נאך העלפען. אין שוועסטער אירענא לעבט די איין האפנונג, און זי לעגט צונויף איהרע הענט ווי אין געבעט, ווען איהר בליק קערט זיך ווידער אב פון דעם אינדיער און פאלט אויף דאס בלייכע געזיכט פון דעם קריסטוסקאפ, וועמעס טרעגער איז א דיכטער, וואס איז פאר שוועסטער אירענא אינגאנצען אונבעקאנט.

דער טראנספארט וואגען נעמט זיך בעוועגען. לאנגזאם פאהרט ער איבער דעם שאסע און שטייגט ענדליך ארויף צום קאם פון דער דינע. דא ווארט פראפעסאר ווילהעלמי אויף די, וועמען זיינע געשיקטע הענט זאלען רעטען. אבער זיינע הענט זיינען שוין פערנומען. דער וואגען מיט זשאזוא דע קרואיז און דעם אינדיער און די אנדערע איז ניט דער ערשטער און וועט ניט זיין דער לעצטער. אלע בליקען זיינען געווענדט מיט געבעט אויף דעם פראפעסאר. ער ווייס, אז נאך הונדערטער און הונ־דערטער ארעמס וועלען זיך צו איהם אויסשטרעקען נאך הילף, אויב זיי וועלען איבערהויפט זיך קענען אויסשטרעקען, ארעמס פון הונדערטער און הונדערטער יונגע, קרעפטיגע מענשען, וואס זיינען נאך נעכטען געווען געזונד און וואס זיינען איצט גע־ווארען קריפעלס אין דעם קריעג, דעם „גויטווענדיגען", דעם „אונפערמיידליכען".

דער טראנספארט וואגען שטעלט זיך אב ביים ארייגאנג אין לאזארעט צוויי קראנקענווארטער מיט ווייסע בינטען אויף די ארעמס טרעטען ארויס און העלפען ביים אויסלאדען. די טיר אין אפעראציאנסצימער שטעהט איצט אפען.

שוועסטער אירענא'ס אויג בעמערקט באלד דעם פראפע־סאר אין ווייסען קיטעל, וואס איז אינגאנצען אויסגעשמירט אין בלוט. מיט דעם מעסער אין האנט, איז דער גרויסער געלעהר־טער און אפעראטאר איצט זעהר ענליך צו א קצב, וואס איז פערנומען מיט זיין ארבייט. זי שרעקט זיך פאר איהם און פאר זיך אליין.

עס איז ניט געווען קיין אונטערשיד צווישען איין שווער פער־וואונדעטען און אנאנדערען, האט זי אנגעקוקט ערשטוינט.

אבער ער איז אויך פלוצלונג געבליבען שטעהן, געריהרט פון דעם אונבעשרייבליכען שמערצליכען בילד, וואס דער יונגער בעלגיער אין דער אוניפארם מיט דעם צייכען פון לייטענאנט האט פארגעשטעלט. אויך אין איהם האט זיך פלוצלונג אויפ־געהויבען דאס זאנדערבארע געפיהל, אז דער, וואס רוהט דא, קען ניט זיין קיין איינפאכער שטערבליכער אין געוועהנליכען זין פון ווארט, אז ער קען ניט זיין נאר איינער פון די הונדערטער און הונדערטער נעמען און נומערען, וואס בעדעקען אזא שלאכט־פעלד, ער מוז זיין עפעס א גאר אונגעוועהנליכער מענש.

מיט דער הילף פון שוועסטער אירענא הויבט אויף דער לאזארעטגעהילף דעם אלץ נאך עוואוסטלאיען זשאזוא דע קרואיז אין וואגען, וואס איז שוין איבערפילט מיט שטארבענדע און פערוואונדעטע. זיי אלע דארף מען אבפיהרען אין לאזארעט אויף דעם קאם פון דער דינע, און פראפעסאר ווילהעלמי מוז דאן ענטשיידען, צי מען סען זיי נאך העלפען, צי ניט.

און זיי האבען אוועקגעלעגט זשאזוא דע קריאיז אין וואגען לעבען אן אינדיער, וועמעס ווייסע קלייד איז געווען אינגאנצען אין בלוט. א שאס פון א שראפנעל האט דעם אונגליקליכען אבגעריסען די רעכטע האנט אונטער דעם שולטער, ער האט ניט פערלארען דאס בעוואוסטזיין. פון א פאר שרעקליכע אויגען, וואס זיינען שוין פון שמערץ און לײדען געווארען ווי גלעזערנע, שטארט דער זוהן פון די טהאלען פון הימאלאיא, וועמען ענג־לאנד'ס וועלטמאכט האט געבראכט אהער אין די עבענע פון פלאנדערן, אין איין פונקט אין ווינקעל פון וואגען. אבער זיינע ליפען לאזען ניט ארויס קיין קלאנג, ווייל דאס געזעץ פון ווישנו דעם אייביגען פערבאט דעם אינדיער ארויסצואווייזען מיט וואס עס איז זיינע לײדען.

מיט שרעק קוקט שוועסטער אירענא אויף דעם ברוינעם יונג. זי ווייס ניט, ווי אבצושאצען זיין גייסטיגען ווערט. זי האלט איהם פאר א האלב־ווילדען, ווי די טורקאס, די ספאהים און די גורקאס, פון וועלכע מען האט זיך אין פערלויף פון דעם קריעג אנגעדערצעהלט אזעלכע שרעקען. און דאך איז אט דער אינדיער א גאנץ אנדערער.

ווען דו וואלסט נאר געוואוסט, זשאזוא דינקרואיז, לעבען וועמען דו ליגסט, דו, יונגער דיכטער פון בעלגיען'ס שעהנהייט און פרייהייט, וואס האט בעזונגען אין סאנעטען און טערצינען

דער נאָמען פאר איהר אזוי איינגעאָרטיג בעקאַנט, כמעט ווי עפּעס אן אייגענער. אזוי פערשיעדען פון אלע אנדערע נעמען! אלע נעמען, וואָס זי האָט ביזהער געלעזען אָדער געהערט! זשאָזוא, זשאָזוא... און צו אָט דעם זעלטענעם פאַרנאָמען נאָך דער פאמיליענאָמען דע קרואיז!

זשאָזוא, דאָס איז דאָך ישוע, די אלטע פאָרם פאר יעזוס! און דע קרואיז הייסט דאָך, אויב זי האָט נאָר ניט קיין טעות, פון קרייץ!

זי האָט נאָך ניט געהאַט קיין אהנונג וועגען דעם, אז זי האָט דאָס איבערגעלעזען איינעם פון די בעריהמטסטע נעמען פון גאַנץ בעלגיען, אז דער מענש, וואָס גויטיגט זיך איצט אין איהר הילף, איז אין גייסטיגער בעציהונג געוועזען די שעהנ־סטע האָפנונג פון זיין איצט צוטראָטענעם, געשענדעטען פא־טערלאנד.

ווייל זשאָזוא דע קרואיז איז דער פיהרער פון א יונגער שול פון דיכטער, וואָס האָבען בעזונגען אין סאָנעטען און מערצינען די אונפערגלייכליכע שעהנקייט פון בראבאנט און פלאנדערן. ער האָט אומגעביטען די לירא אויף א שווערד און איז געגאַנגען פאָראויס אנטקעגען נויט און געפאהר און טויט מיט דער פאָהן אין האַנט, ווען די פרעמדע זיינען אָנגעקומען פון זיד און האָבען זיך ארייגעריסען אין זיין לאנד, ער האָט פריהער בעזונגען די שעהנקייט פון זיין פאטערלאנד און האָט איצט פערגאָסען פאר דעם לאנד זיין בלוט.

ד אָ ס   א י ז   ז ש אָ ז ו א   ד ע   ק ר ו א י ז,   ד ע ר   ד י כ ט ע ר.

— זאָל איך אייך העלפען שוועסטער אירענא? — האָט זיך דערהערט הינטער איהר א שטים.

דאָס איז דער לאזארעטגעהילף טאָמאַס. ער איז אראָב־געשפרונגען פון דעם טראַנספּאָרט וואָגען פון רויטען קרייץ. פון וואָגען האָבען זיך געהערט די געשרייען און דאָס וויינען פון די פערוואונדעטע און שטארבענדע.

— יע, העלפט מיר, טאָמאַס, אָבער פאָרזיכטיג, פאָר־זיכטיג... דער אונגליקליכער איז בעוואוסטלאָז, און איך וויים אפילו ניט, צו מען קען איהם שוין גאָר העלפען.

אין א טיף שמערצליכען טאָן קומען די ווערטער ארויס פון שוועסטער אירענא׳ס ליפּען. דער לאזארעטגעהילף, וואָס איז שוין געוועזען געוועהנט צו אזוי פיעל שרעקען, פאר ועמען

„דער קאָפּ מיט דער דערנערקרוין פון גווידאָ רעני!"

זי ליגט אויף די קניע פאר דעם פערוואונדעטען. זי האָט שוין מעהר ניט קיין אויגען און קיין אויערען פאר די אנדערע, וואָס ליגען דאָ ארום אין די צעהנדליגער און הונדערטער און בעטען, מען זאָל זיי העלפען. נאָר דער איינער, דער אונגעוועהנליכער מענש מיט דעם קאָפּ פון קריסטוס צווישען אזוי פיעל בלוט און טויטע קערפּער, האלט צוגעשמידט צו זיך אלע איהרע געדאנקען און געפיהלען.

„משיח אויף דעם שלאכטפעלד פון פלאנדערן".

דער קערפּער פון דעם פערוואונדעטען איז געווען אָנגעלעהנט אויף עפּעס א נידריגען צאם, אין שוין פון העלביין ער האָט ווארשיינליך געזוכט צו בעהאלטען זיך פון דער פליענדער טויטברענגענדער גראנאט. דאָ הינטער די בושען איז אויך שוועסטער אירענא לאנג געווען פערבאָרגען, זי האָט לאנג, לאנג געקוקט אין דאָס טויטבלייכע געזיכט, וואָס איז איהר ביז איצט געווען פאָלשטענדיג פרעמד. זי האָט איבער דעם איינעם פערגעסען דאָס שלאכטפעלד פון פלאנדערן און אלע אנדערע שלאכטפעלדער און אלע שרעקען פון די פערגאנגענע טעג.

ענדליך האָט זי זיך דערמאָנט אָן איהר פליכט פון א קראנקענשוועסטער. זי עפענט איהר טאש מיט די מעדיקאמענטען, וואָס זי טראָגט מיט זיך, און פרואווט ברענגען דעם פערוואונדעטען צום בעוואוסטזיין. זי האלט דעם פלאקאָן מיט שארפען עטהער אונטער זיין נאָז, אָבער ער ריהרט זיך ניט. קען דען זיין, אז ער איז דאָך טויט, ניט קוקענדיג אויף אלע צייכענס, וואָס ווייזען, אז ער לעבט נאָך? אום זיין ברוסט זאָל קענען פרייער אָטעמען, עפענט זי איהם זיין מונדיר. פון דער אינוועניגסטער קעשענע פאלט ארויס א קליין פאָרטפעל, און שוועסטער אירענא עפענט דאָס, און ניט אָבגעבענדיג זיך וועגען דעם קיין רעכנונג, לעזט זי אויף א קליינער קארטע:

זשאָזוא דע קרואיז

דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע.

אזוי שטעהט אויף דער קארטע:

זשאָזוא דע קרואיז

זי ציטערט אויף. נאָך קיינמאָל אין איהר לעבען האָט זי ניט געהערט אזא אונגעוועהנליכען נאָמען. און דאָך קלינגט אָט

דאָס דונערען די קאַנאָנען פון יענער זייט, די זאַלפּען שנייי־דען די קאַלאָנען פון די אנטלויפּענדע, ניטאָ קיין רעטונג!

א קנויל פון בלוטענדע, צוקענדע מענשליכע קערפּער זיינען איצט די געוועזענע שטאָלצע און מעכטיגע רעגימענטען, וואָס לויפען איצט צוריק איבער די גרינע עבענע.

דער שטורם פון דעם איזער־איבערגאַנג איז צום זעקסטען מאָל ניט געלונגען. דער בעפאָהלענער שטורם! ניט געלונגען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די בליהונג פון דייטשלאַנד׳ס יוגענד האָט זיך דאָ אויפגעאָפּפּערט מיט געזאַנג.

— וויקטואַר, וויקטואַר! ראַ־טאַ־ראַ־טאַ... ראַ־טאַ־ראַ־טאַ...

די קאַנאָנען דונערען הינטער די אנטלויפענדע!

דער קאַנאַל איז איבערפילט מיט טויטע קערפּער פון די נעפאַלענע און דערטרונקענע. ער פליסט אריבער זיינע ביידע ברעגען, א בלוטיג רויטער. ער ווארפט ארויס הויפענס קערפּער אויף די גרינע עבענע פון פלאַנדערן.

— וויקטואַר!

## VIII

די אַמבולאַנסען לויפען איבער דאָס שלאַכטפעלד, וואָס איז בעדעקט מיט טויטע און פערוואונדעטע. שוועסטער אירענע בויגט זיך איין איבער א בעוואוסטלאָזען. דאָס איז א יונגערמאַן קוים פינף און צוואנציג יאָהר אלט, ער טראָגט די בעלגישע אוניפאָרם מיט דעם צייכען פון לייטענאַנט. איהר האַרץ בלוטעט ביי דעם שוידערליכען בילד. א גראַנאַט, וואָס האָט זיך געמוזט אויפרייסען ערגעץ לעבען איהם, האָט איהם אָבגעריסען ביידע פיס. צום גליק, שפּירט ער דאָס נאָך ניט. ער רוהט, די אויגען צוגעמאַכט ווי אין טיפען שלאָף, און די שטראַהלען פון דער פערגעהענדער זון שפּילען אויף זיין קלאַסיש שעהנעם געזיכט. דאָס געזיכט איז טויטבלייך, קיין שפּור פון פארב איז ניט געבליבען אויף די באַקען, די ווייסליכע ליפען זיינען פעסט צוזאַמענגעשלאָסען, זיינע האָר און באָרד זיינען שוין ניט געשאָרען געוואָרען זייט וואָכען, אפשר זייט מאָנאַטען. זיינע לאַנגע טונקעלברוינע לאָקען פאַלען איהם אראָב ביז צו די שולטערן. דאָס קרויזע האָר, וואָס בעדעקט דאָס געזיכט, ניט דעם קאָפּ יענעם זאָנדערבאַרען אויסדרוק, וואָס האָט פון דעם ערשטען אויגענבליק אָן צוגעשמידט צו זיך שוועסטער אירענא׳ס אויפמערקזאַמקייט. ווי א בליץ לויפט דורך איהר קאָפּ מיט אַמאָל דער געדאַנק:

ציהען זיך צו די ברעגען, פערוואונדעטע קרעכצען און שרייען און רופען נאָך הילף, אזוי ווי דאָ קען נאָך זיין אַ האָפנונג אויף הילף!

באַיאָנעטען און קאָלבען אין די הענט פון פאנאטיזירטע, — דאָס איז דער איינציגער ענטפער. זיי ווילען מאָרדען אין נאָמען פון מאָרד, קענען ניט האָבען קיין אנדער געדאנק, ווי נאָר דעם איין געדאנק, — צו מאָרדען!

ווי נאָר עס בעווייזט זיך אַ קאָפּ איבער דעם ראנד פון ברעג, וואָס זאָגט צו רעטונג, ווערט אָט דער איין בלוטיגער געדאנק באַלד אויסגעפיהרט. אַ מעסער אין די ברוסט פון דעם מיטמענ־שען, וואָס דערשווימט צום ברעג, מיט די קאָלבען איבער די קעפּ פון די, וואָס דערהויבען זיך נאָכאמאָל איבער דעם שמוציגען וואסער. אַ שרעקליכער קאמף אויף'ן ברעג, אַ נאָך שרעקליכערער איבער'ן וואסער, מאַן קעגען מאַן, ברוסט קעגען ברוסט!

מיט קאָלבען און באַיאָנעטען!

נעשפּאָלטענע קעפּ, צוהאקטע שולטערען, דורכגעבויערטע רוקענס און בריסט.... געהירן אויף די קאָלבען... צוקענדע, בלוטענדע, לעבעדיגע געהירן פון מענשען, וואָס איז אַמאָל גע־ווען אָנגעפילט מיט געדאנקען און פּלענער פון העלדענמוט, פּאטריאָטישער בעגייסטערונג, ליעבע, טרייהייט און גוטסקייט, אָבער אויך מיט האַס און ראַכע און פיינדשאפט! צוקענדע, בלו־טענדע, לעבעדיגע געהירן פון מענשען הענגט איצט אויף די קאָלבען אין העסליכע, שמוציגע שטיקער!

אַ שטראָם פון בלוט, אַ פּורפּור־רויטער איז איצט דער גאַנ־צער קאנאַל... און די אנדערע שפּארען נאָך, רעגימענט נאָך רעגימענט, צו נעמען מיט שטורם דעם איבערגאנג איבער'ן אי־זער, לאָזענדיג הינטער זיך דעם ברענענדען איפּר.

— וויקטואר, וויקטואר!

— צוריק, צוריק!

דאָס שרעקליכע וואָרט האט זיך צוערשט ארויסגעריסען פון איין מויל, דאן פון צעהנדלינער, הונדערטער, טויזענדער!

דער מענשענשטראָם האָט זיך מיט אַמאָל אַ וואַרף געטאָן צוריק פון טייך... צוריק, צוריק... וואָס ווייטער פון טייך... איבער די טויטע קערפּער פון קאמעראדען, איבער די פערוואונ־דעטע, וואָס רופען אומזיסט נאָך רעטונג, איבער די טויטע קער־פּער פון פערד, איבער בערגלעך און הויפענס ערד... צוריק, נאָר צוריק!

וויקטואר, וויקטואר! ראַ־טאַ־ראַ־טאַ... ראַ־טאַ־ראַ־טאַ...

הונדערטער זיינען שוין אויפ׳ן בריק, און נאָך און נאָך הונדערטער קומען אָן.

— הורא, הורא, הורא!

— ראַ־טאַ־ראַ־טאַ... ראַ־טאַ־ראַ־טאַ...

ווידער די אייזערנע שטים פון יענעם ברעג.

וואהנזין, צומישונגג, פערצווייפלונג!

הייסט דאָס האָט מען דאָך זיי ניט געצוואונגען צו ווערען אנגשוויגען! מען האָט זיי דאָך ניט ערשעפּט!....

— ראַ־טאַ־ראַ־טאַ... ראַ־טאַ־ראַ־טאַ...

און עס שניידט און שניידט אהן אויפהער אויף׳ן בריק.

עס דרעהען זיך פערוואונדעטע פערד פון אפיצירען צווישען די צוקענדע קערפּער פון סאָלדאטען, און איבער זיי אלעמען וועהט די צושאָסענע פאָהן פון דעם ערשטען פון די אָנגרייפענדע רעגימענטען!

— פאָרווערטס, פאָרווערטס!

וואָס איז דאָס? פאַלט איין דער הימעל? טרייסעלט זיך די ערד? האָט זיך דער פארהאנג פון טעמפּעל צוריסען אויף שטיקער פון אויבען ביז אונטען? האָבען זיך געעפענט די קברים? וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס אזוינס? א יובלגעשריי פון טויזענדער און טויזענדער שטימען פון דער אנדערער זייט פון קאַנאַל. דער שלויער פלאַן איז געלונגען. עס האָט אָבגעגליקט. די בריק, וואָס איז געווען אונטערמינירט זייט וואָכען, די איינציגע, וואָס זיי האָבען געלאָזען שטעהן, איז אויפגעריסען געוואָרען. א ריעזיגער וואלקען פון געלבליכען דאמף און רויך פון דעם דינאמיט איבער דעם שטראָם פערדעקט אלץ ארום... די אנדערע, וואָס ווייסען נאָך גאָרניט, וואָס דאָ קומט פאָר, שפּארען זיך פאָרווערטס, צום בריק, און פאַלען טויזענדערווייז אין וואסער. טויזענדער ראנגלען זיך אונטען מיט דעם קאַלטען שטראָם, דער אונבעשרייבליכער שרעק פאר׳ן טויט מאכט די טויזענדער טויט־מיעדע צוריק לעבעדיג.

און ווידער דערהערט זיך דאָס דונערען פון די קאַנאָנען, וואָס זיינען געווענדט אויף די אָנקומענדע. זיי שניידען און שניידען ווידער אונערמיעדליך און אָהן ערבארמונג... רייהען און קאָלאָנען שניידען זיי.

— וויקטואר! וויקטואר! — דערהערט זיך פון דעם אנדערען ברעג פון טויזענדער שטימען. — וויקטואר! וויקטואר!

און אונטען וואַרפען זיך אויסגעמאַטערטע קערפּער, הענט

שטורמט פאָרווערטס, ווי א וואהנזיניגע. נאָר דאָ און דאָרט אָן איינצעלנער שאָס! וואָס איז דאָס? איז זיי אפשר אויסגעגאנגען די אמוניציאָן? פאַרוואָס שיסען זיי מעהר ניט? איז שוין דער זיעג אונזערער? אויף, אויף און מארש, מארש!

די צושאָסענע פאהנען פלאטערען פאר זיי אין דעם ווי[illegible]... אָט איז די בריק, די בריק... דאָס וואסער, דאָס וואסער... ווער דערגרייכט איצט דער ערשטער דעם אנדערען ברעג? ווער וועט דאָרט צוערשט קעמפען מיט דעם פיינד? מאן קעגען מאַן, ברוסט קעגען ברוסט, דאָס שרעקליכע, געשליפענע באַיאָנעט אויף׳ן ביקס! ווער, ווער?

— אויף, אויף און מארש, מארש!

ווי געטריבען פון טייוועל, בעדעקט מיט שמוץ און קויט, גארניט עהנליך צו מענשען, לויפען זיי טויטמיעדע... פאָרווערטס, פארווערטס!

עהרע, עהרע! דאָס וואהנזיניגע וואָרט טרייבט זיי איצט נאָך שטארקער, ווי דער הייזעריגער רוף פון דעם מענשען מיט די מיט בלוט פערלאָפענע אויגען, וואָס האַלט דעם טויטברענגענדען רעוואלווער אין זיין צוזאמענגעדריקטער האַנט.

און פאראויס פלאטערט די פאהן.

די פיינדליכע קאנאָנען שווייגען, און זייער טיפע רוה ווירקט ווי צורופענד און ערמונטערענד:

— פאָרווערטס, איהר העלדען, נאָר פארווערטס!

און ווייטער לויפען זיי און פאלען אום איבער די טויטע קערפער פון זייערע קאמעראַדען און איבער די הויפענס ערד, וואָס זיינען דאָ צוואוואָרפען אומעטום, וואָס דער פיינד האָט דאָ אנגעשאָטען, ווען ער האָט אויפגעוואָרפען זיינע פערלאָזענע טראַנשעען.

אָט איז שוין דער קאנאל און די בריק!

— מיט גאָט, פאר קעניג און פאטערלאנד!

— מיט גאָט, מיט גאָט!

— הורא, הורא, הורא! — דונערען הונדערטער און טויזענדער שטימען. די ערשטע קאָמפאַניע האָט דערגרייכט די בריק, די אנדערע פאלגען איהר נאָך. הורא, דער איזער־איבערגאנג, דער בעפאהלענער, וואָס זיי האָבען געמוזט נעמען אונטער אלע אומשטענדען, ער איז זייערער!

הונדערטער און הונדערטער זיינען שוין אויף׳ן בריק! אין איינינגע מינוטען איז די בריק שווארץ פון זיי, ווי פון א הויפען קליינע אינזעקטען...

— הורא, הורא, הורא! — דונערט אין דער לופט.

לען ווי די ווילדע טיערען, די מערזער פון יענער זייט פון קאנאל און פון הינטער די דינען. ווי פויגלען, וואָס דער שטורמווינט טרייבט פון ים, ווי א האָגעל אין פריהלינג פלאטערען און קלאַפּען די שאָסען דורך די לופט איבער די פארווערטס לויפענדע.

— אויף צום שטורם, מארש, מארש!

— הורא, הורא, הורא!

די וואהנזיניגע זינגען, א שרעקליכער כאָר פון טויט, א פורכטבארער פינאל פון די פעראורטיילטע:

די וואך ביים רהיין!

— ליעב פאטערלאנד, מעגסט רוהיג זיין!

זיי שטורמען דעם איזער קאנאל! צום זעקסטען מאָל קעגען מויערען פון אייזען, קעגען גראנאטען, וואָס צורייסען קערפּער אויף שטיקלעך, שטורמען זיי!

— זיך לעגען! זיך לעגען!

נאָר דריי פיערטעל פון די, וואָס זיינען ארויס אין אנגריף, פאלגען דעם בעפעהל.

ווי א וואָלקען פון היישעריקען, וואָס טראָגען זיך איבער א וויסט, פאלען זיי אהן קרעפּטען אויף'ן גראָז. מען הערט נאָר א פּייפען און כריפּען פון ברוסטען, וואָס קענען קוים אָטעמען. זיי ליגען מיט דער לאַסט אויף די רוקענס, וואָס טהוען אזוי שטארק וועה, מיט דעם ביקס אין האנט, מיט דער שייד פון דעם זייטגעווער צווישען די פיס, וואס שטערט זעהר אין לויפען.

זיי ליגען און אטעמען שווער, צווישען מויטע, פערוואונדעטע, וועמעס שרעקליכע געשרייען פילען אָן די לופט, זיי ליגען, וואו דער בעפעהל האָט זיי צופעליג געטראָפען.

און ווידער: אויף, אויף, מארש, מארש! — פון די הייזעריגע העלזער פון זייערע פיינינגער, וואָס שיינען גאר צו זיין אונערמיעדליך.

— אויף, אויף און מארש, מארש!

—רא־טא־רא־ טא... רא־טא־רא־טא...

טראָמפּיטען, פּויקען, א שיסעריי פון ביקסען... פאָרווערטס. פאָרווערטס, צום וואסער, אלץ נאָהנטער צום וואסער!

— דיבטונג פון בריק! אויף, אויף און מארש, מארש!

און ווירקליך, א בריק, איין בריק, וואָס דער פיינד האָט נעלאָזען שטעהן, ווען ער איז אין איילעניש אנטלאָפען פון זיי, די אונבעזיעגבארע! מען האָט די בריק גאנצע טעג און וואָכען בעאָבאַכטעט... אויף, אויף און מארש, מארש!

א מינוט שווייגען די פיינדליכע קאנאָנען. די שיצענליניע

דיר מיט דער הייזעריגער שטים פאַלט, ער שטאַרבט, האַלטענ־דיג נאָך אין דער האַנט דעם געצויגענעם רעוואָלווער. אויך דער מאַן מיט דעם אייזערנעם קרייץ פאַלט, ער ליגט איצט, א נומער צווישען אַנדערע נומערען אין א הויפען טויטע.

און אַנאַנדערער שרייט שוין אַנשטאַט איהם:

— אויף צום שטורם, מאַרש, מאַרש!

— הוראַ, מיט גאָט, פאַר קעניג און פאַטערלאַנד!

— מיט גאָט, מיט גאָט! — שרייען הונדערטער און הונ־דערטער שטימען.

און ווי א שפּאָט קלינגט אָב אין לופט דאָס עכאָ: „מיט גאָט, מיט גאָט!“

אָבער דאָס דונערען פון די קאַנאָנען, פון וועלכען די ערד טרייסעלט זיך, פערשלינגט די געשרייען: „מיט גאָט!“

און דער טויט שניידט און שניידט אין די רייהען פון די אָנ־גרייפענדע. דער שניטער מיט דעם פליישלאָזען שאַרבען און די ביינינע הענט שניידט און שניידט. צעהנדליגער, הונדערטער, טויזענדער צולעגט ער אין דעם זאַמד. ער שניידט, זיין פריש־געשליפענע ווערקצייג אין דער מעכטיגער האַנט. ער שניידט אלץ, שניידט, שניידט...

— זיך לעגען, זיך לעגען!

ווי אַן ערלעזונג פאַר עטליכע סעקונדען דערטראָגט זיך דאָס איינציגע וואָרט, ווערט איבערגעגעבען פון מויל צו מויל דורך די רייהען פון די אָנגרייפער. און די לעבעדיגע פאַלען, ווי די מוקען אין הערבסט, אויף די הויפענס טויטע, אויף די לייכען פון זייערע אייגענע ברידער.

די פיינדליכע קאַנאָנען שווייגען א מינוט. זיי שפּאָרען זייער אַמוניציאָן, ביז דאָס שרעקליכע „אויף צום שטורם, מאַרש, מאַרש!“ און דאָס וואַהנזיניגע לויפען צו די וואַסערען פון קאַנאַל וועט זיך ניט אָנהויבען אויף'ס ניי. ביז דאַן שווייגען זיי.

די קאַנאָנען פון פיינד שטעהען אין אויסגעצייכענטער דעק־קונג, אין שוץ פון די דינען, און דער קליינער שפּיגעל, וואָס בע־וועגט זיך אויף דעם רוקען פון לאַפּעט, גיט איבער דעם בעאָב־אַכטענדען אָפיציר יעדע ווענדונג פון די לויפענדע.

— אויף צום שטורם, מאַרש, מאַרש!

ווידער לויפען הינטער זיי און יאָגען זיי מענשען מיט גע־צויגענע רעוואָלווערען.

— ראַ־טאַ־ראַ־טאַ... ראַ־טאַ־ראַ־טאַ...

קאַרטעטשען, גראַנאַטען, שראַפּנעלען... די מערזער בר־־

פלאנדערן וואָלט זיך אליין פריינדליך אראָבגעלאָזען צו בערע־
קען דאָס בלוטענדע לאנד.

## VII

— **אויף** צום שטורם! מארש, מארש! — דערהערט זיך די שטים פון א קאפיטאן, איינעם פון הונדערט, וואָס האָבען נאָר־וואָס אָבגעגעבען דעמזעלבען בעפעהל אין דער גאנצער לענג פון איזער. — אויף צום שטורם! מארש, מארש!

זיינע אויגען ווייט ארויסגעטראָטען פון די לעבער, אויף זיין ברוסט גלאנצט דער אייזערנער קרייץ, וואָס ער האָט בעקומען מיט א פּאָר וואָכען צוריק. ער שווינגט זיין סאבעל אין דער רעכ־טער האנט, און אין דער לינקער האלט ער פעסט א רעוואָלווער. אויף צום שטורם! מארש, מארש! דער איבערגאנג איבער'ן איזער מוז נאָכאמאָל פערזוכט ווערען! זעקס רעגימענטען האָט מען א רוק געטאָן אין שטורמאָנגריף פאר אָט דעם צוועק.

פאָהנען וועהען. מען הערט די טראָמפּייטען און פּויקען. א בעטויבענדע הורא. איינער יאָגט איבער דעם אנדערען, אויף צום שטורם, מארש, מארש!

די מוזיק זאָל פערדעקען די שיסעריי פון ביקסען, דאָס דר־נערען פון די קאנאָנען, דאָס „הורא" זאָל פערשלינגען די שרעק־ליכע קלאנגען פון טויט. זיי זאָלען, אָבער זיי קענען נים. ווייל דאָס איז אלץ — איין גרויסער וואהנזין. דער אנדערער ברעג פון קאנאל איז פול מיט קאנאָנען.

איין קאָמאנדיר איז שוין הייזעריג, א צווייטער וועט באלד ווערען הייזעריג. לייטענאנטען, פעלדפעבעל, סערזשאנטען און אונטעראפיצירען נעמען איבער דעם איין איינציגען בעפעהל: אויף צום שטורם, מארש, מארש!

און דאָ שפּרינגען ארוים די מענשען פון די טראנשעען, אין וועלכע זיי זיינען וואָכענלאנג אָבגעלעגען האלב אין אייזקאלטען וואסער. זיי קענען שוין מעהר ניט לויפען, דאָך לויפען זיי פאָר־ווערטס, פארווערטס! וואָס איז דאָ דער וואונדער, ווען איבער זייערע קעפּ רעגענט מיט פּעך און שוועבעל פון סדום און עמורה, און פון הינטען טרייבט זיי דער בעפעהל: אויף, אויף, מארש, מארש! און אויף דעם קאמאנדיר'ס ברוסט שיינט דער אייזער־נער קרייץ!

— אויף צום שטורם, מארש, מארש!

און די אבטיילונגען לויפען און שפּרינגען איבער די גריגע עבענע. זיי בעגעגענען זאלפּען פון הונדערטער ביקסען. דאָס פּיינדליכע בליי שניידט זיי טויזענדערווייז. אויף דער קאמאנ־

ארויסגערופען פון דער פינסטערניש צום לעבען און בליהען אין דער גרויער פלאנדרישער עבענע.

מויערען, טורעמס פאלען איין, גיבעלהייזער פליהען אין לופט. מיט א שטארען בליק, מיט אויגען אָהן טרערען קוקט שוועסטער אירענא אהין, צום וועסט, וואו איבער די וועלען פון ווייטען אָקעאן ברויזען אנדערע וועלען — א ים פון רויך, בלוט און פלאמענשיין, ווי אן אומבעשטענדיגער קאפיטעל פון אפאָ־קאליפסיס, וואס בעשרייבט די שרעקען פון וועלטגעריכט.

א קאפיטעל פון „אינפערנאָ“, לויפט איהר דורך דער געדאנק, א קאפיטעל, וואס דאנטע האָט ניט פערענדיגט, וואו ער האָט זיך אָבגעשטעלט, ווייל איהם האָבען געפעהלט די ווערטער צו בעשרייבען אזעלכע שרעקען!

איפּר ברענט, ברענט צום פיערטען אין לעצטען מאָל, ווייל מעהר וועט שוין פון איהם אפּילו גארניט בלייבען.

אן אויסגעשריי רייסט זיך ארויס פון שוועסטער אירענא׳ס ליפען. דער טורעם, וואָס איז אלט יאָהרהונדערטער, וואָס האָט אמאָל אין די פינסטערע צייטען פון מיטעלאלטער, וואָס האָבען זיך איצט אומגעקערט, גערופען מיט זיין גלאָק די בירגער פון איפּר צום קאמף, וואָס האָט אין צייטען פון טיפען פרידען פיעלע, פיעלע צעהנדליגער יאָהרען נאָכאנאנד אָנגעזאָגט די שטונדען פון ארבייט און רוה, דער טורעם פון איפּר איז אויפגעריסען געוואָרען!

דער גלאָק איז צושמאָלצען געוואָרען און איז אראָבגעפאלען. דער גלאָק, וועמעס צונג האָט גערעדט צו אזוי פיעל גענעראציאָנען, איז צושמאָלצען געוואָרען און איז אראָבגעפאלען!

א פלאַם פון מיליאָנען און מיליאָנען פונקען אויף דעם אָרט, וואו דער טורעם איז געשטאנען.

צום פיערטען און לעצטען מאָל ברענסטו, איפּר! ווייל איצט וועט שוין מעהר פון דיר גארניט בלייבען. דיין רוהם אָבער וועט בלייבען לעבען, פיעל געפּראוועטער איפּר! עס וועלען אוועקגעהן די טעג פון וואהנזין, ער וועט זיך צוברעכען אן די אייזערנע ווענט פון פערנונפט און ווילען. און אָנקומען וועלען ווידער די געבענשטע טעג פון פריעדען. און אזוי לאנג ווי איין מענשליך הארץ וועט גריסען א צווייטע, וועט אין איהם לעבען דיין רוהם, וועט עס געדענקען דיין טרייהייט ביז צום סוף! . . .

דער שווארצער שניי־וואָלקען לאָזט זיך אראָב נידהריגער. עס שנייט — ווייסער, ווייכער, קאלטער שניי. ווי דער הימעל פון

פלאַצען אין פלאַמענגאַרבען איינע נאָך דער אַנדערער. די שטאָדט מוז פאַלען, דער קאַנאַל מוז ווערען איבערגעגאַנגען!

דער אָקעאַן שטורעמט, די וועלען קלאַפּען זיך הילכיג אָב אָן ברעג, דער צאָרניגער ווינט רייסט אויף גאַנצע וואָלקענס שטויב, אין דער לופטען איז אַ שטורעם... אָבער ניט יענער בעפרייענדער שטורעם, וואָס דער מילדער וועסטווינט ברענגט דער דורשטיגער ערד, נאָר אַ שטורעם פון פערוויסטונג, וואָס די פינסטערע קרעפטען פון גיהנם האָבען אויפגעהויבען.

פון ים, פון וועסט האָט זיך דער שטורמווינט אויפגעהויבען. שוועסטער אירענאַ קען קוים זעהן, דער ווינט פערשיט איהרע אויגען מיט דעם דינעם זאַמד, אין וועלכען קינדער האָבען נאָך זומער געשפּיעלט און געזוכט מושעלן, דער ווינט צובלאָזט איהרע האָר. ער צובלאָזט אָבער אויך די פלאַמענגאַרבען איבער די דעכער און טורעמס פון איפּר. די רויטע צונגען טאַנצען און שפּרינגען, ווי וואהנזיניגע, ווי שדים, פון דאַך צו דאַך, פון הויז צו הויז!

דער מעכטיגער גלאָק פון טורעם לאָזט איצט הערען זיין שטים, זי מישט זיך אויס מיט דעם דונערען פון די קאַנאָנען. שוועסטער אירענאַ פערנעמט קלאָר און דייטליך די שרעקליכע קלאַנגען, ווען די אייזערנע מיילער פון די שווערע קאַנאָנען ווערען אויף אַ רגע אַנשוויגען.

איפּר ברענט... צום פערטען מאָל ברענט ער היינט...

די מויערען, די טורעמס, די הייזער מיט די גיבעלדעכער, וואָס וועט פון זיי ווערען?

די דעמערונג פון אַ הערבסט אָוונד לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָב איבער דעם קאָס פון דער דינע. און ווייט, ווייט לויכט דער אָקעאַן ביים ברעג, ווי ער וואָלט גערופען: „איך קום, איך קום, איך נעם אייך אין מיינע אָרעמס! וואַרט, וואַרט, איך בין גרייט, זייט געדולדיג, וואַרט!"

פורפור־רויט איז איצט דער האָריזאָנט, וואָס ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער, קיין לבנה, קיין שטערן איז ניט צו זעהן איף'ן הימעל, וואָס איז פערהילט אין אַ שוואַרצען שנייוואָלקען. מען זעהט קיין זאַך ניט, אויסער איין איינציגען פייערבראַנד.

ד ע ר א ו נ ט ע ר ג א נ ג פ ו ן א י פ ר!

דאָס שוואַנענליעד פון שטילען איפּר! פון אַ שטאָדט, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין אַנדערע ליעדער, אויסער די ליעדער פון פריעדען און אַרבייט און פרייד, זינט גאָט דער האַר האָט זי

זיי האָבען שוין דערגרייכט דיקסמונד און ניופּאָרט, ביים ראַנד פון אטלאנטישען אָקעאן. און די, וואָס זיצען אין די אונטערער־דישע וועגען, האָבען נאָך קיין אהנונג ניט, אז דער אָקעאן גרייט זיך זיי אראָבצוציהען אין א נאסען, אייז קאלטען קבר, אין אָב־גרונד פון אייביגען שווייגען אין א טונקעלער נאכט, ווען אין הימעל וועט ניט לייכטען קיין איין שטערן.

די גראָבענס זיינען ווי א שלעכטע קרעבס־געשווילעכץ אויף דעם בליהענדען לייב פון דער פלאנדרישער עבענע, ווי א גע־שלענגעלטער וואָרים פון קבר, וואָס צונאָגט דאָס אוראלטע האָלץ, וואָס האָט געזאָלט דויערען אייביג. זיי וואָלטען דאָס זיכער געטהאָן, ווען ניט דער אטלאנטישער אָקעאן, דער גרויסער וואונדער פון זיין וואסער, וואָס איבערפליסט דאָס לאנד, זיין וואסער, וואָס קען זיך ניט אבשטעלען פאר קיין מענשליכען בע־פעהל, פאר קיין מענשליכען ווילקיר, וואָס וועט ניט אבטרעטען פאר דעם איינגעשפּאַרטען דעספּאָטיזם פון דעם, וואָס האלט זיך פאר בערעכטיגט צו הערשען און בעפעהלען איבער הונדערטער טויזענדער און שפּיעלען מיט זייער לעבען, ווי מיט א פּילקע! דאָס וואסער, וואָס האָט זיך נאָר איינמאָל פאנאנדערגעשיידט אויף דעם וואָרט פון דעם אייביגען און אונערפאָרשליכען, אום דורכצופיהרען דורך די וועלען פון רויטען ים דאָס פאָלק ישראל, און האָט דאן איינגעשלונגען די ארמייען פון די מצרים אויף א צייכען פון זיין פינגער.

די העסליכע קרעבס־געשווילעכץ צוואוואקסט זיך אלץ וויי־טער און ווייטער און פערצעהרט די לעצטע קרעפטען פון דעם שעהנעם פרייען לאנד. אום אָבצושטעלען די קראנקהייט, איז נויטיג א שאַרף מעסער, וואָס זאָל אָבשניידען דעם צופרעסענעם טייל פון קערפּער. די וועלען פון אָקעאן זאָלען אויפנעמען דאָס לאנד, וואָס זיי האָבען אזוי געליעבט, אין זייערע גרינע ארעמס.

די לעצטע רעטונג, די פון הימעל אראָבגעשיקטע וועלען פון אטלאנטישען אָקעאן!

ביי יעדען שאָס ציטערט אויף שוועסטער אירענא. צום פערטען מאָל צוברענט זיך דער קאמף פאר דעם אונגליקליכען איפּר. שוועסטער אירענא האָט איצט פערלאָזען דעם שוץ פון דעם לאזארעט. אין די קליידער פון א שוועסטער פון רויטען קרייץ און אָהן א הוט שטעהט זי אויף דעם קאָם פון דער דינע און קוקט אין דער ריכטונג פון דער שטאָדט. זי קען פון דאנען דייטליך זעהן די הייזער און טורעמס. איבער די הייזער און טור־רעמס ציהט זיך דער ווייסער רויך פון פולווער און די גראנאטען

הענט מיט ברויט פון זייער מיטלייד, מיט מילך פון זייער
באַרמהערציגקייט, מיט ווײַן פון דעם טייערען בעכער פון ליעבע.
גאַנץ האָלאַנד האָט אויפגענומען די אנטלאָפענע ווי אַ ליעבענדע
מוטער, גערופען און ערמונטערט זיי: „זיהן און טעכטער פון
פלאַנדערן און בראַבאַנט, ברידער און שוועסטער פון מיין בלוט
און שפּראַך, קומט, אַ קומט אין מיינע אָרעמס, צו מיין ברוסט,
מיין האַרץ איז פול מיט וועה און שמערץ און גרויסער, געט־
ליכער ליעבע!"

אונפערגעסליכע, שעהנסטע בילד פון יענע שרעקליכע טעג
און נעכט, ווען דער ענדלאָזער מענשענשטראָם האָט זיך געצויי־
גען צו האָלאַנד'ס גרענעצען, און איין צווילינגס שוועסטער האָט
דער אַנדערער אויסגעשטרעקט די הענט, ווי צו שווערען טריי־
הייט און ליעבע!

די קיינמאָל ניט וועלקענדע קרוין, די שעהנסטע פון אלע,
וואָס האָבען ווען עס איז געקרוינט דעם נאָבעלען שטערן פון
פרייען נידערלאַנדען!

דער מאָנסטער פון וועלטקריעג האָט רוהיג איבערגעשפּרייזט
איבער די שטאָלצע פּאָרטען פון אנטווערפּען, ווי איבער אלע
בליהענדע שטעדט און דערפער, וואָס האָבען זיך איהם גע־
שטעלט אין וועג. איצט האָסטו זיך געשטעלט איהם אין וועג,
אונגליקליכער איפּר. דער מאָנסטער וועט אריבערשפּרייזען אויך
איבער דיין גאָלדענעם קאָפּ, וואָס איז איינגעבויגען אין טרויער
נאָך די דריי מאָל איבערגעלעבטע שרעקען. אונגליקליכער איפּר!

היינט איז דער שעהנער אונגליקליכער איפּר צום פיערטען
מאָל אונטער דעם פייער פון די קאַנאָנען פוןביידע זייטען. דער
איבערגאַנג איבער'ן איזער מוז ווידער און ווידער געמאַכט
ווערען.

פאַר וואָס ליגסטו אויף'ן וועג פון וועלטבראַנד, אָרימער
איפּר, מיט דיינע גאָטישע זאַלען, מיט דיינע מיידלעך און פרויי־
ען, וואָס מאַכען אין די געגיבעלטע הייזער ביי דעם שווייגענדען
וואַסער פון קאַנאַל די טייערסטע שפּיצען? פאַרוואָס ליגסטו אין
וועג פון וועלטקריעג? דער מאָנסטער וועט אויך איבער דיין
גאָלדענעם קאָפּ אריבערשפּרייזען, אונגליקליכער איפּר!

## VI

ווי אַ לאַבירינט פון אונטערערדישע וועגען פון אַ מויל־
וואורף ציהען זיך אויף פיעלע קילאָמעטער די טראַנשעען דורך
די גרינע עבענע פון פלאַנדערן ביז צו די נעלע דינען ביים ים.

די פינף און זיבציג סאנטימעטער ריעזען פון די פראנצויזען און פון די קאנאנען פון די ענגלישע פאנצערשיפען. זאלען זיי שניידען.... פארווערטס, איבער בערג טויטע קערפער, פאר־ווערטס! קאלעי און דאנקירק מוזען געמומען ווערען!

עס ווערט פערגאסען דאס בלוט פון דער בעסטער דייטשער יוגענד... זאל עס פערגאסען ווערען! קאלעי און דאנקירק מוזען פאלען!

דער אונגליקליכער איפר איז דער צענטער פון אט די שרעקליכע שלאכטען, וואס האבען ניט זייער גלייכען אין דער גאנצער וועלטגעשיכטע.

אונגליקליכער איפר!....

דריי מאל איז ער שוין בעשאסען געווארען. און אט האבען איין נאוועמבער זונטאג ווידער גדונערט די קאנאנען צום פער־טען מאל. שוועסטער אירענא האט זיך אויפמערקזאם צוגע־הערט צו דער שיסעריי אין די אונהיימליכע שעה'ן פון איהר פרייער צייט, פאר דעם אנקומען פון א נייעם טראנס־פארט. ביי יעדען קראך האט זי אינגאנצען אויפגעציטערט, פונקט ווי דעם ערשטען טאג. די ארומיגע האבען זי פערזיכערט, אז איהר געהער און געפיהלען וועלען זיך צוגעוועהנען צו דער שיסעריי, אבער שוועסטער אירענא האט געפיהלט, אז ניט איהר אויער, ניט איהר הארץ וועלען זיך צו דעם קענען צוגעוועהנען. ווייל נאך אלץ אזוי אנגעשטרענגט, אדער נאך מעהר ווי פריהער, כאפט איהר אויער אויף יעדען קלאפ, נאך אלץ אזוי שטארק, אדער נאך שטארקער ווי פריהער, קלאפט איהר הארץ און פער־געהט אין שרעק.

און זייענדיג דא ביי איפר, איז נאך איהר הארץ אלץ פול מיט שרעק און אונענדליכען טרויער פאר דעם געפאלענעם אנטווערפען. דער לעצטער פארט איז ארויפגעפלויגען אין לופט. אויף די וועגען, וואס פיהרען אין האלאנד, האט זיך א גאס געטהאן א מענשענשטראם, וואס קען ניט ארומגענומען ווערען מיט'ן בליק, קען ניט געצעהלט ווערען.... די גרעסטע ריכטער פון אלע צייטען און פעלקער האבען געבויגען דעם קאפ פאר דער ברענענדער שטאדט אויף דער שעלד און פערגאסען טרערען, און געטינען האבען געזאמעלט די אונשטערבליכע טרערען אין זילבערנע שאלען און געמאכט פון זיי אייביגע פערל פאר די קומענדע דורות.

און דער מענשליכער שטראם האט זיך געטראגען אין וועלען פון דארף צו דארף, און פון אומעטום האבען זיך אנטקעגען איהם געשטרעקט הונדערטער און טויזענדער ליעבענדע ברידערליכע

דעם געלען זאמד פון די דינען, וואס ציתען זיך מיט אזא בענקשאפט צום ים.

ארום איפר און ביים איזער־איבערגאנג געהט נאך אלץ אן דער קאמף. אן אייזערנער ווילען האט דארט אויפגעשטעלט א וואנט פון סאלדאטען, ענטשלאסען צו מאכען דאס אונמעגליכע מעגליך און אויסשטרעקען זיין אייזערנעם פויסט פון קאלעי איבער דעם קאנאל.

די קאנאנען דונערען ביי איפר, און דאס קראכען דער־טראגט זיך צו דעם קאפ פון דינען, וואו דאס לאנגע איינ־שטאקיגע לאזארעט איז אויפגעשטעלט. דורך די פיעלע איינ־זאמע שטונדען פון טאג און נאכט, וואס שוועסטער אירענא מוז פערברענגען דא אין לאזארעט, הערט זי זיך צו צו דער שי־סעריי. זי האט נאך צייט, ביז די קראנקע וועלען אהער קומען. זי פערענדיגט דעריבער איהר טאגבוך פון דער בעלגישער רייזע, א שרעקליכע אנקלאגע, וואס זי וועט שליידערען א דעגענעריר־טען גאטלאזען יאהרהונדערט אין דאס בלייכע געזיכט.

זי האט שוין פיעל, פיעל זייטען פון בוך בעדעקט מיט די ריינע און רעגעלמעסיגע בוכשטאבען פון איהר אויסגעצייכענ־טער האנדשריפט, און אין די פעסטע ליניען קען מען גאר ניט מערקען די טיפע אויפרעגונג פון דער שרייבערין. אזוי זיצט זי איצט און שרייבט, און גאר נאהנט פון איהר, אויף די ברעגען פון דעם געלען איזער דונערען די קאנאנען.

גאנצע מאנאטען דויערט שוין די שיסעריי, געהט שוין אן די שלאכט אין פלאנדערן, און מען זעהט נאך אלץ קיין סוף ניט. ווי ווילדע טיערען האבען זיך די געגנער ארויפגעווארפען איינער אויף דעם אנדערען, און זיי גיבען זיך ניט אונטער און טרעטען ניט אב אויף קיין טריט. מען קעמפט פאר יעדען טריט, בלוט שטראמט פון טויזענדער און טויזענדער וואונדען, בערג מיט טויטע קערפער בעדעקען די גרינע פעלדער, הויפענס קערפער ליגען אויפ׳ן גרונד פון קאנאלען, און די מיט בלוט געפארבטע וואסערען טרעטען ארויס פון די ברעגען. די צאהל פון די געפאלענע איז שרעקליך גרויס, אבער די פיהרער הערען אלץ ניט אויף אנצורייצען זיי איינעם אויף דעם אנדערען, הו־טינערען אויף דער ארענא. קאלעי און דאנקירק מוזען גענומען ווערען מיט שטורם...

אבער אומזיסט אלע אנשטרענגונגען.

די שווערע ארטילעריע האט פעראורזאכט א שרעקליכע פערוויסטונג אין די דייטשע רייהען. זיי ווערען געשניטען פון

איהר לאוועז מיט זיין טויזענדיאָהריגער געשיכטע. די שטאָדט אויף די ברעגען פון דיל, וואָס איז געוועז בעדעקט מיט גאָרטענס, די שטאָדט פון אינערליכער גרויסקייט און גייסטיגער הויכקייט, לאוועז...

ווי א ווערה געשריי קלינגט אָב דער נאָמען, דער אונפערגעסליכער, דער איצט ווי טראָיא אונשטערבליך געוואָרענער נאָמען, אין דער ברוסט פון דער שוועסטער.

איין נאַכט, איין איינציגע, פון דעם האַר פון גיהנם געשאפענע נאַכט, ווען די מענשען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין וועלף פון די סטעפען. זיי האָבען זיך איינער אויף דעם אַנדערען ארויפגעוואָרפען אין וואוט און פערצווייפלונג, ביז דער רויטער האָהן איז געזעסען אויף דעם שלאַנקען גיבעלדאך פון סעינט פעטער, ביז די פלאַמען האָבען ארומגענומען די הייליגע הערליכע גאָטישע זיילען און די אלטע פאַרמענטען, ביז דער שארפער שרעקליכער ווערה געשריי האָט אויפגעטרייסעלט די וועלט פון איין פאָל ביז דעם צווייטען: לאוועז, די ליעבליכע שטאָדט, ברענט, לאוועז, די ליעבליכע שטאָדט, ווערט צושטערט, זי איז שוין מעהר ניט אויף דער וועלט, אויסער אין דעם גאָלדענעם בוך פון דער געשיכטע! אין דעם בוך פון געשיכטע א זייט, בעציערט מיט דעם שעהנסטען פון מיטעלאלטער, געמאָהלען אין גאָלד און בלוי אויף די פארמענטען פון דעם זילבערנעם קאָדעקס אין אופסאַלאַ, פון דער ליעדערהאַנדשריפט אין היידעלבערג אויף די ברעגען פון נעקאַר!

לאוועז!

איז נאָך דאַ רעכט און גערעכטיגקייט אויף דער וועלט, נאָכדעם ווי דייטשע הענט האָבען צושטערט לאוועז אויף די ברעגען פון דיל? איז נאָך דאָ אויף דער וועלט גערעכטיגקייט?

שוועסטער אירענא ווארפט צוריק איהר שטאָלצען קאָפּ. דאס מאָל ג ע פ י נ ט ז י רעם ענטפער, די ענטשיידונג. דאָס מאָל שאָקעלט זי איהר קאָפּ.

ניין, אזא זאך איז מעהר ניטאָ, קען מעהר ניט זיין, נאָכדעם ווי די ליעבליכע שטאָדט לאוועז איז געזונקען אין אש און רואינען!

V

דאָס פעלדלאזארעט איז איינגעריכטעט. עס געפינט זיך האַרט לעבען פראָנט, דאָרט וואו די ברייטע גרינע, פון קאַנאַלען דורכגעקרייצטע עבענע פון פלאַנדערן קומט זיך צונויף מיט

געווען קיין צושויערין פון יענער נאכט פון שרעקען, ווען מיס־פערשטענדניס און וואהנזין האבען דא פערוואוסט עפעס אונ־בעגרייפליכעס, ווען סאלדאטען האבען געשאסען אויף סאלדא־טען און בירגער אויף בירגער, ביז א ים פון פייער האט בעדעקט לאוווען, די אונפערגלייכליך שעהנע שטאדט, ביז די דייטשע באמבען האבען אין עטליכע שעה צושטערט דאס, וואס דייטשע קונסט האט פלייסיג און מיט עהרפורכט לאנגזאם געבויט אין פערלויף פון יאהרהונדערטער.

רואינען, א הויפען רואינען איז אלץ, וואס הונדערטער יאה־רען פון קולטור, פון פלייסיגער, געדולדיגער ארבייט פון בירגער האבען געשאפען, דאס געפיהל פון בירגערליכער רוה, פריעדען, בעקוועמליכקייט, וואוילזיין און זיכערקייט! און אט די רואי־נען זיינען נאך ניט דאס ערגסטע. רואינען זיינען אויף אונזערע בעגריפען פון רעכט און גערעכטיגקייט. קריעג און—גערעכטיג־קייט! אין קריעג איז „גערעכט" דער שטארקערער, וואס איז מעהר בעוואפענט און האלט זיך דעריבער פאר בערעכטיגט צו טריאומפירען איבער דעם שוואכערען. און ווען דער שוואכערער מאכט נאר א פערזוך צו פערטיידיגען זיך, ערקלערט מען זיינע פערטיידיגונגס מיטלען פאר אונגעזעצליך און מען בעשטראפט שווער דעם שולדיגען!

קריעג און גערעכטיגקייט! שליסען דען די צוויי בעגריפען ניט אוים איינער דעם אנדערען, ווען דער רייכסקאנצלער אין בערלין האט געקענט ערקלערען, ניט נאכדענקענדיג פיעל, אז צוועקמעסיגקייט, אז א נויטווענדיגקייט וויים ניט פון קיין געזעץ? עקזיסטירט דען איבערהויפט גערעכטיגקייט אויף דער ערד, און ווער איז דא גערעכט און ווער אונגערעכט?

קען זי אורטיילען? ז י, וואס איז געקומען אהער, א שוועסטער פון רויטען קרייץ, צו העלפען יעדען איינעם, פריינד צו פיינד, ווער עס נויטיגט זיך נאר אין הילף?

„אורטיילט ניט אום מען זאל אייך ניט אורטיילען", — דערמאנט זיך איהר פלוצלונג. זי נעמט ארוים איהר טאשענ־טיכעל און ווישט אב די טרערען, וואס פליסען איבער איהרע פלאמענדע באקען. אבער די געדאנקען קוועלען זי ווייטער. וואס איז געווען אלץ, וואס זי האט געזעהן אויף איהר שרעקליכען וועג דורך ווערוויע, ליעזש און בריסעל, אין פערגלייך מיט דעם וואס שטעהט דא איצט פאר איהר!

דא ליגט אן אפפער, אן אונשולדיג ערמארדעטער אפפער פון חעכסטער שעהנהייט און העכסטער קונסט. דא ליגט לאוווען,

טויזענד יאהר. זי איז געווען גרויס און בעריהמט דאן, ווען אין דעם וואלד פון שפּריי, וואו בערלין שטעהט איצט, זיינען נאָך געווען עלענדע פישערדערפלעך, ווענען וועלכע די געשיכטע דערמאָנט ניט קיין וואָרט.

אין פערצעהנטען יאָהרהונדערט איז די שטאָדט געווען די וויעג פון די גראַפען פון בראַבאַנט. דאַן איז געווען די צייט פון איהר העכסטער בליהונג. דער פּליים פון די נידערלענדער פער־באַנדען פון האנדווערקער, האָט זי דאן דערהויבען צו דעם, וואס זי איז אין פערלויף פון צעהנדליגער און הונדערטער יאָהרען געווען פאר די נידערלאַנדען, פאר איירָאָפּאַ און פאר דער וועלט: לואווען, דאס קעסטעל פאר קונסטזאכען, די ציערליכע, די ריינע, דער אָבגאָט פון קונסט, וואס האָט נאָר אונטער אָט דעם הימעל געקענט בליהען, וואו די פארבען פון רובענס און רעמבראנדט, וואן דיק און יאקאָב מאריס האָבען נאָר געקענט געבארען ווערען פון דער צונויפגיסונג פון דעם אָקעאַן'ס קאָליר און ליכט מיט דעם ליכט און קאָליר פון דער ברייטער גרינער עבענע.

אליין און איינזאם האָט שוועסטער אירענאַ געוואנדערט איבער די רואינען פון דער שטאָדט, אָהן דעם טרייסטער וויל־העלמי. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס שרעקליכע בילד, אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין אהנונג ווענען דעם, ווי שוידערליך דאָס וועט זיין אין דער ווירקליכקייט.

מויערן שווארצע פון רויך, שטויב, אש, רואינען, וואוהין נאָר זי ווענדט איהר בליק. וואס פאר א בעטרעף האָט דאס, וואָס אין דער לעצטער מינוט האָט זיך דאָ עמיצער בערענקט און האָט גערעטעט פון פייער דאָס גרויסע ווערק פון גאָטישער בוי־קונסט, דאס שטאָדט־הויז! וואס פאר א בעטרעף האָט דאָס! דאָס גרויסע קונסטווערק, וואָס איז אמאָל געווען דער מיטעל־פונקט פון פּלאַץ געבויט אין גייסט פון מיטעלאלטער, שטעהט דאָך איצט אינמיטען א הויפען רואינען, איז עס דען ניט נאָך טראגישער אין זיין צום הימעל שרייענדער שעהנקייט. יוי ווען ס'וואלט אין גאנצען פערשוואונדען פון מיט דער בלוט געפּארב־טער ערד? ליגען דען ניט לואווענ'ער אוניווערסיטעט און ביב־ליאָטעק אין רואינען, אין שטויב? קוקען דען ניט ארויס די שווארצע ריסען אין די קאָלאָנען פון סעינט פּעטער, ריסען, וואס די דייטשע באָמבען האָבען געמאַכט?

מיט פערטערטע אויגען שטעהט שוועסטער אירענאַ פאר דעם שטאָדט הויז. פערוויסטונג, רואינען, אש איז אומעטום, וואוהין נאָר איהר אויג קען דערגרייכען. און זי איז דאָך נאָך ניט

וואָס שנעלער. אָבער קוים איז דער צוג אָבגעפאָהרען עטליכע קילאָמעטער, האָט מען איהם יעדעס מאָל ווידער געמוזט אָב־שטעלען, אום דורכצולאָזען די וואגאָנען מיט נייעם, נאָר וואָס איינגעאיבטען מענשען־מאַטעריאל, אויף וועלכען עס האָבען אַזוי גיעריג געוואַרט די וועלען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, די קאַ־נאָנען פון די ענגלישע פאַנצערשיפען און די גראַנאַטען פון דער פראַנצויזישער און בעלגישער אַרטילעריע.

שוועסטער אירענאַ האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז זי וועט ניט דאַרפען זעהן און הערען די אַלע שרעקען, וואָס האָבען זי אַזוי געמאַטערט אין פערלויף פון די לעצטע עטליכע וואָכען. אָבער דער צוג האָט זיך אַלץ געמוזט אָבשטעלען, און מען האָט געמוזט אַרויסגעהן פון וואַגאָן.

אויף די שטילע וואַסערען פון דיל איז אַמאָל געלעגען אַ שטאָדט, פריינדליך, ווי קיין אַנדער שטאָדט אין בראַבאַנטישען לאַנד, געלעהרט און בעריהמט און געהייליגט פון דער געשיכטע פון יאהרהונדערטער. זי איז געוועזען די ציערונג פון זייד בראַ־באַנט... געוועזען! אין די טרוימענדע, פון אולמען בעשאָטענטע קאַנאַלען האָבען זיך אָבגעשפיעגעלט די גיבעלדעכער פון דער שטאָדט. זיי האָבען דערצעהלט פון פערגאַנגענע טעג, ווען דער הויפט פון שטאָדט פלעגט געהן אין שטאָדטהויז אָנגעטאָן אין סאַמעטגעוואַנט מיט זוימען פון הערמעלין פעלץ, אום דאָרט צו פערוואַלטען, צוזאַמען מיט די אַנדערע פון זיין שטאַנד, די געשעפטען פון זיין לאַוועןן.

געלעהרטע פראָפעסאָרען פלעגען דאָ אַמאָל דיספוטירען אין די גרויסע זאַלען, אין דעם שאָטען פון דער אַלטער גאַס, און לעזען די פראַגען פון דעם אָנהויב און דעם סוף פון דער וועלט. ווייל לאַוועןן'ס אוניווערסיטעט האָט זיך געקענט פערגלייכען מיט באָלאָניאַ און פאַדואַ און איז געוועזען דער ערשטער אַנ־שטאַלט פון געלעהרטע, ווען דער קריעג פון לואי דעם פער־צעהנטען האָט געבראַכט פערוויסטונג אין דייטשלאַנד. פיעלע טויזענדער פאַרמעטראָלען און ביכער האָבען די געלעהרטע הערען דאָ געזאַמעלט אין דער געביידע פון דער ביבליאָטעק און נאָך פיעל פריהער פון די צייטען פון לואי דעם פערצעהנטען איז לאַוועןן'ער אוניווערסיטעט געווען בעריהמט, באַלד נאָך לוטער'ס אויפטרעטען איז די הויכשול שוין געוואָרען אַנערקענט פאַר די ערשטע אין גאַנץ אייראָפּאַ.

די שטאָדט, וואָס איז איצט אויף אייביג פערוואַנדעלט געוואָרען אין רואינען, האָט געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון

א פיבערישע רויטקייט בעווייזט זיך אויף איהרע באקען פון בעגייסטערונג. זי דריקט דעם פּראָפעסאָר די האנט.

— ניין, בריסעל דארף ניט אונטערגעהן! ער מוז צוריק בע־קומען זיין פרייהייט, שוין דערפאר אליין, וואָס געטהע האָט איהם געהייליגט!

טרויעריג שאָקעלט ווילהעלמי זיין קאָפּ.

— איך בין א נאטורפארשער און מאטעריאליסט, מיין ליעבע, גנעדיגע פרוי, — זאָגט ער נאָך א לאנגען נאָכדענקען, — און דעריבער... דער גאנג פון דער וועלט געשיכטע, דאָס שיקזאל פון פעלקער, דאָס ווייס איך ניט... בריסעל׳ס צוקונפט ווייס איך אויך ניט... די אלטע האָבען אמאָל געהאט א שעהנעם אויסוועג, די מאָירא, גנעדיגע פרוי... טראָיא און קארטהאגאָ זיינען געפאלען, רוים און ביזאנטיום...

— רוים איז אייביג!

— ווי איהר ווילט דאָס פערשטעהן... אין א געוויסען זין, מוז אלץ, וואָס וועט בלייבען אונשטערבליך אין געזאנג, אין לעבען אונטערגעהן. אזא טרייסטוואָרט האָט אונז אויך געלאָזען איין גרויסער דיכטער.

אירענא שווייגט. ווילהעלמי בלייבט שטעהן און שאָקעלט זיין שעהנעם, ערנסטען קאָפּ פון א געלעהרטען.

— וואָס איז אמת? האָט געפרעגט פּילאטוס. איך פרעג אייך: וואָס איז אייביג? וואָס איז אייביג אין דעם גאנג פון דער וועלטגעשיכטע?

## IV.

ביז בריסעל איז די רייזע אין דעם שנעלצוג, וואָס האָט געפיהרט ווילהעלמי׳ס שטאב, אָבגעגאנגען גלאט. אָבער אין דער עראָבערטער הויפּטשטאָדט פון דעם געוועזענעם זעלבסטשטענ־דיגען און נייטראלען לאנד, זיינען שוין פּאָרגעקומען שטערונ־גען. די אונגעהויערע טראנספּאָרטען פון מיליטער, וואָס מען האָט ווידער גערארפט אריבערוווארפען פון אָסט נאָך וועסט, האָבען אָבגעהאלטען ווילהעלמי׳ס צוג אין בריסעל. די מיליטערישע פערוואלטונג האָט געפונען פאר נויטיג צו ברענגען נייעס מא־טעריאל פאר די טראנשעען. און דעריבער האָבען די פערוואונ־דעטע געמוזט ווארטען, ביז די הילף וועט צו זיי קענען קומען, און די טויטע — ביז מען וועט פאר זיי אויסגראָבען זייער גרוב.

פּראָפעסאָר ווילהעלמי איז שוין געוועזען ביים מיליטערישען און ציווילען גובערנאטאר בעטען, מען זאל זיין צוג דורכלאזען

וויל אויך שטאַרבען פאַר פרייהייט, פאַר וועלכע איך האָב געלעבט און געקעמפט, און פאַר וועלכע איך וויל איצט ליידען. בריסעל און עגמאָנט און בעטהאָווען, וואָס האָט געשאַפען די פרייהייטס מוזיק צו געטהע׳ס ווערק, זיי אַלע זיינען געוואָרען פאַר מיר בעגריפען, וואָס מען קען ניט אבטיילען איינעם פון דעם אנדערען.

— און איך האָב גאַר וועגען דעם ניט געקלערט, כאָטש מיר טהוט אזוי וועה פאַר די שעהנע שטאָדט. אָבער איהר זייט גערעכט. היילינג ווערט פאַר אונז א זאַך, א מענש, אַן אָרט ערשט דורך דעם אויסערוועהלטען פון דער מענשהייט. און דאָס, וואָס ווערט געהייליגט דורך אזא מענשען, דאַרף בלייבען אויף אייביג אונבעריהרבאר, ווייל דאָס ווערט אַן אידאַל פאַר דער מענשהייט. איהר זייט גערעכט! ערשט איצט, ווען איהר האָט אויף דעם געווענדט מיין אויפמערקזאמקייט, פיהל איך דעם אמת׳ען קוואַל פון מיין טיפען וועה. פון דעם מאָמענט פון דער ערשטער אויפפיהרונג פון „עגמאָנט" האָבען בריסעל און געטהע געדאַרפט ווערען בעגריפען, וואָס מען קען ניט אָבטיילען. ווי גערעכט איהר זייט!

שוועסטער אירענא שוויגט און קלערט, ווי גליקליך, ווי אומגליקליך זי איז, וואָס דער, וואָס געהט דאָ מיט איהר, און וועמען זי וויל אבגעבען אַלע איהרע קרעפטען צו העלפען די ליידענדע, דענקט און פיהלט דאָסזעלבע, וואָס זי.

לאַנג האָבען זיי געשוויגען. נאָר ווען זיי זיינען געקומען צום קעניגליכען פּאַלאַץ, איבער וועלכען א שוואַרץ-ווייס-רויטע פאָהן האָט איצט געוועהט, האָט שוועסטער אירענא ווידער גערעדט:

— זינט ווען איז דאָס עגמאָנט געוואָרען אזוי איינזאַם? וואו איז די גערעכטיגקייט פון קעניג, אין וועלכע ער האָט זיין גאַנצען לעבען געגלויבט? די פריינדשאַפט פון דער רעגענטין, וואָס, מען מוז דאָך דאָס אָנערקענען, איז געוועזען כמעט ליעבע? זיינען זיי מיט אמאָל פערשוואונדען, ווי א גלאַנצענדע פייערבילד אין דער נאַכט, און האָבען איהם איבערגעלאָזען אַליין אויף דעם פינסטערען וועג? ניין, דאָס פאָלק, צו וועמען עס האָט געברענט אזא פייער פון ליעבע אין זיין הארץ, וועט שטראָמען אין די טויזענדער צו זיין רעטונג, די טויערען וועלען ווערען אויפגעפּראַלט, די גראַטען וועלען צושפּרינגען, די געמויערטע ווענט וועלען איינפאַלען אונטער זייערע הענט, און מיט פרייד וועט עגמאָנט ארויסקומען אנטקעגען דער אויפגעהענדער זון!...

— וואָס מיינט איהר: „קנעכט“?
— קנעכט פון א י י ן מיינונג, וואָס מען האָט אויף זיי ארויפגעצוואונגען!
— אין דעם זיין איהר אפשר גערעכט, גנעדיגע פרוי.
לאנג האָבען שוועסטער אירענאַ׳ס פערטערטע אויגען זיך ניט געקענט אָברייסען פון דעם ים פון הייזער פון דער געפאַלע־נער שטאָדט. ענדליך נעמט זי אָן די האנט פון פּראָפעסאָר, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען זעלבסטפערשטענדליך אָדער ווי זי וואָלט געזוכט א שטיצע, און זאָגט:
— לאָמיר אראָבגעהן צוריק, הערר פּראָפעסאָר, דאָ, דוכט מיר, האָבען מיר שוין אלץ געזעהן.
— ווי איהר ווילט, גנעדיגע פרוי.
ווען זיי קומען צוריק צום בולוואר, וואָס איז אמאָל געווען אזוי בעלעבט, זאָגט זי ווידער:
— ווייסט איהר, ווער עס שטעהט פאר מיינע אויגען?
— ווער?
— געטהע.
— געטהע? פארוואס געטהע?
— ווייל ער האָט איינגעשריבען בריסעל און זיין געשיכטע אין דאָס אייביגע בוך פון דיכטונג.
— ריכטיג, איך האָב היינט וועגען דעם ניט געקלערט גאר.
— אָבער איך הער וועגען דעם ניט אויף צו קלערען... אַלבאַ׳ס סאָלדאטען, וואָס האָבען אין אָט די גאסען מארשירט מיט פינסטערע געזיכטער, איידער די שעה פון בעפרייאונג האָט געשלאָגען פאר די נידערלאַנדען. איך דערמאָן זיך אָן געטהע׳ס עגמאנט און אָן קלערכען, וואָס האָט בעשלאָסען צו שטעלען זיך אין דער שפיץ פון א גרופּע בירגער, אום איהם צו בעפרייען פון געפענגנים... אָ, קלערכען, ווען דו וואָלסט געווען א מאן, וואָלטען מיר דיך דאָ איצט דערזעהן די ערשטע און וואָלטען דיר געהאט צו פערדאנקען דאָס, פאר וואָס עס איז אזוי שווער צו זיין דאנק־באר צו א קעניג, — פ ר י י ה י י ט!
— פ ר י י ה י י ט! איהר פאנטאזירט, גנעדיגע פרוי. פרייהייט אין די איצטיגע טעג פון גוואלדטהאטען, ווען נאָר מערזער רעדען!
— ערלויבט מיר צו פאנטאזירען, הערר פּראָפעסאר, ווי מאריא סטוארט אין גארטען פון פאָרטערינגעי. דער גלויבען פון עגמאנט וועט פאר מיר זיין אין בריסעל די איינציגע טרייסט, דער גלויבען, מיט וועלכען ער איז געגאנגען אויף׳ן עשאפאָט... איך וויל אויך געהן אויף׳ן וועג צו אן עהרענהאפטען טויט, איך

פערגלייכליכע שטאָדט, ליגט ביי איהרע פיס, בעציערט מיט די פאָהנען פון די עראָבערער.

דער קעניג און זיין פרוי, א שוועגערין פון דעם לאָטרינגער זיעגער, זיינען פערטריבען, זייער פאלק איז פעראורטיילט צו ליידען נויט און פערצווייפלונג, און די ארמיי קעמפט ווי לייבען ביז דעם לעצטען מאן, זיי קעמפען און פאלען... דאָרט, אויף די נעלע וואסערען פון איזער, וואו דער אטלאנטישער אָקעאן ווארט אויף זיינע אָפפער.

שוועסטער אירענא'ס אויגען וואנדערען איבער דעם אונגעהויערען בילד פון דער גרויסער שטאָדט. דער אונענדליכער ים פון הייזער, וואָס שפרייט זיך ביי איהרע פיס, איז ניט לאנג צוריק געווען א צענטער פון לעבען, פול עלעגאנץ און גלאנץ און פרעהליכקייט, מיט וועלכען קיין שטאָדט אין אייראפא האָט זיך ניט געקענט פערגלייכען, אויסער פאריז. און איצט?...

זי לעגט די האַנט אויף די באלוסטראדע, קראמפט איין די פינגער אין קאלטען שטיין, אום זיך אָנצוהאלטען.

בריסעל, בריסעל, די איינציגע שטאָדט פון בעלגיען, וואָס איז געפאלען אָהן איין שאָס, די אנדערע האָבען זיך געוועהרט, ווי לייבען, און דערפאר האָט מען זיי פערוואנדעלט אין שטויב און אש.

ווילהעלמי שיינט צו פיהלען, וואָס אין איהר קומט פאָר. ער געהט צו איהר צו.

— טרערען? איהר ווייגט שוין?

— האָט דאָס ג ע מ ו ז ט אזוי זיין?

— מען זאגט, אז דאָס האָט אזוי געמוזט זיין, און די, וואָס זאָגען דאָס, דארפען דאָך וויסען.

—איהר דענקט אזוי, הערר פראָפעסאר?

— איך האָב דאָ קיין מייגונג ניט, גנעדיגע פרוי.

— אויב איהר האָט וועגען דעם קיין מיינונג ניט, ווער דען זאָל אזא מיינונג האָבען?

— קיינער האָט ניט קיין מיינונג אין די איצטיגע טעג.

— קיינער ניט... איהר זייט גערעכט... קיינער ניט!

אויף איהר געזיכט בעווייזט זיך א שמייכעל פון מיטלייד, כמעט פון פעראכטונג. ווילהעלמי בעמערקט דאָס.

— איהר שמייכעלט?

— די מענער, הערר פראָפעסאר, די העלדען!

— לעכערליך? די העלדען?

— די, וואָס האלטען זיך פאר העלדען און זיינען נאָר קנעכט.

געטער פון ראכע איבער בריסעל... ווי אמאל איבער ראָזעי, איבער אָסטפרייסען... אומעטום דאָס זעלבע בלוטפערגליווערענדע בילד.

די דייטשע וואך פאר דעם פאלעי רע זשוסטיס, דעם פאלאַץ פון גערעכטיגקייט!

אן איינפאכער אינפאנטעריסט אין בייערישער אוניפארם, א בראווער און עהרליכער יונג פון פאסענהאפען, וואס האט קיין אהנונג ניט, וואו אייגענטליך ער איז, און פארוואס ער שטעהט דא.

ער ווייס אפילו ניט, אז די קעניגין פון אט דעם לאנד איז א בייערישע פרינצעסין, וועלכער ער דארף אבגעבען קעניגליכע עהרע, נאך די רעגלען פון זיין ארמיי. ווען ער האט דערזעהן די דאמע אין קליידער פון א שוועסטער פון רויטען קרייז און דעם העררן אין צילינדער און עלעגאנטען פאלטא, וואס איז געווים אן ארצט, צוגיסט זיך איבער זיין געזיכט א ברייטער שמייכעל. ער וויל גארניט נאכדענקען, דער גוטער יונג פון פאסענהאפען, קריעג איז קריעג, מען געהט, וואוהין מען שיקט, אין בריסעל צי אין פראנקרייך, אין גאליציען צי אין פוילען.

ווילהעלמי נעמט ארויס זיין פארטסיגאר און ניט איהם א האוואנא. דער יונג דענקט א ווייל נאך. ער דערמאנט זיך אן דער אינסטרוקציאן, וואס ער האט בעקומען אין מינכען, אויף'ן מארספעלד, אז א סאלדאט אויף וואך דארף מיט קיינעם ניט רעדען און פון קיינעם קיין זאך ניט נעמען. אבער דא אין בריסעל, אויף דיענסט אין פעלד איז גאר אן אנדער זאך, און ניט קוקענ־דיג אויף דעם, וואס די דייטשע צייטונגען זיינען פול מיט בע־שרייבונגען וועגען פיעלע ליעבעסגאבען, מיט וועלכע מען בעשיט די סאלדאטען, בעקומט דא זעלטען ווער א ציגאר. און וואס זיינען א פאר הונדערט טויזענד ציגארען, ווען מיליאנען מענשען שטעהען אין פעלד, און אלע ווילען רויכערען? ווען קען שוין דא אנקומען א ציגאר צו א סאלדאט?

און אויסרופענדיג מיט אויפריכטיגער דאנקבארקייט: „זאל אייך גאט דערפאר בעלוינען טויזענד מאל!“ בעהאלט דער פאסענהאפענער יונג די ציגאר אין זיין מונדיר, און מיט'ן ביקס אויפ'ן אקסעל פאטרולירט ער ווידער די הערליכע טראסע פאר דעם פאלאץ פון גערעכטיגקייט, וואוהין ער איז אויף אזא אונ־פערשטענדליכען אופן אנגעקומען.

שוועסטער אירענא און ווילהעלמי קומען ארויף אויף די טעראסע. די זון שיינט העל אין בלויען הימעל. בריסעל, די אונ־

סאר ווילהעלמי פון דעם וואקזאל און געהענדיג איבער דעם גרוי־
סען בולוואר צו דער בערזע.

שווארץ־ווייסע און שווארץ־ווייס־רויטע פאָהנען אין דער
לופטען, אומעטום קאסקען אין גרויען איבערצוג, מיליטערישע
מוזיק מיט פויקען און טראָמפּייטען פון די ארויסמארשירענדע
אבטיילונגען.

פערלאָרען אין געדאנקען געהט שוועסטער אירענא ביי דער
זייט פון פראָפעסאר ווילהעלמי אויף די טראָטוארען פון דער
אמאָל בעלעבטער, פרעהליכער שטאָדט, וואו מענשען האָבען
שפּאצירט און אָנגעפילט די גאסען מיט הילכיגען געלעכטער.
די מעהרסטע קראמען זיינען געשלאָסען, לער זיינען די קאפעס,
וועמעס טישלעך פלעגען אמאָל אין די אווענדען פערנעמען דעם
גאנצען טראטואר ביז צום ברוק, פאר דער בערזע זעהט מען שוין
ניט קיין הערדען אין צילינדרען, וואָס פלעגען דעבאטירען וועגען
דעם צושטאנד פון קורס און פון וועלטמארק, ווייל פאר די לעצ־
טע מאָנאטען איז שוין פאר בעלגיען און איהר הויפּטשטאָדט
מעהר ניטאָ קיין וועלטמארק.

דער קעניג און זיין ארמיי האָבען זיך גערעטעט פון דער
פעסטונג פון אנטווערפּען. איצט קעמפען זיי זייט ביי זייט מיט
די פראנצויזען און ענגלענדער אויף דעם ים ברעג ביי איפּר און
אויף דעם איזער.

די פרעמדע זיינען איצט די הארען פון דער שטאָדט!

טראָמפּייטען און פויקען... די וואך געהט צום שטאדטהויז
אויף גראנד פלאַס, צום פאלאץ פון דעם פערטריבענעם קעניג,
צום הערליכען פרעכטיגען פאלאַץ פון גערעכטיגקייט, וואָס בע־
הערשט די שטאָדט.

גערעכטיגקייט!... דאָס וואָרט קלינגט פיינליך אָב אין
שוועסטער אירענא'ס זעל, ווען זי קוקט נאָך דער וואך, וואָס
געהט ארויף די טערראסע צו דעם מייסטערווערק פון ארכיטעק־
טור, וואָס די גאנצע וועלט האָט בעוואונדערט.

קאַנאָנען קוקען אויף איהר אראָב פון דער טעראסע. זיי זיי־
נען אָנגעשטעלט אויף די שטאָדט און אויף די ווייטע עבענע פון
בראבאַנט, וואָס איז אמאָל געווען אזא לאכענדיגע. די קאנאָנען
שווייגען, זיינען אָבער גרייט צו שיסען.

ביי דעם געדאנק ציטערט אויף שוועסטער אירענא ווי פון
קעלט, זי זאָגט אָבער ניט קיין וואָרט. זי וואגט ניט צו פערטרויען
איהרע געדאנקען דעם גרויסען בערלינער קליניקער, וואָס געהט
ביי איהר זייט אויך א שווייגענדער, זעהענדיג פאר זיך דאָס
טרויעריגע בילד פון פערוויסטונג.

— עס קען נאָך טרעפען, אַז איך זאָל זיין געצוואונגען צו אפערירען אָהן כלאראָפאָרם. עס קען טרעפען, אַז די צאָהל פון אָפעראציאָנען, וואָס מוזען באַלד אויסגעפיהרט ווערען, וועט ער־שעפּען די נאַרקאָטישע מיטלען פיעל שנעלער ווי מען האָט גע־קענט ערוואַרטען; עס קען טרעפען, אַז מען וועט ניט קענען אַזוי שנעל צושטעלען נייעם שטאָף, און מיר וועט אויסקומען צו שניי־דען אַ לעבעדיגען קערפּער ביי דעם פולען בעוואוסטזיין פון דעם ליידענדען. וועט איהר דאָס קענען פערטראָגען, פרוי מאיאָר?

— איך וועל אייך קוקען אין געזיכט, הערר פּראָפעסאָר, און איך וועל וויסען, אַז איהר מאַטערט, אום צו העלפען. און ווען איך וועל דאָס וויסען, דאַן וועל איך דאָס קענען פערטראָגען, אַזוי לאַנג ווי איהר וועט דאָס פערטראָגען, הערר פּראָפעסאָר, וויל איך וויל העלפען, און וויל איך מ ו ז דאָס פערטראָגען!

— נו, גוט, — האָט ער געזאָגט, זיך אויפהויבענדיג פון אָרט. — אויף ווידערזעהן, פרוי מאיאָר. קומט היינט נאָכמיטאַג אין מיין קליניק אויף צעסעלישטראַסע און בעט די הויפּטאויפ־זעהערין ארויסצוגעבען אייך קליידער פון אַ שוועסטער פון רוי־טען קרייץ. איך גיב אייך מיט אַ פּאָר ווערטער צו איהר, דאָס וועט זיין גענוג.

ער איז שוין געשטאַנען ביים טיר. ער האָט איהר אָבגעגעבען אַזוי פיעל פון זיין טייערער צייט, כאָטש נאָך צעהנדליגער האָ־בען געוואַרט, אום מיט איהם צו רעדען.

— איך דאַנק אייך, הערר פּראָפעסאָר.

— און מאָרגען האַלב נאָך אַכט אַזייגער אין דער פריה פאָהר איך אָב מיט מיין אַבטיילונג פון פאָטסדאַמער וואַקזאַל.

— האַלב נאָך אַכט אין דער פריה, הערר פּראָפעסאָר. — זי גיט איהם די האַנט, וועלכע ער דריקט זעהר פריינדליך.

פון יענעם טאָג אָן הייסט זי ש ו ו ע ס ט ע ר א י ר ע נ אַ, און איצט פאָהרט זי אין איין צוג מיט איהם צום פראָנט אין בראַבאַנט און פלאַנדערן, וואו זי האָפט צו בעווייזען, אַז זי איז ווערט צו זיין מיט איהם.

## III.

בריסעל, שטאָדט פון עלעגאַנץ, פון גלאַנץ און צויבער און פרייד, אין וועלכען די רוה איז אַזוי אַנגענעהם געווען, צווייטער פאַריז, ווי עהנליך דו ביזט דאָס איצט צו אַ קריעגסלאַגער! — האָט נעקלערט שוועסטער אירענאַ, ארויסגעהענדיג מיט פּראָפע־

בליק פון זיינע אויפריכטיגע, שטאָהלגרויע אויגען. נאָר ווען זי האָט געענדיגט, האָט ער געווענדעט אויף איהר זיין פארשענדען בליק און האָט געזאָגט איינפאך:

— ווייסט איהר דען קלאָר, וואָס איהר פערלאַנגט איצט פון מיר, פרוי מאיאָר?

און זי האָט געענטפערט אין דעמזעלבען איינפאכען טאָן:

— יע, איך ווייס דאָס, הערר פראָפעסאָר.

צוערשט האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ערווידערט:

— ניין, איהר ווייסט דאָס ניט! אין מיין קליניק האָב איך געהאט צעהנדליגער פאלען, ווען אפילו געאיבטע אַלטע קראַנקענוואַרטערינען האָבען ניט געקענט אויסהאלטען ביי געוויסע אָפּעראַציאָנען, פרוי מאיאָר!

— דאָס קען איך זיך לייכט פארשטעלען, הערר פראָפעסאָר.

— דאָס קריעגסלאזארעט האַרט לעבען פראָנט איז ניט קיין קליניק, פרוי מאיאָר. איך אליין ווייס נאָך ניט, וואָס מיר שטעהט פאָר, איך ווייס נאָך ניט, צי איך וועל קענען זיך פערלאָזען אויף מיינע נערוועז, ווען דאָס דונערען פון קאנאָנען וועט זיך דערהערען אין דער ווייט, און די גראנאטען און שראפּנעלען וועלען פליהען איבער דעם דאך מיט דער פאהן פון רויטען קרייץ.

— אייערע נערווען וועלען דאָס אויסהאלטען, הערר פראָפעסאָר, — האָט זי מיט זיכערהייט געזאָגט.

ער בעשטעטיגט מיט א שמייכעל:

— איך האָף, אז יע, פרוי מאיאָר. אָבער איהר, א דאמע פון געזעלשאפט!

זי האָט אראָבגעלאָזען די אויגען, אָבער איהר שטים האָט נעקלונגען פעסט און זיכער:

— איך וועל אלץ איבערקומען, הערר פראָפעסאָר, איך וועל אלץ איבערקומען, ווייל איך וויל און ווייל איך מוז, ווייל איך ליעב פלאנדערן און בראַבאַנט, און ווייל איך וויל דאָרט העלפען.

ער האָט געהאט נאָך איין איינווענדונג.

— ביי דער מאָדערנער קריעגספיהרונג, מיין ליעבע פרוי מאיאָר, קען גאנץ מעגליך זיין, אַז דער וואָגען פון רויטען קרייץ זאָל מיר אין איין איינציגער שטונדע ברענגען הונדערטער שווער־פערוואונדעטע אין אפּעראַציאָנסצימער. וועט איהר קענען פערטראָגען די געשרייען פון אַט די הונדערטער, וועט פאר אייך זיין מעגליך אָבצוטיילען קאלטבלוטיג די אָפּערירבאַרע פון די שטאַרבענדע, וועמען איך קען שוין מעהר ניט העלפען?

איך וועל דאָס קענען, הערר פראָפעסאָר.

אויף איהם געוואַרט. און ווען ער איז ענדליך אריינגעקומען, האָט איהר דער ערשטער בליק בעשטעטיגט, אז זי האָט זיך אין איהם ניט אָבגענאַרט. אָט דער מענש האָט געמוזט בלייבען דערזעלבי־גער, וואָס ער איז געווען, אפילו אין דער איצטיגער שרעקליכער צייט, ווען אלץ, אלץ טרעט ארויס פון די ראַהמען פון ציוויליזאַ־ציאָן און קולטור... דער פיעלגעריהמטער קולטור, וואָס איז געווען נאָר א בילינגער גלאַנץ.

וועגען דעם האָבען קלאָר גערעדט בראַבאַנט און פלאַנדערן, דורך די רויכערענדע רואינען פון וועלכע זי איז איצט דורכגע־פאָהרען.

נאָר ער איז געבליבען דאָס, וואָס ער איז געווען, דער פעסטער מענשענפריינד, דער טיף איבערצייגטער פאַציפיסט, וואָס איז געשטאַנען אין פערזענליכען פערקער מיט נאָבעל, וואָס האָט געשעצט איבער פיעלע קונסטווערק א בוך פון זוטנער, צו־ליעב דער טענדענץ פון דעם בוך. ווי זי האָט איהם געקענט פון צעהנדליגער פון זיינע ארטיקלען און פיעלע פּאָפּולערוויסענ־שאַפטליכע ביכער, אזאַ איז ער געבליבען. איצט פאָהרט ער אין דער שפּיץ פון זיין אבטיילונג מיט דעם טשעמאָדאַן, וואָס ליגט איבער איהם אין דעם געץ פאַר באַגאַזש און וואָס האַלט אין זיך שרעקליכע אינסטרומענטען. ער פאָהרט צום פלאַנדרישען פראָנט, דעם שוידערליכסטען אין דעם מערדערישסטען פון אלע קריעגען, אום צו ברענגען הילף, פערבינדען וואונדען, היילען, זאָגען א טרייסטוואָרט צו די שטאַרבענדע, צי זיי זיינען פראַנצויזען, צי ענגלענדער, צי בעלגיער, צי דייטשען... ער איז געבליבען אונפער־ענדערט, אפילו ווען מיליאָנען ארום איהם דענקען אנדערש ווי ער, אפילו ווען מיליאָנען איבער מיליאָנען שרייען זייער „קרייציג איהם, קרייציג!“ מיט דעמזעלבען פאַנאַטיזם און האַס, מיט וועלכען מען האָט דאָס געשריען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק אויף די גאַסען פון ירושלים.

בראַבאַנט און פלאַנדערן!.. אהין, וואו מען ליידט, וואו מען אָפּפערט אם מעהרסטען, אין בראַבאַנט און פלאַנדערן, וועלכע זי ליעבט אזוי! אין איינפאַכע ווערטער, אבער מיט א ציטערענדער שטים האָט זי פאַר איהם אויפגעדעקט איהר טיפ־סטען וואונש, נאָכדעם ווי זי האָט איהם דערצעהלט די געשיכטע פון איהר הייראַט און איהרע ליידען.

און ער האָט זי ניט אונטערבראָכען אונגעדולדיג, ער האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם, ניט אויפהויבענדיג דעם קלאָרען

אין שטילען צימער האָט זיך געהערט דאָס רוישען און לארמען אויף דער נאָהנטער לייפציגערשטראַסע, ווי אַ גערויש פון אַ שטורמיגען ים.

און דאָס צימער! שוין די איינריכטונג דאָ האָט דערצעהלט, וואָס פאר א זעלענקענער ער איז, וואָס פאר אן ענטוזיאַסט פאר קונסט און מענשענפריינד!

נאַציאָנאַלע אונטערשידען, פעלקערגעגענזאַצען זיינען איהם פרעמד. פאר איהם איז נאָר דאָ איין מענשהייט, נאָר איין ליידענדע מענשהייט, וועמעס קראַנקהייטען און ליידען מען דאַרף לינדערען און היילען. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען די „אַנאַטאָמיע" פון דעם גרויסען אַמסטערדאַמער, פון רעמ־בראַנדט, לעבען דעם ענגלישען בילד „דער דאָקטאָר", דעם ריה־רענדען בילד, אויף וועלכען דער וויסענדער דאָקטאָר בויגט זיך איין איבער דעם פיעבערקראַנקען קינד. דאָ איז געהאַנגען דאָס ווערק פון גאַבריעל מאַקס „יעזוס היילט אַ קראַנק קינד", פון דער בערלינער נאַציאָנאַלער גאַלעריע, לעבען אַ מייסטערבילד פון לואוור, וואָס זי האָט נאָך אַמאָל מיט איהר פריינדין בעוואונדערט אין די לאַנג פערגאַנגענע טעג. און אויף דער מיטעלסטער וואַנט איז געהאַנגען „דער וויוויסעקטאָר", אַ שטאַרקע פרויענפיגור, וואָס דריקט צו איהר ברוסט אַ הינטעל און בעשיצט עס פון דעם פיזיאָלאָג'ס מעסער. אין האַנט האַלט זי אַ וואָג, און איין שאָל מיט דעם פלאַמענדען האַרץ פון ליעבע זינקט אַראָב טיפער און טיפער, ווערהענד אויף דער צווייטער שאָל ליגט, בעצירט מיט אַ לאָרבערקראַנץ, דאָס געהירן, אַ סימוואָל פון דעם קאַלטען, אויס־גערעכענטען פערשטאַנד, וואָס האָט אונטעריאָכט אויך אונזער צייט...

ער איז געווען אן אַפּאָסטאָל פון וואַרהייט, מענשענליעבע און שעהנהייט. דאָס האָט מעלאַניע קלאָר דערפיהלט, זעהענדיג אין צימער אַ צווייטע קאָפּיע פון דעם „אַנאַטאָם". דער אַלטער, וואָס האָט זיך איינגעבויגען איבער דעם טויטען קערפּער פון אַ יונגען מיידעל, וואָס ליגט אויפ'ן טיש מיט דער גאַנצער בלענדענ־דער שעהנקייט פון נאַקעטען יונגען קערפּער, קען זיך ניט ענט־שליסען צו בעריהרען דעם קערפּער מיט זיין מעסער, אום צו ערפאָרשען דאָס טיפסטע געהיימניס פון דער נאַטור, ווייל אום צו דערגרייכען דעם ציעל, וואָלט ער געדאַרפט איבערטרעטען איבער פערניכטונג און צושטערונג פון שעהנהייט.

טיף איבערצייגט אין זיין גוטסקייט און גרויסקייט האָט זי

זי האָט געדאַרפט אויספיהרען דאָס, וואָס איהר איבערצייגונג האָט איהר דיקטירט. אין לאַנד פון פיינד זיין א דיענערין אין דער ארבייט פון ליעבע, בעסער פון אַלץ אין בעלגיען, וואָס זי האָט פערעהרט מיט דעם גאַנצען פייער פון איהר הארץ, — דאָס איז געווען איהר איינציגער וואונש.

די אַלע ביוראָס פון רויטען קרייץ און די וואַרטצימערען פון די פערשיעדענע געזעלשאַפטען, וואָס פרויען האָבען נע־גרינדעט און אָנגעפיהרט אין קעניגסבערג און בערלין, זיינען געווען פול מיט מענשען, וואָס זיינען געווען בעזעלט מיט דעמ־זעלבען וואונש, ווי מעלאַניע, און דאָך ניט דעמזעלבען... **זי** האָט געשטרעבט אויסצוגיסען איהר ליעבע אויף די ליידענדע און שווער בעלאַדענע, לויט דעם וואָרט פון דעם, **וואָס איז געווען א פיינד פון דעם און פון יע־דען קריעג!**

ניט צו האסען, נאָר צו ליעבען איז זי דאָ!

זי האָט זיך שוין געפרעגט אין פערצווייפלונג, צי עס וועט איהר געלינגען אינגאַנצען איהר פּלאַן, ווען אין דער לעצטער מינוט האָט זי געפונען הילף ביי פרוי פאָן ווייצענשטיין, אן אלמנה פון א גענעראל.

די דאַמע, וואָס האָט געקוקט אויף די הילפסארבייט, ווי אויף א בעשעפטיגונג, וואָס גאָט אליין האָט איהר געשיקט, האָט איהר געגעבען א בריעף צו פּראָפּעסאר ווילהעלמי, וואָס האָט נע־דאַרפט, ווי זי האָט געוואוסט, צוגרייטען אן אויסעראָרדענטלי־כען צוג פּאַר בעלגיען און אָבפאָהרען אין א פּאָר טעג ארום צום פראָנט אין בעלגיען. איהם האָט מעלאַניע פאן בערקערסבורג פערטרויט איהר ווערה איבער דעם, וואָס קומט פּאָר, און איהר הייסען וואונש צו דיענען די אונגליקליכסטע צווישען די אונ־גליקליכע, דאָרט אין בעלגיען, אין אַנגעזיכט פון געפאהר און טויט.

קעגען אַלע ערוואַרטונגען, האָט זי דער שטאַרק פערנומע־נער פּראָפּעסאָר ווילהעלמי גלייך אויפגענומען אין קאָנסולטאַ־ציאָנסצימער אין זיין פּריוואַטער וואוינונג אין בערלין אויף פּאָסשטראַסע.

זי וועט קיינמאָל ניט פערגעסען יענע שעה, ווען זי איז געזעסען אנטקעגען דעם זאָנדערבארען מענשען, וואָס האָט אין אזא צייט גאָר ניט געהאט קיין פּאראורטיילען, און האָט איהם פערטרויט אַלץ, וואָס האָט געדריקט איהר צוואַוועהטאָגט הארץ.

שטרענגטען אויג, מיט איהר חאריז, וואס איז דורכגענומען מיט דעם טיפסטען מיטלייד פיהלט זי מעהר, ווי זי קען זעהן.

אבער אין די טעג פון פריעדען איז זי אויך אמאל, פונקט ווי ווילהעלמי, געווען אין בראבאנט און פלאנדערן, און זי ליעבט דאס אייגענארטיגע לאנד, איבער וועלכען עס שפרייט זיך א הימעל, וואס איז אנגעזעטיגט מיט דער ים לופט, מיט איהר שארפען גערוך, ווי א צודעק פון אזעלכע שעהנע פארבען, וואס מען קען אין ערגעץ מעהר ניט זעהן אין גאנץ איירָאפּא.

האט דאס געמוזט אזוי זיין? לאנד פון רובענס און רעמב־ראנדט, — דען זיי זיינען דאך איינס אלס לאנדשאפט און קינסט־לערישער בעגריף, — פארוואס ביזט, גראד דו, געווען דער ארט פאר דעם שוידערליכסטען, אבשייליכסטען קריעג אין דער גע־שיכטע? גראד דיינע אולמען און פאפלען האבען געדארפט אב־געשניטען ווערען פון דיין שעהנער ערד אוים טאקטישע גרונדען! גראד דיינע קאנאלען האבען געמוזט געפארבט ווערען מיט דעם פורפורזאפט, וואס די וועלען פון אקעאן וועלען ניט אבוואשען אין יאהרהונדערטער! די האנט פון ליידי מאקבעט, ווען א גאנצער ים פון טרערען וועט שוין ניט קענען אומקערען די ווייס־קייט פון איהר ריינער אונשולד! שעקספיר, גערעכטטער פון די ערעכטע, וויליאם, געטהע'ס גרויסער לעהרער, רובענס און רעמ־בראנדט, עגמאנט און אראניען!

ווי פון פאנטיום צו פילאטום האט זיך מעלאניע געלאזען צוערשט אין קעניגסבערג און דאן אין בערלין, ווען זי האט ענדליך בעשלאסען צו פערלאזען אין געהיים איהר הייטאט און איהר שולדיגען מאן און זיך אריינגווארפען אין די טהעטיגקייט פון רויטען קרייז, טהאן גוטס און אלץ פערגעסען. טהאן גוטס, פריינד צי פיינד, די בעגריפען עקזיסטירען שוין גאר פאר איהר ניט, אומעטום, וואו מען קען העלפען, וואו נאר מען קען וואס פערגעסען און פערגעבען. פע־געסען, פערגעסען די פערגאנגענ־הייט!

אבער אלע ערטער זיינען געווען איבערפילט. פאטריאטישע פרויען און מיידלעך, פיעלע פון זיי, ליידער, נאר צוליעב מאדע, זיינען זיך צונויפגעקומען פון אומעטום צו דער ארבייט פון ליעבע, צווישען א וועלט פון פיינדשאפט און האס. צעהן מאל האט מען מעלאניע'ן צוריקגעוויזען, אבער זי האט ניט נאכגע־לאזען, ביז עס איז איהר ענדליך געלונגען. איהר ענטשלוס איז געבליבען פעסט, איהר ווילען איז געווען הארט ווי אייזען, ווען

## II.

בראַבאַנט און פלאַנדערן! דאָס לאַנד פון רעמבראַנדט און רובענס, די וויעג פון הומאַניזם, וואָס האָט ערלעזט די וועלט צוערשט פון רוים'ס נעגעל און דאַן פון די קייטען פון דעם פינסטערען פיליפּ פון עסקוריאַל. אַ קוואַל פון רייכטום, אַ פעסטונג פון בירגערליכער פרייהייט! דאָס שטאָטהויז אין לאָוועון, דאָס אראָבנעמען פון קרייץ אין קאַטעדראַל פון אנטווערפּען, — פּערלען פון קונסט, וואָס וועט אין קיין איראָפּעאישען לאַנד ניט בעגעגענט ווערען.

דער שנעלצוג מיט פּראָפעסאָר ווילהעלמי'ס שטאַב האָט שוין הינטער זיך געלאָזען ווערוועי, די גרענעצסטאַציאָן, וועלכע איז היינט פול מיט סאָלדאַטען, וואָס זיינען פאָרמירט געוואָרען, ווי אין אַכען, אין נייע רעזערוועען און וועלען אָבגעשיקט ווערען צום פראָנט ביי איפּר... אָט איז ליעזש, דער שטאַנדהאַפטיגער ליעזש, דער צענטער פון קוילען פליהט פערביי, דעם לאַנד'ס אונערמעסליכע, שוואַרצע רייכטום! צושאָסען די געוואַלטיגע פאָרטען, די ווייסע פאָהן וועהט נאָך אויף איינעם, וואָס האָט אַם לענגסטען אויסגעהאַלטען, וועמעס ווענט פון בעטאָן און פאַנצערפלאַטען זיינען אויפגעריסען געוואָרען מיט בעטויבענדע קראַכען, ווען די צענטנערשווערע פערניכטער זיינען געקומען צופליהען פון די פייערשפּייענדע מיילער... לאָסען, וועמעס בראַווסטע פערטיידיגער, צוזאַמען מיט דעם פיהרער פון דער פעסטונג, זיינען בעגראָבען געוואָרען אונטער די רואינען... דעם פיהרער האָט א וואונדער געראַטעט פון דעם גיפטיגען וואָלקען פון פולווער און שוועבעלדאַמף... געראַטעט אלס געפאַנגענעם!... ליעזש און די שוואַרצע רייכטימער פון לאַנד, די צוזאַמענגעפאַלענע קוימענס פון דער אינדוסטריעלער פּראָווינץ, וואָס פלייסיגע הענט האָבען אויפגעשטעלט... דאָס לאַנד פון וואַלאָנען ליגט ווייט הינטער דעם צוג.

אין דעם דורכגאַנג וואַגאָן ס שטעהט מעלאַניע און פּרעסט דעם הייסען שטערען אויף די קאַלטע שויב. דער קוילענשטויב פון לאָקאָמאָטיוו און דער דאַמף פון קאָכענדען וואַסער, וואָס טרייבט אונאויפהערליך די מאַשין פאָראויס, בעדעקען דאָס גלאָז אזוי געדיכט, אז זי איז קוים אימשטאַנד צו זעהן די פערבייפליהענדע לאַנדשאַפט, אונטערשיידען די הייזער, דערפער, ווינטמיהלען, קאַנאַלען און ברייטע לאַנקעס. מיט איהר שאַרפען אָנגע־

פרוי איילען אהין, וואו דער ווארימער ווינט צוטראָגט ווייט איבער דעם ים די טענער פון א וואונדערליכען אָרקעסטער, — אין אָסטענדע, וואו גאַנץ אייראָפּא פאָהרט זיך צונויף, וואו אלע נאציאָנען פון ביידע העמיספערען פלעגען זיך רייכען די הענט, וואו די קינדער פלעגען גראָבען דעם פיינעם זאַמד, זוכענדיג מושלען... זייערע פאָטערס האָבען איצט מיט זייער בלוט גע־פארבט אָט דעם זאַמד!

ער ציטערט אויף... ער האָט דאָך געוויס שטארקע נערווען, ער, דירעקטאָר פון א כירורגישער קליניק, איינער פון די מוטיג־סטע און בעריהמטסטע כירורגען פון זיין צייט, וואָס צוזעגט, ווען דאָס איז נויטיג, היפטענביינער אויף לעבעדיגע קערפּער, ווי דאָס וואָלט געווען א שטאַם פון א טאַנענבוים אין וואַלד... און דאָך... רואינען אויף דעם אָרט פון דער געוועזענער אונבע־שרייבליכער שעהנקייט און עלעגאנץ פון אָסטענד, פלאַמען האָבען פערצעהרט דעם וואונדערליכען, רייכען קורזאַל, דער רויך פון פולווער איבער די מיטעלאַלטערליכע קלוב־געביידען און פאטריציער־הייזער פון מעשעלן, גענט און בריגע, — בריגע, איבער וועמעס גאַסען ער האָט, בעטרונקען פון שעהנהייט, גע־וואַנדערט ווי א פערצויבערטער פּרינץ פון פערגאַנגענע יאָהר־הונדערטער פון שעהנהייט און רייכטום...

און קעגענאיבער איהם זיצט דער שנאָרכענדער, זאַטער הויף פרעדיגער, וועמען מען האָט פון בערלין קאָמאַנדירט צום פראָנט אין דאָסזעלבע פלאַנדערן, פאַר וועמען קריעג און טויט, האַס און יענע וועלט קענען שוין מעהר ניט זיין קיין פּראָבלעמען. פאַר וועמען דאָס וואָרט איז וואָרט, אָבער ניט מעהר ווי וואָרט!

הויבט דען שוין אָן טאָגען? איז מען שוין אזוי לאַנג גע־פאָהרען, אַז מען איז שוין איצט לעבען אַאַכען און באַלד ביים גרענעץ, ביי דעם, וואָס איז אמאָל געווען דער גרענעץ?.. אמאָל... אמאָל...

ווילהעלמי שפּרינגט אויף. איהם ווערט קאַלט. ווירקליך, דער צוג נעמט לויפען לאַנגזאַמער, און אָט שטעלט ער זיך אָפּ... דער וואָקזאַל פון אַאַכען...

אויף דער פּלאַטפאָרם פון וואָקזאַל דאָסזעלבע בילד... יונגע, געזונטע סאָלדאַטען, וואָס מוזען געהן אין בלוטבאָד אויפ'ן פראָנט, פרויען און מיידלעך, וואָס גיבען זיי מיט עסענוואַרג און בלומען, מיעדע און פערבונדענע, וואָס ווערען טראַנספּאָרטירט צוריק, ווי ביינאַכט אויף דער קליינער סטאַציאָן!

ווען און ווי אזוי, יע, ווי אזוי וועט זיך דאָס אלץ ענדיגען?

שלאָף, אָבער ניין, ער לעהנט גלייך ווידער אָן דעם קאָפּ און בראָפּעט ווייטער גאנץ געשמאַק.

דריי מינוטען שטעהט דער צוג. פלאַקערענדע ליכטער אויף דער קליינער סטאַציאָן. סאָלדאַטען און סאַניטעטס־פּערסאָנאַל טראָגען די שווער פערוואונדעטע אין א טראַנספּאָרט, וואָס געהט אָב אהיים, ווייל די לאַזארעטען אין בראַבאַנט און פלאַנדערן קענען שוין לאַנג ניט האַלטען די אַלע קראַנקע און פערוואונדעטע. וועמען מען קען נאָר אבפיהרען, מוז מען איבערשיקען ווייטער אין לאַנד. און וויפיעל אַזעלכע שטאַרבען אויף דער רייזע!

דריי מינוטען... דער צוג ריהרט זיך ווידער. די מאַשין אר־בייט אַלץ שנעלער, און באַלד הערט זיך שוין ווידער דאָס איינ־טאָניגע קלאַפּען פון די רעדער, דאָס רוישען פון לאָקאָמאָטיוו, און אין די שויבען קוקט די שוואַרצע אונדורכדרינגליכע נאַכט.

פאַר דעם וואַכען גע־דאַנק פון ווילהעלמי קומען די עבענען און שטעדט פון פלאַנדערן און בראַבאַנט. אין זיין אויפגערעגטער פאָרשטעלונג מאָלען זיי זיך איהם אַזעלכע, ווי ער האָט זיי גע־זעהן אין די זומער מאָנאַטען מיט יאָהרען צוריק אין צייט פון פריערען. ער און זיין פרוי זיינען געווען פערעהרער פון קונסט און שעהנהייט און בעוואונדערער פון דעם אונפערגלייכליכען רובענס. זיי האָבען טיף געליעבט דעם ים, און מיט עדרפורכט פלעגען זיי אָפט געהן אויף די גאַסען, אויף וועלכע דער גייסט פון אויפשטאַנד און פרייהייט האָט זיך געטראָגען אין די צייטען פון שפּאַנישער הערשאַפט.

די אונפערגעסליכע זומערטעג איבער די שטילע קאַנאַלען פון גענט אָדער בריגע, וואו די הייזער און בוימער האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין שוואַרצען וואַסער, וואו יאָהרהונדערטער האָבען זיך ווי אָבגעשטעלט פאַר די ראַטהייזער, קירכען און קראָמען, וואָס דער בירגערליכער געשמאַק און דאָס איינגעשפּאַר־טע, שטאָלצע זעלבסטבעוואוסטזיין האָבען אויפגעבויט און בע־ציערט מיט די ווערק פון יענער אונשטערבליכער מיניאַטור־קונסט, וואָס האָט זיך אין קיין אנדער לאַנד ניט ענטוויקעלט, אויסער נידערלאַנדען.

און פריינד און פערטרויטע פון ים זיינען דאָ ער און זיין פרוי געווען אין די פערגאַנגענע זומערען פון פריערענסצייט. קנאָקע, אָסטענדע, בלאַנקענבערגע, הייסט, — ווי אָפט האָבען זיי דאָ גערוהט אין די זומער מאָנאַטען! ווי נאָר ער פלעגט קענען זיך ארויסרייסען פון די טרויעריגע צימערען פון זיין קליניק און זיך ווידער דערפיהלען א מענש, פלעגען ער און זיין

מיט דעם ניכטערען בליק פון א נאַטורפאָרשענדען בעאָבאַכטער, אָבער היינט קען ער טעאָלאָגיע אין גאַנצען ניט בעגרייפען!

זי האָט זיך אין פערלויף פון די לעצטע פאָר וואכען אומ־געדרעהט, אָט די פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגיע, איינפאַך אומ־געדרעהט זיך אויף די קנאפּעל, ווי א באַטאַליאָן פון פּרייסישע סאָלדאַטען אויף דער קאָמאנדע פון דעם מאַיאָר! א לעבעדיגער בעוויז איז געווען אָט דער מענש, וואָס איז דאָ געזעסען אנט־קעגען איהם און געשלאָפען. הויף־פּרעדיגער, פעלדגייסטליכער, און ווער ווייס וואָס נאָך, קירכענראַט, עהרענדאקטאר, וועמען מען האָט קאָמאנדירט צום פראָנט, פאָהרט ער איצט אין איין צוג מיט ווילהעלמי, אום צו ערמונטערען די סאָלדאַטען און אפּי־צירען און ווי א טאַשענשפּיעל פערדרעהען דאָס געבאָט פון ליעבע אין א געבאָט פון האס.

„איהר האָט געהערט: דו זאָלסט ליעבען דיין פריינד און האסען דיין פיינד! איך אָבער זאָג אייך: ליעבט אייער פיינד, בענשט די, וואָס פלוכען אייך, בעט פאַר די, וואָס בעליי־דיגען אייך, דען איהר זייט קינדער פון אייער פאָטער אין הימעל..."

און אָט דער מענש דאָ וועט וואַגען אויפצושטעהן קעגען זיין האר און ערלייזער און פּרעדיגען האס!

ווילהעלמי שמייכעלט, פאַרשטעלענדיג זיך זיין וויז־א־ווי מיט דעם פעטען געזיכט און דעם שניט אויף'ן באק אין א שוואר־צען קלייד, אלס דעם פּראָפעט פון דעם לעהרער פון נצרת, וואָס גיט אָב אויך זיין מאנטעל צו דעם, וואָס האָט ביי איהם צוגענו־מען זיין ראָק. די בערגלעך פון גליל, וואו טויזענדער האָבען גע־לעבט פון צוויי ווייצענברויטען און צוויי פישלעך און פון די ווערטער פון זיין מויל, און אָט דער מענש דאָ!

אָבער וואָס איז דער וואונדער! האָבען דען נאָך ערשט מיט עטליכע וואָכען צוריק די אויטאָריטעטען, וואָס זיינען אמאָל גע־ווען הייליג, ניט געשפּיעלט מיט די מאָראלע בעגריפען פון דער מענשהייט, ווי מיט א פּילקע? האָט זיך דען אלץ ניט איבערגע־קערט, אויסער איהם און זיין קונסט? נאָר ער אליין וועט הייל'ען, אָפּערירען, פערבינדען, רעטען און געזונט מאכען, פריינד און פיינד, אלץ איינס, לינדערען די ליידען, טהאָן גוטס, ניט פרעגענ־דיג, וועמען ער וועט דאָס טהאָן.

דער צוג שטעלט זיך אָב. איין מאָמענט האָט אויסגעוויזען, ווי דער הויף־פּרעדיגער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טיפען

האָבען אמאָל געשעפּט ערהאבענע פרייד; פונקט ווי דער פּאַר־שער, וואָס האָט זיך דערגראָבען צום גרונד פון ווארהייט; פונקט ווי דער פרעדיגער, וואָס האָט דערהויבען א גאנצע געמיינדע צו ריינע הויכקייטען!

און וועלען אָט די אָפּפער זיין אליין? וועלען דען זיך ניט אומקערען אהיים טויזענדער, צעהנדליגער, הונדערטער טויזענ־דער קריפּעלס און קראנקע, ווי פיעלע פון זיינע פּאציענטען, וועמען עס איז איהם אזוי שווער געווען צו פערבאָטען צו הייראַ־טען, און די וועלען איצט קומען צו זייערע פרויען און פאמיליען, וועלען איבערגעבען די קראנקהייטען פון זייערע אָרגאניזמען צו א נייער גענעראציאָן, וואָס וועט זיין א פלוך און אן אונגליק פאר דער צוקונפט פון די אייראָפּעאישע לענדער. מיט שרעק זעהט דאָס ווילהעלמי זעהר קלאָר פאר זיך.

מיט אזעלכע געדאנקען איז ער איצט געפאָהרען דורך די נאכט צו די שלאכטפעלדער פון פלאנדערן, אום צו ברענגען הילף.

ווילהעלמי האט זיך ארומגעקוקט. זיין בליק איז געפאלען אויף דאָס געזיכט פון דעם הויף־פּרעדיגער, וואָס איז געזעסען אנטקעגען איהם א זעלבסטצופריעדענער און האָט זיס געדריי־מעלט. ער האָט זיך א ווילע אריינגעקוקט אין דעם גלאַטראזיר־טען פרעדיגער, דאן האָט ער געשאָקעלט מיט זיין פיינעם קאָפּ פון א געלעהרטען און האָט שמערצליך געשמייכעלט.

„ווי איז דאָס געווען מעגליך? — האָט ער א טראכט געטאָן. -- א זעלבסטצופריעדענער נאַר מיט דעם טיטול פון הויף־פרע־די־נער!“ אליין איז ער אן אויסגעשפּראָכענער מאטעריאליסט. דארווין, וואָס האָט געהערט צו א נאציאָן, וועלכע מען האָט איצט געדארפט האסען, פּאסטער, וואָס האָט געהערט צו א פּאָלק, צו וועלכען מען האָט איצט געדארפט אפיציעל פיהלען מיטלייד, דאָס זיינען געווען זיינע צוויי גרויסע לעהרער. אין זיין שווערער פּראָפּעסיאָן האָט ער געדיענט טריי, געטאָן זיין ארבייט געוויסענהאפט און האָט זיך ניט פערטיפט ווייטער אין פראגען פון גלויבען און יענער וועלט.

איבער איצט, קוקענדיג אויף דעם זאטען מענשען, וואָס איז זיך אזוי בעקוועם געזעסען אין די ווייכע קישענס אנטקעגען איהם, זיינען איהם געקומען אין קאָפּ אפיקורסישע געדאנקען.

טעאָלאָגיע איז דער עלאסטישסטער פון אלע בעגריפען. ער האָט זי קיינמאָל ניט געקענט גוט פערשטעהן, ער, דער מעדיקער

און אויסלאנד. אין יענע פאָרטראגען האָט ער אָנגעוויזען אויף די נויטווענדיגקייט פון ארבייטער פערזיכערונג פון אונגליקס־פאַלען, און אז מען מוז איינפיהרען אין פאבריקען, מינען און אויף אייזענבאהנען געוויסע רעגלען פון פארזיכטיגקייט, וואָס זאָלען דערהויבען ווערען צו א געזעץ; ער האָט אויך אָנגעוויזען, ווי נויטיג עס איז איינצוקויפען מעזאָטאָר און ראדיום צו היילען קרעבסקראנקע און איינריכטען טובערקולאָז סאַנאַטאָריען צו בע־קעמפען שווינדזוכט... און ווי אונענדליך לעכערליך ער קומט זיך דאָס איצט אליין פאָר מיט זיינע שעהנע שטרעבונגען צו דיענען דער ליידענדער מענשהייט!

וואָס פאר א בעטרעף האָבען איצט אין דער אמת'ען אָט די אלע קרעבסקראנקע און שווינדזיכטיגע ארבייטער, וועמען ד"ר האָט אָבגעגעבען זיין לעבען און זיין קאַריערע, אין פערגלייך מיט די צעהנדליגער און הונדערטער טויזענדער, די מיליאָנען, וואָס פערגיסען זייער בלוט און הויכען אויס זייער לעצטען אטעם אויף די ווייטע עבענען פון פלאנדערן און פוילען, אין די גראָ־בענס, אין די פאנצערטורעמס, אויף די ריעזיגע שיפען אויף'ן אָקעאן! צעהנדליגער, הונדערטער טויזענדער, מיליאָנען געזונטע, בליהענדע יונגע מענשען, וואָס נויטיגען זיך ניט אין קיין מעזאָ־טאָר אָדער ראדיום, אום צו פערלענגערען זייער וועלקענדען לע־בען אויף א פאָר מאָנאטען, די בליהונג פון דער נאציאָן, ניין, פון די נאציאָנען פון אייראָפא, וואָס גיבען אָב די קראפט פון צו־קונפטיגע גענעראציאָנען צום טויט, וועלכער גיט קיין זאך ניט צוריק, אנשטאט אָט די מענשען בלייבען אין דער היים אלטע, קראנקע און קריפעלס.

די בליהונג פון דער נאציאָן, — דער דייטשער, פראנצויזי־שער, ענגלישער, בעלגישער אָדער רוסישער, אלץ איינס! — ווערט אונערבארמליך געשניטען פון פייערשפייענדע מאָנסטער, וואָס האבזיכטיגע אונטערנעמער און ערדגייציגע קריעגער האָבען ערפונדען און אויפגעבויט, און קיין זאך בלייבט ניט איבער אנשטאט זיי! דער נעגער, הינדו, טורקאָ, ספאהי, וואָס ענגלאנד און פראנקרייך האָבען גערופען אלס הילפספעלקער אין דעם שרעקליכסטען פון אלע קריעגען, דאָס אלץ איז נאָר פוטער פאר די ריעזיגע פערניכטונגס מאשינען, וואָס ווארפען ארויס מיט מאטעמאטישער גענויקייט זייערע שראפנעלען און גראנאטען;— פונקט אזוי גוט, ווי א פאריזער, בערלינער אָדער מינכענער מא־לער, וואָס האָט ענטציקט מיט זיינע בילדער די, וואָס שעצען קונסט; פונקט ווי דער דיכטער, פון וועמעס ביכער טויזענדער

לעבען ווידער געשענקט. ער שווייגט און קוקט פערטראכט פאר זיך. איבער זיין קאָפּ אין נעץ פאר געפּעק ליגט זיין קליינער לע־דערנער טשעמאָדאַן. אין טשעמאָדאַן געפינען זיך די אינסטרו־מענטען, וואָס לעבען אויף אין די הענט פון דעם מייסטער און ווערען ווערקצייג פאר וואונדער: מעסער, זעגען פאר ביינער, געבויגענע און געקרימטע זאָנדען, מיט וועלכע דער כירורג פאָרשט אויס דאָס געהיימניס פון די וואונדען; די מעדיקאמענ־טען און דאָס פערבאנדצייג, מיט דער הילף פון וועלכע ער בע־הערשט אלערליי פאָרמען פון לעהמונג.

ווילהעלמי קען ניט שלאָפען. אין די לאנגע זיעבצעהן יאָהר, זינט ער איז דירעקטאָר פון דער כירורגישער קליניק, האָט ער פיעל געזעהן און איבערגעלעבט. אויך פריהער, נאָך זייענדיג אן אסיסטענט פון די ערשטע קאָריפעען אין באָן און ברעסלאו, האָט ער פיעל, פיעל שוידערהאפטעס געזעהן. אָבער וואָס ערוואַרט איהם איצט אויף די שלאכטפעלדער אין פלאנדערן?

מיט עטליכע יאָהר צוריק איז געשעהן אַן אייזענבאהן אונ־גליק לעבען ברעסלאו, און ער איז געווען איינער פון די ערשטע אָנצוקומען אויף׳ן אָרט. עס איז איהם אויך אמאָל אויסגעקומען צו פאָהרען אין רוהר געגענד, וואו מינען זיינען איינגעפאלען, און בעהאנדלען און פערבינדען די מינען ארבייטער, וואָס זיינען פערשאָטען געוואָרען און וואָס מען האָט ארויסגענומען האלב־פערברענטע פון די מינען. אָבער וואָס איז דאָס אַלץ געווען אין פערגלייך מיט דעם, וואָס וועט קומען דאָרט אויף׳ן ים ברעג פון די שווערע געוועהר פון פעלדארטילעריע, פון די פראנצויזישע פינף־און־זיעבציגער! וואָס איז דאָס געווען אין פערגלייך מיט דעם, וואָס איהם איז איצט פאָרגעשטאנען צו זעהן אין א לאנד, וואָס איז אָנגעפילט מיט רויך, נאָך ניט לאנג צוריק אזא שעהנעם לאנד, אויף וועמעס ברייטער עבענע צעהנדליגער טויזענדער קינ־דער פון זיין פאָלק ליגען איצט פערוואונדעטע און פערקריפּעל־טע! נאָך מיט א זעקס מאָנאטען צוריק האָט ווילהעלמי געמיינט, אז זייענדיג דירעקטאָר פון בערלינער קליניק, האָט ער ערשעפּט דעם אָבגרונד פון מענשליכע ליידען... און איצט...

און ווי ער פאהרט אזוי דורך די נאָרד־דייטשע נידריגע עבענע, און אין דרויסען אין דער שווארצער אונהיימליכער פינסטערניש איז ניט צו בעמערקען קיין בוימער אָדער בושען, דערמאָנט ער זיך אָן זיינע פאָרטראגען, וואָס ער האָט ערשט ניט לאנג נאָך געהאלטען אין פערשיעדענע שטעדט אין דייטשלאנד

# פערטער טייל

## I

אָהן א בעשטימטען פאהרפּלאַן לויפט דער שנעלצוג דורך די אונדורכדרינגליכע פינסטערניש פון דער נאַכט, פון בערלין איבער קעלן צו אַאכען. ער פיהרט דעם שטאַב פון דעם בעריהמטען קליניקער און כירורג פּראָפעסאָר ווילהעלמי, אויף די שלאַכטפעלדער אין פלאַנדערן. אונערהערטע זאכען גיט מען שטילערהייט איבער איינער דעם אנדערען אין בערלין. שוין אַ וואָך, אז די צייטונגען ברענגען ניט קיין פערלוסטליסטען. מען רעדט שטילערהייט וועגען שרעקליכע אָפּפער, וואָס דער דריימאָליגער, געצוואונגענער און אומזיסטער איבערגאַנג פון דעם איזער האָט געקאָסט. און צעהנדליגער מיליטערצוגען ווערען אריבערגעוואָרפען פון אָסט אין וועסט, פערשטאַרקונגען פון אין איילעניש צוזאַמענגעשטעלטע רעזערווקאָרפּוסען, וואָס דאַרפען מאַכען דעם געוואגטען איבערגאנג צום פערטען מאָל, ווייל מען האָט זיך געשטעלט פאר א ציעל איינצונעמען קאַלעי און בולאָן צו אַ פאראויס בעשטימטען דאַטום.

נאָך שרעקליכערע פערלוסטען וועלען זיין. דעריבער פליהט דאָס אזוי דער צוג, וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט שוועסטער, קראַנקענוואַרטער און אַרצטען, אונטער דער לייטונג פון ווילהעלמי, פון אָסט נאָך וועסט, און שטעלט זיך קוים אָב ביי אַ סטאַציאָן. די פּאָטסדאַמער און בערלינער גאַרדע־רעגימענטען דאַרפען דאָס בעווייזען דעם וואונדער.

און שוין גרייט זיך דער אַטלאַנטישער אָקעאַן זיי אויפצונעמען.

אין די שויבען קוקט די אונדורכדרינגליכע נאַכט פון אָנהויב ווינטער.

אין א ווינקעל פון א קופּע פון ערשטען קלאַס זיצט ווילהעלמי, א פריינדליכער העדר מיט דעם ערנסטען געזיכט פון א געלעהרטען, וואָס האָט אין זיין בערלינער קליניק אין פערלויף פון יאָהרען און פון זיין ארבייט הונדערטער מענשען דאָס

דער קוטשער שמייסט ווילד די פערד.

הו־הו!.. הו־הו!... קאַזאַקען, דאָס מאָל אמת'ע קאַזאַקען... דאָס מאָל ניט קיין געשפענסטער... דאָס מאָל ניט קיין צווייגען פון בוימער... דאָס מאָל אמת'ע לעבעדיגע רייטער, צוזאמענגע־וואקסענע מיט די פערד...

הו־הו!.. הו־הו!.. שאָסען פון רעוואָלווערען...

דער קוטשער פאלט אראָב, די פערד פאלען... קנאַלען פון רימענבייטשען... הו־הו!.. הו־הו!..

דער וואָגען שטעהט, ווי איינגעגראָבען... בראָנזגעזיכטער אין פאקעלשיין... איבער דער שוועסטער, איבער דעם באַראָן, איבער דעם טויטען קערפער... דרויסען ליגען אין שמוץ און אין בלוט כריסטיאַן און די פערד.

רעוואָלווערען קראַכען... געשרייען... טויטשטיל...

גיעריגע הענט טאַפּען נאָך דעם פּאָרטפעל פון באַראָן מיט זיין לעצטען גערעטעטען פערמעגען, שמוציגע הענט שלעפען די צום טויט פערוואונדעטע שוועסטער איבער דער מיט מאָך בע־דעקטער ערד אין געדיכטען וואלד.

די קערפּער פון באַראָן און מאַיאָר ליגען ווי אַ קרייז איינער איבער דעם אנדערען לעבען די פערד, דעם קוטשער און דעם אי־בערגעקערטען וואָגען...

דעם צאַר'ס קאַזאַקען איבער אייך, גאָט'ס געריכט, געטער פון ראכע, ווי איבער ראַזעי!

אָבער דער מאַיאָר הערט זיי שוין מעהר ניט.

א גאנצע אבטיילונג ציהט איצט דורך דעם וואלד פון עידקונגען, ווי אַ וואלקען פון וועספּען, וואָס האָבען זיך אויף אַ ווײַלע אראָבגעלאָזען אויף די פוילענדע עפּעל אונטער די בוימער און האָבען זיך איצט ווידער אויפגעהויבען און טראגען זיך איבער דעם וואלד.

הו־הו!.. הו־הו!..

דעם צאַר'ס קאַזאַקען איבער אייך!

— מישט זיך דאָ אַרײַן דער באַראָן, — און איהר דערצעהלט דאָס אונז ערשט איצט?

א פּאַרוואָרף הערט זיך אין זײַן שטים, אָבער שוועסטער אורסולאַ הערט דאָס גאַנץ גלײַכגילטיג אויס. זי קוקט זיך מעהר ניט אום אויף דעם באַראָן. איהרע בליקען, פול מיט שרעק, זײַנען צוגעשמידט צום מאַיאָר׳ס געזיכט. זײַנע אויגען זײַנען אָנגעלאָפען מיט בלוט און ווײַט אַרויסגעטראָטען פון זײערע לעכער. זײ גליהען איצט אין דעם שײַן פון די ברענענדע דערפער, וואָס רײַסט זיך דורך אין וואַלד פון עידקונען. שוועסטער אורסולאַ ציטערט אויף, דערהערענדיג די שרעקליכע שטים פון מאַיאָר, ווען ער רעדט אַרויס מיט די לעצטע קרעפטען:

— דערענדיגט אײער ערצעהלונג, שוועסטער אורסולאַ! האָט אײַך די פרוי מאַיאָר מיטגעטײלט וועגען איהרע אַבזיכטען, פאַרוואָס זי איז אָבגעפאָהרען אין קעניגסבערג און בערלין?

— נײן, הערר מאַיאָר! — זאָגט די שוועסטער א ליגען, ווי פון אַן אינסטינקטיווען אימפּולס.

אָבער דער גוט געמײנטער ליגען פון דער שוועסטער, וואָס האָט ניט געוואָלט, דער מאַיאָר זאָל זיך דערוויסען, אַז מעלאַניע האָט אַלץ ערפאַהרען און איז דעריבער אַוועק, פערלאַזענדיג איהם אויף אייביג, האָט שוין ניט געהאָלפען. א גלאַנצענדיגער געגענשטאַנד האָט אויפגעבליצט אין זײַן האַנט, א פײַערשײַן האָט אויף אַן אויגענבליק בעלויכטען דאָס אינווענינסטע פון עקיפּאַזש, און א דומפּיגער קנאַל האָט זיך דערהערט...

דער באַראָן האָט אויסגעשריען, די שוועסטער האָט אַרויסגעגעבען א פערשטיקטען קלאַנג...

הו־הו!... הו־הו!... דאָס איז ווידער געוועזן דעם קוטשער׳ס בײַטש, וואָס האָט אָנגעטריבען די אויסגעמאַטערטע פערד...

די שוועסטער בויגט זיך איבער דעם מאַיאָר און פיהרט איהר האַנט איבער זײַן געזיכט. אין דעם ענגען וואָגען ווײסט זי ניט וואָס צו טהאָן. דאָס יאָמערען פון באַראָן נעמט בײַ איהר אָב דעם לעצטען רעשט פון זעלבסטבעהערשונג.

— וואָס האָט ער געטהאָן? האָט ער זיך דערשאָסען? רעדט דאָך, שוועסטער!

די ציטערענדע און אײַזקאַלטע הענט פון דער שוועסטער בעוועגען זיך איבער דעם מאַיאָר׳ס קערפּער. ענדליך דערפיהלען איהרע הענט א וואַרימען שטראָם... בלוט, בלוט... דאָס סימוואָל פון אונזער צײַט!

— אין האַרץ, — שטאַמעלט זי. — אין האַרץ, דוכט מיר, הערר באַראָן

אבגעפאָחרען פון ווערזשבאָלאָווא? און וואוהין איז זי גע־פאָהרען?

שוועסטער אורסולא שווייגט. זי האָט גוט בעמערקט, אז דער מאַיאָר פערפאָלגט איהר יעדעס וואָרט מיט געשפאַנטער אויפמערקזאַמקייט, אז ער זעהט אויס, ווי ער וואָלט געוואָלט דעם ענטפער, וואס דער באראָן ערוואַרט אויך, איהר ארויסרייסען פון מויל. און זי איז איבערצייגט, אז ווען דער מאַיאָר וועט דערהערען איהר ענטפער, וועט דאָס פאר איהם זיין א טויט־קלאַפּ. אָבער דער באַראָן פרעגט ווידער, דאָס מאָל שוין מיט דעם ווייכענדיגען טאָן פון אן איינגעשפּאַרטען קינד:

— איהר האָט געהערט עפּעס בעשטימטעס, שוועסטער אורסולא. איהר ווייסט, וואו די פרוי מאַיאָר איז, איהר ווייסט, אז זי איז נעכטען אָבגעפאָהרען פון ווערזשבאָלאָווא, זיך ניט געזעגענענדיג מיט אונז. מאַטערט אונז ניט מעהר, שוועסטער אורסולא!

די שוועסטער איז נאָך אַלץ אונענטשלאָסען, צי זאָל זי ענטפערען אויף דעם באַראָן׳ס פראגען, און וואָס זי זאָל זאָגען. דאָ דערהערט זיך פּלוצלינג: הו־הו!... הו־הו!...

דער באַראָן שפּרינגט אויף אין שרעק.

— דאָס זיינען זיי, אום גאָטעס ווילען, זיינען זיי דאָס?

דאָס איז אָבער נאָר געווען כריסטיאַן, וואָס האָט ווידער צוגעטריבען די פערד, וואָס האָבען זיך נאָכאַמאָל אָבגעשטעלט.

— רעדט, שוועסטער אורסולא! — מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג, אָבער ווי א בעפעהל פון די אַמאָליגע, די בעסטע טעג פון זיין געזונדהייט, זיינען די ווערטער ארויס פון מאַיאָר׳ס מויל. און שוועסטער אורסולא האָט ניט געקענט ווידערשטעהן דער סוגעסטיווער קראַפט פון דעם בעפעהל, וואס האָט זיך אויס־געארבייט אין דער שול פון פּרייסישען מיליטאַריזם.

לאנגזאם, אבער ווי אונטער דעם איינפלוס פון א העכע־רער מאַכט, וואָס איהר ווילען קען ניט איבערוועלטיגען, זאָגט זי:

— די גנעדיגע פרוי איז אבגעפאהרען אין קעניגסבערג און פון דאָרט אין בערלין. זי האָט דעריבער ניט געקענט אריינפאלען אין די הענט פון די קאָזאַקען. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך האָב איהר צוגעזאָגט קיינעם קיין וואָרט ניט זאגען וועגען איהר בריעף און איהר בעשלוס, האָב איך דאָך געפונען פאר נויטיג דאס אייך צו זאגען, אום אייך צו בערוהיגען. די קאזאקען האָבען איהר קיין שלעכטס ניט געקענט טהאָן.

— האָט, הייסט דאָס, די פרוי מאַיאָר אייך געשריעבען,

נאָר די אויגען פון באראָן, וואָס זיינען ברייט אויפגעריסען און אנגעפילט מיט שרעק. דער עלענדער פּאָראגריקער, וואס האָט שוין איצט אלץ פערלאָרען, הערט נאָך ניט אויף צו זאָרגען וועגען זיין געזונד און וועגען דעם לעצטען רעשט פון זיין פערמעגען, און שרייט אלץ צום קוטשער, ער זאָל אנטרייבען די פערד, וואָס קענען שוין קוים שלעפּען די פיס פון שרעק און מיעדקייט.

דער באראָן הויבט זיך אויף פון זיין אָרט, קוקט ארוים דורכ'ן פענסטער צוריק...

— זיי זיינען שוין נאָהנט אויף אונזערע טריט... טרייבט די פערד, כריסטיאן! — שרייט ער, אָבער דאָס זיינען נאָר די צווייגען פון בוימער, וואָס טרייסלען זיך ווי געשפּענסטער ביים העלען שיין פון ווייטע פלאַמען. די קאָזאקען ארבייטען איצט אין די גיטער און הייזער און דענקען גארניט וועגען פערפאלגונג. זיי זיינען ווי א וואָלקען פון וועספּען, וואָס האָבען דערשמעקט פוילענדע עפּעל אונטער די שווערבעלאָדענע עפּעלבוימער.

ענדליך פרעגט דער באראָן:

— וואו האָט זי זיך געקענט אהינטהאָן, בערקערסבורג?

קיין ענטפער קומט ניט. די אויפגעריסענע וואונד ברענט, די שמערצען רויבען דעם מאיאָר כמעט זיין פערשטאנד. קיין וואָרט ניט!

— ווייסט איהר גארניט וועגען דעם, שוועסטער אורסולא?

— איך האָב ניט די מינדסטע פארשטעלונג, הערר באראָן!

— שרעקליך, שרעקליך, אויב זי איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די קאָזאקען!...

— דאָס גלויב איך ניט, הערר באראָן!

— פארוואָס גלויבט איהר דאָס ניט, שוועסטער אורסולא?

— ווייל איך דענק, אז די פרוי מאיאָר איז אין זיכערהייט.

— פארוואָס דענקט איהר אזוי, שוועסטער אורסולא? זאָגט דאָס מיר, בערוהיגט מיך!

— די פרוי מאיאָר איז דאָך שוין נעכטען אוועק פון הויז, איידער די נאכריכט וועגען דעם אריינדרינגען פון די רוסען אין ווערזשבאלאָווא איז נאָך אָנגעקומען. די פרוי מאיאָר האָט געהאט צייט אָבצופאָהרען.

ביי די ווערטער האָט דער מאיאָר געווענדט זיינע אויגען, אנגעפילט מיט פיבערהאפטען גלאנץ, אויף די שוועסטער אָבער ער זאָגט קיין וואָרט ניט.

דער באראָן אָבער פרעגט ווייטער:

— איהר ווייסט עפּעס בעשטימטעס, שוועסטער אורסולא, פון וואָס שליסט איהר, אז די פרוי מאיאָר איז נאָך נעכטען

אין די ברוסטקעשענע פון זיין ראָק. דאָ האלט ער זיין פּארטפּעל מיט די לעצטע באנקנאָטען, וואָס ער האָט געראטעוועט פון זיין פייערזיכערען שראַנק אין פאלקענשטיין. דאָס לעצטע, וואָס איז איהם געבליבען! און ווער קען וויסען, צי ער וועט מאָרגען נאָך האָבען א רויטען העלער?

קאָזאַקען איבער איהם און זיין פאָלק! הו־הו!.. הו־הו!... זייערע שארפע אויסגעשרייען רייסען זיך אריין אין די שטילקייט פון וואלד.

א קלאַפּען און קראַכען הערט זיך אין דער ווייט, א ים פון פונקען בעדעקט דעם טונקעלען הימעל, ווי א ריעזיג פייערווערק. דערפּעד פאלען צוזאמען, גיטער ווערען פערוואנדעלט אין רויך און אש, דאס אייגענטום פון די יונקער, וואס זיי האָבען אזוי פעסט געהאלטען און האָבען געמאכט פון דעם בויער זייער קנעכט און פון דעם לעהרער א ווערקצייג פון זייער ווילען.

דאס היילינע רוסלאנד, קאָזאַקען איבער דעם אלעם!

טיף אין עקיפּאַזש, וואָס בעוועגט זיך קוים אין דעם קויט פון דער וואלדפּנונג, ליגט דער מאַיאָר. קיין קלאַנג קומט ניט פון זיינע פעסטגעשלאָסענע ליפּען, טויטבלייך איז זיין געזיכט. ער ליגט ווי א טויטער קערפּער אין זיין קישען, און אין זיין געהירן ציהט דאָס איינציגע: „געטער פון ראכע איבער ראָזע!"

אין פאלקענשטיין האָט מען זיך דערוואוסט וועגען דעם אנפאל, איידער עס האָבען זיך דערהערט די ווילדע געשרייען ביי די טויערען פון גוט, איידער דער פייערבראנד האָט זיך בעוויזען איבער די דעכער פון די געביידען.

די רויהע הענט פון די ארבייטער, וואָס זיינען זיך נאָכדעם צולאָפען פאר די רוסען אין אלע פיער ריכטונגען, האָבען דעם שווערפערוואונדעטען ארויסגעהויבען פון בעט, אראָבגעטראָגען פון די טרעפּ און אוועקגעלעגט אין וואגען. שוועסטער אורסולא האָט זיך ארום איהם געמיהט, אָבער איהר מיה האָט ניט געהאָלפען. די וואונד ברענט ווי פייער, ווי פייער פון גיהנם...

הו־הו!.. הו־הו!..אויף דעם ווילען פון צאַר האָבען זיך קאַזאַקען איבער אייך אראָבגעלאָזען!

עפּעס שרעקליכעס האָט געמוזט געשעהן אין רוקען, דאָס פיהלט דער מאַיאָר. די נאָך אלץ ניט פערהיילטע וואונד האָט זיך געמוזט עפענען ברייטער. דער פערבאנד האָט זיך אראָבגערוקט, דער ביין איז אָבגעדעקט, און יעדער טריי־סעל פון וואגען פערשאַפט איהם אונבעשרייבליכע שמערצען. אָבער קיין ווארט קומט ניט פון דעם מאַיאָר'ס ליפּען. ער זעהט

האָרדען און האָרדען פון די סטעפּען איבער דעם לאַנד! מאַן און פערד ווי אויסגעגאָסען פון איין שטיק!

מיט געשרייען זיינען די דיענער און דיענסטען, די ווירט־שאַפטערין און ארבייטער אנטלאָפען פון פאלקענשטיין. מע־לאַניע׳ס שעהנע און נייגעריגע קאמערמיידעל האָט א געלער טייוועל אוועקגעשלעפּט אין עידקונענער וואלד. דאָרט אונטער א קוסט איז זי געוועזען זיין רויב. איצט שלאָפט זי דעם אייביגען שלאָף מיט אן איבערגעשניטענעם האלז, אן אפּפער פון דעם גרויסען און הייליגען רוסלאנד אין נאָמען פון צאַר!

די טייוועלשע האָרדע טרייבט פאר זיך די פּערדאוּרטיילטע. זוי פאקלען בעלויכטען דעם וועג די ברענענדע גיטער און דער־פער. נאָך וועסט, נאָך וועסט... אויף דעם שאָסעי פון גומבינען און אינסטערבורג דורך דעם ענדלאזען עידקונענער וואלד... בלוטרויט דער גאנצער הימעל, פייערשיין דורך די שטאמען פון בוימער, ענדלאז דער צוג!

רעטונג, רעטונג, רעטונג!

מען לויפט און לויפט...

געשפּאנען פון בויערען, קינדערשע וועגעלעך אָנגעלאָדען מיט דעם רעשט פון פערמעגען, עקיפּאזשען פון די יונקער, א פערגעסענער אויטאָמאָביל, יזון צווישען זיי די הונדערטער און טויזענדער עלענדע, וואָס מוזען געהן צופוס, מיט צוואוועהטאָגטע פיס און טרערענדע אויגען, געביסען פון דעם רויך פון די אויף אייביג פערברענטע היימען. הינטער זיי רייטען קאזאקען.

הו־הו!... הו־הו!... אין נאָמען פון צאַר!

דער אלטער כריסטיאן, וואָס האָט ערשט ניט לאנג בעגע־גענט מעלאַניע אויף דער באהנסטאציאָן אין ווערזשבאלאווא, שמייסט ווילד די פערד, וואָס ווילען ניט געהן אין דער ביג־סטערניש פון וואלד, דערשראָקען פון דעם העלען פייערשיין, וואָס רייסט זיך דורך פון נאָהנט און ווייט.

הו־הו!... הו־הו!... קאָזאקען יאָגען הינטער זיי!...

— שמייסט שטארקער די פערד, כריסטיאן, אום גאָטעס ווילען, שמייסט שטארקער די פערד, — קרעכצט דער קראנקער באראָן, — די ווילדע טיערען זיינען שוין גאָר נאָהנט צו אונז!

און ווידער שמייסט דער קוטשער, פלוכט און שרייט.

הו־הו!... הו־הו!... קאָזאקען איבער אייך!...

דער באראָן האָט פערגעסען זיין פּאָדאגרא. ער קראמפט צו־נויף די הענט, ניט קוקענדיג אויף די שמערצען, וועלכע ער איז, איבערדיינענס, כמעט ניט אימשטאנד צו פיהלען איצט, און טאפּט

רייסען זיך אריין בייטאָג, אָבער מעהר פון אלץ אין די נעכט, ווייל ער האָט זיי געזעהן מיט זייגע אייגענע אויגען און קען שוין פון זיי אין ערגעץ קיינמאָל מעהר ניט אנטלויפען.

## XIII

פאלקענשטיין ברענט. ווי א גאָט׳ס געריכט איז דאָס געקו־מען איבער דעם באראָנ׳ס גוטסהויף אין דער פינסטערניש פון נאכט. פאלקענשטיין ברענט, ווי עס האָבען געברענט ליעזש און נאמור, אנטווערפען, מעשעלן און לואווען, ברענט, ווי עס האָבען געברענט ליל, אררא, מאָובעזש און ראזעי. אין דעם העל־לען שיין, וואָס בעדעקט די אונדורכדרינגליכע, פון קיין לבנה שטראהל ניט בעלויכטענע הערבסט נאכט, טיילען זיך קלאָר אויס די אלע איבערגעלעבטע שרעקען, צוזאמען מיט דעם פייער, וואָס האָט פערצעהרט די ארומיגע דערפער און גיטער.

קאָזאקען איבער אָסטפּרייסען און פאלקענשטיין!

דער שטורם־גלאָק קלאָגט, אנזאָגענדיג פון דער קליינער קירך אין ווערזשבאלאווא דאָס אונבעגרייפליכע.

קאזאקען איבער אייך!

האָרדען פון די נידריגקייטען פון דאָן און וואָלגא, טאטערען פון די סיבירער גרענעצען, פערד און רייטער צוזאמענגעוואק־סען, בראָנזפיגורען פון איין גוס! רימענבייטשען האלטען זיי אין זייערע שטאָהלענע הענט און טרייבען פאר זיך דאָס פאלק, וואָס איז פון זינען אראָב פאר שרעק... פלאמענרעגען, פעך און שוועבעל פון הימעל.

קאזאקען איבער דעם לאנד!

דורך דעם וואלד פון עידקונען ציהט זיך איבער דעם שאָסעי פון גומבינען דער טרייסטלאָזער צוג נאָך וועסט פון די היימלאָזע. זיי אנטלויפען פאר דעם וואָלקען פון היישריקען, וואָס זיינען אויפגעבראכט געוואָרען אויף די רייכע סטעפען פון פּאָדאָליען און וואָהלין.

דעם צאר׳ס הענקער זיינען דאָס הינטער אייך!

געאיבטע דיענער פון בלוט געריכט, וואָס זיינען אויף זיין בעפעהל שוין געוועזען ביי דער ארבייט אין פעטערבורג און מאָסקווא, קיעוו און אָדעס.

דאָס לאנד איז אין פייער! קאָזאקען איבער אייך!

דער גלויבען אין פאטערעל און זיין קירך, דער פאנאטיזם פאר דעם גרויסען און היילינען רוסלאנד בליצט אין די טונקעלע אויגען.

דאָס אַלץ שטעהט אויף פאַר די שלאָפלאָזע אויגען פון דעם מאַיאָר, וואָס איז צוגעשמידט צו זיין בעט.

ווי זיי האָבען דאָס זיך אַ לאָז געטהאָן דורך לוקסעמבורג און בעלגיען אין נאָרד פראַנקרייך, אַזוי ווי זיכער אין דעם, אַז דאָס פולהאָרן פון זיעג וועט זיך צו זיי נייגען אין עטליכע וואָכען אַרום. אין דער ווירקליכקייט זיינען דאָס נאָר געווען מענגען פון שלאַכטפיה, פוטער פאַר די אונערבאַרמדיגע קאַ־נאָנען פון דער פראַנצויזישער פעלדאַרטילעריע, אַ ציעלברעט פאַר די ריעזען פון די ענגלישע פאַנצערשיפען, וואָס האָבען געלויערט אויפ'ן ברעג, אַן אָנפילונג פאַר די טיפע גראָבענס אין די ווייטע עבענען פון די פלאַנדרישע און פראַנצויזישע טייכען, וואָס האָט זיי בעדעקט מיט הויפענס טויטע קערפער, מיט ענדלאָזע שיכטען פון אַזעלכע הויפענס.

אַ בעדעקטע מיט בלוט, שפּרייט זיך איצט פאַר די שלאָפ־לאָזע אויגען פון דעם מאַיאָר דאָס פלאַכע לאַנד, פון די אויפגע־ריסענע פאַנצערטורעמס פון ליעזש ביז די ברעגען פון דעם שטורמיגען ים, וואו די דינען האָבען מיט אונערזעטליכען דורשט געטרונקען דאָס, וואָס איז געווען דייטשלאַנד'ס גרוי־סע האָפנונג און רייכע צוקונפט.

און אַ בער אָט דעם פלאַכען לאַנד, וואָס איז געדיכט בע־דעקט מיט אַ זאָנדערבאַרען פולווערדאַמף, און וועמעס קאַנאַ־לען און טייכען זיינען אין פורפור געפאַרבט, הענגט דער פלאַ־מענשיין פון ברענענדע שטעדט און רויכענדע דערפער. דאָס גאַנצע פלייסיגע און רייכע לאַנד איז פערוואַנדעלט אין איין גליהענד פייער, אין וועלכען די פעלקער, פריינד און פיינד, ווערען לעבעדיגערהייט געבראָטען.

אַזוי ליגט דער מאַיאָר אונבעוועגליך און קוקט אין דאָס פערגאַנגענע. איהם דוכט, אַז ער איז געווען אין ווערקשטאַט פון בעל זבוב, דעם האַר פון אַלע שדים! ווי שטעהט געשריבען וועגען איהם אין דער הייליגער שריפט? דערום איז ער ניט אין דער וואַרהייט, ווייל די וואַרהייט איז ניט אין איהם! ער איז ניט אין דער וואַרהייט! אָבער וואָס העלפט דאָס גריבלען, וואָס נוצט דאָס נאָכדענקען, צו וואָס זיך אַלעמאָל ווידער פערטיפען אין די אַלע שרעקליכע זאַכען?

דאָס שיקזאַל איז ערפילט. און ער האָט נאָר ניט געזעהן פאַר זיך, ווי נאָר בילדער און בילדער, בילדער פון שרעקען, בילדער פון וואַהנזין. און מעג ער זיך וועהרען קעגען זיי, ווי ער וויל, רייסען זיי זיך ווידער אַריין אין זיין געהירן, וואָס מיהט זיך אומזיסט צו פערשליסען זיך פון זיי. זיי

אַרומגענומען ראָזעי!.. דער בראַנדפאַקעל הויבט זיך אין דער לופטען פאַר זיינע פערטערטע אויגען. וואָס איז דאָס געווען? ניט צוויי אויגען פול מיט האַס? יע, צוויי אויגען, אָנגעפילט מיט אונגערבאַרעמדיגער, אונאויסלעשליכער פיינדשאַפט, זיינע, געווענדט אויף איהם! איז דאָס ניט געווען די וואַנקענדע געשטאַלט פון אַ נעמעזיס, וואָס איז איצט פערשוואונדען פון זיין צימער? ניט זי? אָדער אפשר אַ געשפענסט?

ער וויל שרייען, רופען שוועסטער אורסולא, זי זאָל איהם בעפרייען פון דער בייזער זעהונג, וואָס דריקט זיין ברוסט פון דעם געשפענסט פון זיין פאַנטאַזיע, וואָס נאַרט איהם.

פון דער געטין פון ראַכע, וואָס שוועבט אַרום איהם!

שוועסטער אורסולא זאָל קומען, זאָל אָנציטרען ליכט, זאָל אַרויפלעגען איהר זאַנפטע אין קיהלע האַנט אויף זיין שטערן... אָבער איהם פעהלט די קראַפט פון ענטשלוס, אום זי צו רופען. ער איז צו שוואַך, ניט פיזיש צו שוואַך, אָ ניין, ער איז צו ווילענסשוואַך. די שרעקען פון די שלאַכטפעלדער פון פלאַנדערן און נאָרדפראַנקרייך, טראָיאַן און ראָזעי האָבען געלעהמט זיינע פליגלען, געבראָכען זיין מאַטור, זיין ווילען, וואָס ער האָט אמאָל געהאַלטען פאַר אייזערנע, האָבען פון איהם געמאַכט אַן אָהנמעכטיגען אַלטען מאַן, אָך, אַ הילפלאָז קינד.

צו וואָס ווערטער? שווייגען און ליידען, ליידען, ליידען און דאַן שטאַרבען, ווען ער האָט שוין גענוג געליטען, ווען ער האָט שוין געליטען נאָך מעהר, — ער, וואָס האָט אליין אמאָל געטראָגען ליידען איבער דער ערד!

וואַרטען... וואַרטען און ניט רופען... ביז דער מאָרגען וועט קומען...

דאָס וואָרט אָהן זין קען ניט צום הימעל גרייכען

אזוי ליגט ער און קוקט אַרויף, ביז די קרייזען פון דער בלייכער הערבסט זון וועלען דאָרט אָנהויבען שפּיעלען, און דער מאָרגען וועט ענדליך קומען.

דער וואָקזאַל פון אַלטען גאַרניזאָן. די מענגען פון די, וואָס געזעגנען זיך. מען דריקט זיך די הענט. מען איז בעציערט מיט בלומען און אייכענבלעטער. מען זינגט, מען פרעהט זיך, מען טרינקט, מען רויכערט, די וואָס פאָהרען אָב און די וואָס בלייבען, אזוי ווי מען וואָלט דאָ געגאַנגען צום טאַנץ! די לאַנגע קאָלאָנען פון די אַלטע מאַנשאַפטען, די קאַמפּאַניען פון נייגעקליידעטע, רעקרוטען פון פאָריגען הערבסט, אַן אונענדליכער צוג פון טויזענדער. צעהן, הונדערטער טויזענדער...

ראנק אין מעלאניע'ס קאפ. איהרע אויגען און אויערען לאזען ניט דורך קיין צוקען פון זיינע הייסע ליפען, קיין קראמפען פון זיינע אייזקאלטע פינגער. „ער קען נאך בעטען!“

גנב'ענען זיין געבעט, ווי ער האט אמאל גע'גנב'עט איהר ליעבע.

אן אויג פאר א אויג, א צאהן פאר א צאהן... דאס געזעץ פון די איצטיגע טעג, וואס זיינען שרעקען, טויט און פערווים־טונג, דאס לייטמאטיוו פון אלטען בונד, איידער עס איז נאך דערהערט געווארען די לעהרע פון ליעבע און פערגעבונג פון די זינד!

פאלק קעגען פאלק, ברודער קעגען ברודער, פריינד קעגען פריינד, פרוי קעגען מאן... דאס איז די מאקסים פון דער איצטיגער צייט!

**געוואלט איבער רעכט!**

די גרעטערע צאהלען זיעגען, די אויבערהאנט בעקומט די מאשין, וואס קען אם בעסטען זעען טויט... א באמבע איז געפאלען, און אלץ ווערט פערניכטעט, וואס איז אמאל געווען דער פונדאמענט פון מענשליכען צוזאמענלעבען, פריערען און צוטרויען, טרייהייט און עהרליכקייט.

ווי ער האט אמאל גע'גנב'עט דאס היילינגטום פון איהר הארץ, אזוי גנב'עט זי איצט דאס, וואס געהערט צו גאט אליין: זיינע פערבארגענסטע געדאנקען, דאס געהיימנים פון זיין שווערער שולד, וואס ער דעקט אויף נאר פאר דעם אלוויסענדען און אלריכטענדען!

„און פערגיב אונז אונזער שולד, ווי מיר פערגיבען די, וואס זיינען אונז שולדיג...“ — מורמלען די אייזקאלטע ליפען פון מאיאר. — „מיין שולד פאר אדאלה, וואס האט מיך געדער־טעט, האר אין הימעל, מיין טויטשולד! א וואונש צו ערמאר־דען איז שוין אויך א מארד! הערר גאט אין הימעל! און פערגיב אונז אונזער שולד, ווי מיר פערגיבען די, וואס זיינען אונז שולדיג...“

מיט א קרעכץ פאלט ער צוריק אויפ'ן קישען.

„עס פליהט דאס ווארט, דער זין האט ניט קיין פליגלען,
דאס ווארט אהן זין קען ניט צום הימעל גרייכען.“

ער גלויבט דאך ניט און האט קיינמאל ניט געגלויבט... און דאס איז ניט קיין געבעט.

אן אויג פאר אן אויג, א צאהן פאר א צאהן!

די געטער פון ראכע האבען ארומגערינגעלט זיין שמער־צענסבעט, ווי זיי האבען אמאל, פון איהם אליין ארויסגערופען,

וואָס איז דאָס אין פערגלייך מיט די וועהען, אין וועלכע די ערד ליגט איצט, און דאָך, איז דען דאָס ניט געווען מ ע ה ר?

שפּיגלען זיך דען דאָ ניט אָב דער אָנהויב און דער סוף פון דער קאַטאַסטראָפּע, אין וועמעס פייערען נייע וועלטען ווערען אויסגעשמידט, און וואָס האָט ארומגענומען ווי א שטאָלענער רינג דעם לייב פון גאנצען ערדקוגעל, ווייזט זיך דען דאָ ניט, ווי אין א קליינעם שפּיגעל, וואָס איז געווען דער אָנהויב פון דעם פערברעכען, — אין דעם גרויסען, ווי אין דעם קליינעם?

קנאה, אייפערזוכט, אונערזעטליכע בעגעהרען, טריילאָזיגקייט, פעררעט צו דעם הייליגסטען, געבראָכענע צוזאָגען, צוריסענע אָבמאכען, דאָס וואנקען פון אלע פונדאמענטען, אויף וועלכע דער ערהאבענסטער טעמפּעל פון דער מענשהייט איז אמאָל געשטאנען!

ליגען... אי דאָ אי דאָרט ליגען... די זינד אנטקעגען דעם הייליגען גייסט, פאר וועלכע עס איז אפילו נאָך דעם גרויסען פערצייהער ניטאָ קיין פערגעבונג, דאָ פונקט ווי דאָרט, אין אדאָלף׳ס און זיין שיקזאל, ווי אין דעם שיקזאל פון דער וועלט...

געטער פון ראכע איבערביידען, און נעטער פון ראכע איבער ראָזעי און איבער דער גאנצער איצטיגער צייט!

פערגעסענדיג זיין וואונד, הויבט זיך דער מאיאָר אויף פון בעט און שרייט אויס אין נאָמענלאָזען שמערץ: „געטער פון ראכע איבער מיר!“

אין דער פינסטערניש פון זיין צימער בעמערקט ער ניט צוויי גליהענדע אויגען. דאָס זיינען די אויגען פון מעלאניע, זיין פרוי, וואָס גנב׳עט זיך צו יעדע נאכט אויף די שפּיץ פינגער, אום צו הערען, וועגען וואָס ער טרוימט, צו דערגעהן וועגען זיין פערברעכען. ווייל זי שפּירט, אז דאָ איז געווען א פערברעכען!

געטער פון ראכע אין דער געשטאלט פון זיין אייגענער פרוי איבער זיין שמערצענסבעט! יהודית אויף דעם געלעגער פון הליפרנית, וואָס האָרכט און האָרכט אויף יעדען אָטעמצוג, אויף יעדעס האלב־ארויסגעזאָגט וואָרט, אויף יעדע בעוועגונג, וואָס קען ארויסגעבען זיינע פערבאָרגענע געדאנקען.

ער אָבער האָט וועגען דעם קיין אהנונג ניט. אין טיפער פערצווייפלונג, מיט אנגסטשווייס אויפ׳ן קאלטען שטערן, לענט ער צונויף די הענט צום געבעט.

„א געבעט... ביי איהם!“ — טראָגט זיך דורך דער גע־

אין יעדען טאָל געהט אום דער שניטער מיט דעם פליישלאָזען געזיכט און די ביינערנע הענט און שניידט, און אין די קורצע רוהפּאוזען גרייט ער זיך נאָר צום נייעם שניט!

אייראָפּא און די גאַנצע וועלט זיינען ארויס פון זייערע ראַמען! ניפטיגע ווערטער פון האס און אויפרוהר טראָגען זיך איבער די ימים, דורך לאַנד און לאַנד, פון פאָלק צו פאָלק...

די קרומאויגיגע האָט מען אָנגערייצט אויף זייערע ווייסע בריהדער, נענער ווערען ווי בלוטהינט נעהעצט קעגען דעם עדעלווילד פון דער ערד, קריעגער פון די טאָלען פון אינדוס און גאַנגעס, מיט טורבאַנען אויף די קעפּ, ווערען געמאכט פאר די אויספיהרער פון גערעכטיגקייט, פאנאַטישע נאָכפאָלגער פון איזלאם ווערען געוואָרפען אין קאמף צו צושטערען דאָס ווערק פון פלייס אין דער וועסטליכער קולטור, די פלאַטערענדע גרינע פאָהנען און דאָס צייכען פון דער זיגענדער האלבער לבנה איבער זייערע קעפּ.

בילדער אויף בילדער... וואָס איז דאָס געוועזן? איז דאָס געוועזן דער אמת? די וועלט איז דאָס ארויס פון איהרע ראַמען, א נייער מבול איז אָנגעקומען! אין נאָמען פון אללאה דעם אַל־מעכטיגען! אין זיין נאָמען איז דאָס די וועלט ארויס פון איהרע ראַמען! דער ה י י ל י ג ע ר קריעג!

האָרדען פון די רוסישע סטעפּען האָבען זיך אויפגעהויבען, ווי אין די טעג פון די הונען און די מאַדיארען, ווי א וואָלקען פון הייַשעריקען, האָבען זיך אראָבגעלאָזען אויף די בליהענדע פעלדער און האָבען זיך ווידער אויפגעהויבען פון ברוינעם אָבגעברענטען לאַנד.

און ער איז פעראורטיילט צו ליגען מיט זיינע שמערצען אין רוקען און דאָס אַלץ נאָכצודענקען און זיך אויסמאָלען אין די לאַנגע, ענדלאָזע נעכט! ער איז געצוואונגען דאָ צו ליגען אליין און צוגלידערען דאָס פערוויקעלטע און טונקעלע ביילד פון אַלגעמיינעם אונגליק!

וואָס איז געוועזן דאָס אייגענע קליינע שיקזאל אַנטקעגען דעם וועלט אונגליק, — פרעגט ער זיך צום טויזענטען מאָל, — און ד עגען איז דען דאָס קליינע שיקזאל ניט געוו[illegible] גרעסער? פיהלט ער דען ניט שטאַרקער, טיפער, שרעקליכער ווי אַלץ די שלאַכט הינטער טראָיאן, אדאָלף׳ס רעטונג און די אייגענע פיינע ערמאָהרונג פון דעם פריינד, דאָס פערברענען פון ראָזעי, די וואונד, וואָס ער האָט בעקומען אויף דעם בויערנ־הויף, און ענדליך דעם וואונש צו טויטען, דעם ווילען צום פערראַט!

און יעדען אָוועגד פערזיכערט דער מאַיאָר, אז ער דאַרף טעהר גאָרניט, און זי פערשווינדט אין דער טיר פון דעם דערבייאינגען צימער און לעגט זיך אליין אָברוהען.

און דאן הויבט זיך דאָס אָן. אונאויפהערליך קלאפט אָב דער זייגער די מינוטען, איינע נאָך דער אנדערער, און ער הערט זיי אלע און איז ניט אימשטאנד כאָטש אויף א פערטעל שטונדע זיך צו פערגעסען אין אן ערקוויקענדען שלאָף, זיך אומקערען פון איין זייט אויף די אנדערע, זיך אפילו נאָר א ריהר טהאָן, — דאָס קען ער ניט, ווייל זיין קלענסטע בעוועגונג דערמאָנט איהם אָן דעם צאָהן פון דער מיסטגאָפּעל אין ראָזעי, וואָס איז פערברענט געוואָרען אויף זיין בעפעהל, דעם צאָהן, וואָס האָט געשטעקט אין זיין פלייש גאַנצע אכט און פערציג שטונדען, אז זיין ווירבעלזייל איז פערלעצט, און אז די וואונדע, ניט קוקענדיג אויף אלע בעמיהונגען פון די ארצטען, פערהיילט זיך ניט און וועט, דוכט זיך, קיינמאָל זיך ניט פערמאכען.

אזוי ליגט דער מאַיאָר בעוועגלאָז, און דאן קומען די בילדער! דאָס זיינען ניט די טרוימען און ניט די פאנטאזיען, וואָס א שווערער קראנקער זעהט אין פיבער, דאָס זיינען ווירקליכע שרעקליכע בילדער פון דעם, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, וואָס קענען זיך ניט אָנפּאסען אין א מענשען'ס זעל, בילדער און זעהונגען, וואָס עסען זיך איין ווי מיט נעגעל אין דאָס געהירן פון דעם, וועמען עס איז אויסגעקומען צו זעהן צופיעל ליידען אויף דער וועלט, ליידען, וואָס ער האָט אליין געשאפען, פאר וועלכע עס איז אפילו פאר דעם טראָהן פון דעם בארמהערציגען גאָט — נאָך די לאָגישע שלוסען פון דעם שטרענגען פערשטאנד, — ניטאָ און קען ניט זיין קיין פערצייהונג.

בילדער... בילדער... בילדער.

אייראָפּא אין קאמף געגען זיך אליין! די מוטער צו־רייסט איהר איינגענעם לייב, וואָס האָט זיי אלעמען געבוירען!

דאָס איז געוועזען דער אורזין פון דעם אלעם, דאָס איז געוועזען דאָס בילד פון אלע בילדער. דען די אלע בילדער האָבען זיך פון צעהן טויזענדער מאָזאיקפּלאטען צונויפגעזאמעלט אין איין קאלאָסאלע בילד פון וואהנזין און שרעקען, אין א ריעזען־פּאנאָראמא פון שרעקליכער געוואלט!

די וועלט איז ארויס פון איהרע ראמען! מען קען דאָס שוין ניט גוט מאכען! א טראגישער אירטום! די וועלט איז ארויס פון איהרע ראמען!

דער ים ליגט פול מיט מינען, הינטער יעדען פעלז לויערט דער טויט, איבער יעדען בערגעל טראָגען זיך ווילדע שרעקען,

מיט'ן רוקען. עטליכע סעקונדען קלאפט זי נערוועז מיט די פינגער אויף די שויבען. ענדליך מאכט זי אן אנשטרענגונג און פרעגט:

— צו וואס האסטו מיך גערופען?

קיין וועגדונג, אפילו זיין ערשטען נאמען ניט דערמאנט, נארניט, נארניט, אויסער דעם געוועהנליכען „דו", וואס, ווי ער פיהלט, קומט איהר אויך אן איצט מיט דער גרעסטער מיה ארויסצורעדען.

— אויף וועמען טרויערסטו, מעלאניע? — זיין פראגע קלינגט הארט.

זי פיהלט דאס, אבער איהר ענטפער קלינגט נאך הארטער. ווי פון שטאהל געהאמערט זיינען איהרע ווערטער. דער קריעג און זיינע שרעקען האבען אין איהר ברוסט דערשטיקט יעדע מיטלייד און ערבארמונג. דאס פיהלט דער מאיאר ביי איהרע ווערטער:

— איך טרויער אויף אדאלף'ען.

— אויף דיין געליעבטען?

— אויף דעם, וואס איז מיר געוועזען טייערער פון אלץ אויף דער ערד.

— אויף דיין געליעבטען?

זי שמייכעלט מיט א מוטליכער פעראכטונג. און ער פיהלט זיך צו שוואך, אום ווייטער זי אויסצופרעגען. די טרערען שטייגען שוין ווידער ארויף פון זיין ברוסט, שטעלען זיך איהם אין האלז, ווערגען איהם. און דער בלוטיגער, העלער פלאמענטעפיך פון טראיאן און ראזוי שפרייט זיך ווידער אויס פאר זיינע אויגען.

— ניט, נעה, — זאגט ער מיט א שוואכער שטים.

און ניט זאגענדיג מעהר קייןווארט און זיך מעהר אפילו ניט אומקוקענדיג אויף דעם מאיאר, פערלאזט מעלאניע דאס צימער.

## XII

דאס שרעקליכסטע פאר דעם מאיאר זיינען געוועזען די נעכט, די לאנגע, קריכענדע, שלאפלאזע נעכט פון שפעטען הערבסט, ווען דער ווינט קלאגט און רייסט די פענסטערלאדען פון פאל־קענשטיין, און די וואונד, וואס פערהיילט זיך ניט, ברענט. ארום צעהן אזייגער אין אווענד ברענגט שוועסטער אורסולא דעם קראנקען צו בעט. יעדען אווענד פרעגט זי איהם מיט זעלבער פריינדליכקייט און מילדקייט, וואס נאך ער וויל.

טיגען שיין פון נאָרדליכט, אזוי ווירקט אויף דעם מאַיאָר די ערשיינונג פון דער שוועסטער לעבען דער שיקזאַלברענגענדער מעלאַניע. די שוועסטער איז איינגאַנצען גוטסקייט און ליעבע. די שווארצע פרוי קען ניט פערשטעהן, זי איז די אָנזאָגערין פון דעם לעצטען געריכט. דער מאַיאָר פיהלט דאָס. ער וואָלט געוואָלט זיך אָנכאַפּען אָן דער שוועסטער, זי אין קיין פאַל ניט ארויסלאָזען פון צימער, און דאָך רייסט עפּעס פאַטאַלעס איהם אראָב פון די ליפּען:

— איך וויל זיין אליין מיט מיין פרוי, שוועסטער אור־סולאַ.

די שוועסטער נייגט דעם קאָפּ. זי נעהט צו נאָכאַמאָל צום שטוהל פון דעם קראַנקען, בעריכט זיין קישען, רוקט צו נאָהנטער צו איהם דאָס קליינע טישעל, אויף וועלכען עס שטעהט פרישע ציטראָנגוואַסער, און פרעגט מיט איהר זאַנפטער שטים:

— וויל דער העדר מאַיאָר נאָך עפּעס?

און אונטער דעם בליק פון דער שווארצער פרוי ענטפערט ער, מוז ער ענטפערען, כאָטש ער וויל זיך אָנכאַפּען אָן דער שוועסטער און זי האַלטען פעסט און ניט אָבלאָזען:

— ניין, שוועסטער אורסולאַ, לאָזט מיך אליין מיט מיין פרוי.

און די שוועסטער פערלאָזט דאָס צימער. זינט דעם לעצ־טען אָבשיעד אין דער גאַרניזאָנשטאָדט, שטעהען איצט דער מאַיאָר און מעלאַניע צום ערשטען מאָל ווידער אונטער פיער אויגען איינע אנטקעגען דעם אנדערען.

דורך די שויבען פאַלט דאָס גרויע הערבסט ליכט אויף איהר איבערשלאַנקע, הויכע פיגור. אמאָל, מיט יאָהרען צוריק, האָט ער אויף דער ביהנע געזעהן אַנטיגאָנאַ פון סאָפאָקלעס. איז די פרוי עהנליך צו איהר?

„ניט צו האַסען, נאָר צו ליעבען בין איך דאָ".

איז זי צו איהר עהנליך? ניין, אָ, ניין! אנאנדער צוג לעגט זיך אויף אָט די פעסט־געשלאָסענע ליפּען, אויף וועלכע מען האָט קיינמאָל ניט געזעהן קיין מיטלייד מיט איהם. ווי זי דאָ האָבען אויסגעזעהן ליידי מאַקבעט, פעדראַ, יהודית, וואָס האָט אראָבגעשניטען דעם קאָפּ פון הליפרנות פון זיין לע־בענדען קערפּער און האָט דאָס געבראַכט צו ישראל ווי אַ טראָפּעי פון זיין בעפרייאונג.

אַ טיפע שטילקייט הערשט לאַנג צווישען זיי. דער זייגער אויף דער וואַנט קלאַפּט אָב די מינוטען. מעלאַניע איז צו־געגאַנגען צום פענסטער און איז כמעט אומגעקערט צום מאַיאָר

באַנגעזאַגט, אַז דאָס וויינען, די נערוועז ערשיטערונג זיינען געפעהרליך, דאָס וועט, נאָך דער מיינונג פון דעם ערפאַהרענעם דאָקטאָר. איהם פריהער אָדער שפעטער ברענגען צו גרונד.

נאָך אַ מאָל בעט דער מאַיאָר, דאָס מאָל ווי אַ קינד, און אין אַ טאָן, אין וועלכען עס הערען זיך שוין שמערצען און טרערען.

— רופט אריין מיין פרוי, שוועסטער!

איצט געהט די שוועסטער גלייך ערפילען זיין וואונש און רעדט ניט קיין וואָרט. דער מאַיאָר, וועמעס שטוהל די שוועסטער האָט צוגערוקט נאָהנט צום פענסטער, קוקט ארויס אין הערבסטליכען, פון בלעטער בערויבטען פארק פון פאלקענשטיין.

בלוטרויט ווערט שוין ווידער פאר זיינע בליקען: ברענענדע דערפער אין העלע פלאַמען, רינענדע זאַפט פון שווארצע וואונדען, וועלכע וועלען זיך שוין קיינמאָל ניט פערמאכען, וואונדען פון הונדערטער, פון טויזענדער, פון צעהן און הונדערטער טויזענדער, וואָס האָבען געפאַרבט די ערד פון פלאַנדערן, פראַנקרייך און פוילען מיט אונאויסלעשליכע פלעקען, וואָס קיין פּאָרום פון וועלטגעשיכטע וועט ניט אראָבנעמען פון דער רעכנונג פון דעם, ווער עס האָט די אַלע שרעקען אָנגעהויבען.

די פורפור־רויטע טרוימען ווערען באלד פלוצלונג פון עפּעס איבערגעריסען. די טיר עפענט זיך, און אַ שאָטען טרעט איבער די שוועל, אַ שווארצער שאָטען געקליידט אין טיפען טרויער, שווארץ ווי אַ קבר... ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן די גרוב ביי דער קירך פון ראָזעי, אין וועלכע מען האָט אריינגעוואָרפען דעם יונגען בוניאָן און דעם אַלטען קיורע. אָבער ער איז דאן געלעגען לעבען אַ מיסטהויפען אויף אַ הויף מיט אַ מיסטגאָפּעל אין רוקען, און זיין אויג האָט יענע גרוב ניט געזעהן.

שטאַרק אויפגערעגט קוקט דער קראַנקער אויף די פרוי, זיין פרוי, וואָס איז געווען זיין פרוי מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק, און וואָס איז איצט אריינגעקומען ווי אַ פרעמדע אין זיין לייהדענסצימער, און וואָס שטעהט ווי אַ שרעקליכע געטין פון ראַכע, ווי אַ גריכישע פּאַרץ.

און אין איין אויגענבליק זעהט ער אַלץ.

פערשטעהן, פערצייהען, — דאָס קען מען פון אָט דער פרוי קיינמאָל מעהר ניט ערוואַרטען!

די שוועסטער קומט אריין גלייך נאָך איהר.

ווי דער מילדער גלאַנץ פון דער לבנה לעבען דעם בלוט־

טאָג א פּלעגערין פון דעם שטאָדטישען שפּיטאָל. אזא פּלע־נערין איז, ביי דער בעשרענקטער בעוועגונגס־פעהיגקייט פון דעם פּאַציענט, אונבעדינגט נויטיג.

דער באראָן און מעלאַניע זיינען איינפערשטאַנען.

נאָכאמאָל שאָקעלט דער סאַניטעטסראט זיין ווייסען קאָפּ. קיין וואָרט פון דעם מויל פון דער יונגער פרוי, אז זי וועט אויך העלפען בעדיענען איהר קראנקען מאַן, קיין איין וואָרט אין די איצטיגע טעג, ווען טויזענדער פרויען און מיידלעך אין יעדער דייטשער שטאָדט און פון אלע שיכטען פון דער בעפעל־קערונג לויפען אזוי גערן צו ברענגען אנטקעגען גאנץ פרעמדע און אפילו פיינדליכע פערוואונדעטע זייער פולע מאָס פון ליעבע. און פון דעם מויל פון אָט דער יונגער פרוי קומט ניט קיין איין וואָרט! און דאָ האנדעלט זיך דאָך וועגען איהר אייגענעם מאַן!

אויף דער וועראנדא, ביי א פלאַש באָרדאָ און א ציגאַר האָט דער סאַניטעטסראט נאָך א לאנגען געשפּרעך מיט דעם שוועער און דער פרוי פון מאַיאָר, אָבער דער באראָן אונטער־בּרעכט איהם אזוי אָפט מיט פראגען וועגען זיין אייגענעם געזונדהייטס צושטאַנד, אז דער אלטער ווערט אויפגערעגט. ער אָטעמט פריי אָב, ווען ער זיצט אין זיין קארעטע און פאָהרט צוריק אין שטאָדט.

— צום טייוועל, — ברומט ער פאַר זיך, — אזא קאַלטע הארצלאָזיגקייט האָב איך נאָך ניט בעגעגענט אין מיין גאנצער פּראַקטיק.

שוועסטער אורסולאַ פון שטאָדטישען שפּיטאָל איז פּינקט־ליך אָנגעקומען אויף מאָרגען אין דער פריה. דער פּאַציענט האָט שלעכט פערבראַכט די נאַכט, פון פריהשטיק קען גאָר ניט זיין קיין רעדע. די שמערצען פון דער וואונד זיינען שטאַר־קער, און ער בעט, מען זאָל איהם איינשפּריצען מאָרפיום. די שוועסטער וויל איהם אָברעדען, אָבער דאָס העלפט ניט, און זי מוז נאָכגעבען. אונטער דעם שמערצשטילענדען איינפלוס פון דעם וואונדערליכען און בארמהערציגען נאַרקאָטיקאָן בע־רוהיגט ער זיך אביסעל. ער איז אפילו שוין אימשטאַנד אראָב־צושלינגען א פּאָר לעפּעלעך שווארצע קאַפּע און זאָגען עטליכע ווערטער.

— רופט אריין מיין פרוי, שוועסטער!

— אויב דאָס וועט נאָר ניט אויפרעגען דעם הערין מאַיאָר, — מאַכט די שוועסטער די איינווענדונג, אָבער זי האָט באַלד חרטה. דער סאַניטעטסאַרצט האָט איהר דאָך נעכטען

וואלטען איצט אנגעקומען די טעג פון גאט'ס געריכט, די טעג פון ראזעי.

ביי דעם אנבליק פון דעם אנגעקומענעם מאיאר, פער־שטומט דער גרוס אויף די ליפּען פון דעם אלטען דיענער, שטארבט אב דער גרייטער שפּאס אין מויל פון דעם קראנקען באראן, שווייגען די נייגעריגע הויזהאלטערין און מיידלעך, וואס זיינען געווען גרייט צו פערשיטען דעם מאיאר מיט פראגען. זיין אויסזעהן זאגט אלץ! די נייגעריגקייט און דער אינטערעס געהען איבער אין שרעק און מיטלייד. נאר אין די אויגען פון איינער פלאמט אן אונאויסלעשליך פייער, א פערצעהרענד, אויספּרואווענד פייער! מעלאניע וויל וויסען דעם אמת אום יעדען פרייז.

אבער דער מאיאר רעדט קוים ארויס א ווארט. נאר זעהר זעלטען קומען אבגעריסענע און גאנץ גלייכגילטיגע זאצען פון זיין מויל. גלייך נאך זיין אנקומען האט מען איהם אוועק־געפיהרט אין זיין צימער, דאס הייסט, ווירץ און נאך א דיענער האבען איהם ארויפגעטראגען אויף די טרעפּ און איהם אוועק־געלעגט אויפ'ן בעט אין זיין צימער, נאכדעם ווי דער קראנקען־ווארטער, וואס האט איהם בעגלייט אהיים, האט איבערגעגעבען ריכטיג אלע פעראָרדנונגען, וואס דער שטאבארצט האט איהם מיטגעגעבען. און דער מאיאר האט שוין מעהר זיין צימער ניט פערלאזען.

זיין ערשטער בעזוכער אויפ'ן צווייטען טאג אין דער פריה איז געווען דער סאניטעטסראט, וואס איז געקומען פון דער נאנט־סטער קרייזשטאדט. ער האט דעם באראן און מעלאניע'ן בע־שטעטיגט אלץ, וואס ער האט שוין געוואוסט פון דעם שטאב־ארצט'ס קראנקהייטסבעריכט: א שווערער נערווענשאק, וועגען וועלכען מען קען נאך ניט פּראָגנאָזירען, מיט וואס דאס וועט זיך ענדיגען, און די שלעכטע היילענדע וואונד אין רוקען מיט א פערלעצונג פון דעם ווירבעלזייל, פון וואס א טאבעס וועט זיך ווארשיינליך לאנגזאם ענטוויקלען. ער האט קיין זאך ניט פער־בארגען פון דעם שווער און דער פרוי, ער האט זיי געזאגט אלץ, וואס מען קען ערווארטען.

דער קראנקער באראן איז צו עגאאיסטיש, צו קענען פער־געסען זיין אויפמערקזאמקייט מיט די קראנקהייטען פון אנ־דערע, און מעלאניע נעמט אויף דעם פּראגנאז פון דעם סא־ניטעטסראט מיט אזא רוהיגקייט, אז דאס ווירקט אויף דעם אלטען ארצט, ווי א קאלטער דוש. מיט א פּאר העפליכע ווער־טער נעהט ער ארויס און פערשפּרעכט צו שיקען אויפ'ן צווייטען

דעסטוועגען האָט ווירץ ארומגעשלאָגען די קאָלאָנען פון טיר מיט שווארץ־ווייס־רויטע פאָהנען, און אויף א פאָפּשילד האָט מען געקענט לעזען: „א הערצליך ווילקאָמען דעם אהיים קו־מענדען זיעגער!“

א מיעדער שמייכעל בעווייזט זיך אויף דעם אש־גרויען און אויסגעצעהרטען געזיכט פון מאיאָר, ווען ער דערזעהט דאָס שילד און די גוט געמיינטע ווערטער פון דעם טרייען דיענער פון זיין שוועהר.

אזוי זעהט דאָס אויס א זיעגער, לויפט דורך א געדאנק אין זיין אויסגעמאָטערטען געהירן, און וועלכען די געדאנקען קענען איצט נאָר מיט דער גרעסטער מיה צוזאמענגעבונדען ווערען. די וואונד אין רוקען, וואָס פערהיילט זיך אלץ ניט, איז נאָך ניט אלץ, וואָס ער האָט געבראכט מיט זיך אהיים פון דעם פעלד פון עהרע. די נערווען, וואָס זיינען אזוי צוריסען און פערצעהרט געוואָרען פון די שרעקליכע ערלעבנישען אין דער שלאכט ארום טראָיאָן און אין דעם גאַסענקאמף אין ראָזעי, האָבען אריינגעבראכט אין זיין געהירן עפּעס, וואָס איז שרעקליך עהנליך צו וואַהנזין, וואָס גנב'עט זיך לאנגזאם צו.

אין שלאָף הערט ער דאָס קראכען פון קאנאָנען. ווען ער איז וואך, זעהט ער בלוט. א בעוועגליכער און טריפענדער שלייער, א פורפור פאָרהאנג שפּרייט זיך שוין וואָכענלאנג פאַר זיינע אויגען. מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג שלינגט ער אראָב די פּאָר ביסען, וואָס זיינען נויטיג, אום צו דערהאלטען זיין לעבען, ווייל אָט די ביסען זיינען אויך איינגעטונקט אין הייסע, רינענדע, דאַמפענדע בלוט.

און ביי יעדער קלייניגקייט וויינט ער ווי א קינד. די טרערען קומען איהם פון זיך אליין, גאָר אָהן אן אורזאך. ווי פיבער און מערדער איבערפאלען זיי דעם מאיאָר פון הינטען, זיי רייסען זיין אָרימע הארץ און זיין קראנקע זעל, ביז דער שטראָם פון טרערען בעדעקט זיין געזיכט, און ער ווערט אזוי אָבגעשוואכט, אז ער קען שוין אפילו מעהר ניט וויינען. אזוי ווי די טרערען פון די פרויען און קינדער פון ראָזעי, וועמעס הייזער און שייערען ער האָט געהייסען אונטערצינדען, וואָלטען פון וועמען געזאמעלט און אריינגעגאָסען געוואָרען אין זיינע אויגען, וואָס האָבען געמוזט צוזעהן אזוי פיעל שרעקען. אזוי ווי ער, א וויסענדער צווישען טויזענדער נארען, וואָלט דאָס פעראַנטווארטלט געוואָרען איבערצולעבען אלע ליידען, די גאַנצע גרויזאמקייט און שאַנד פון דער מלחמה. און פאַר איהם

דריטען צום סקאט, דאָס איז דאָך די הויפטזאַך. וואָס נאָך קען דען שטעהן אין דער נארישער דעפּעש? ער האָט אינגאנצען פערגעסען, אז די דעפּעש קומט פון פראַנט.

— אין דער דעפּעש שטעהט, אז דער הערר מאיאָר איז פערוואונדעט, אפילו זעהר שווער פערוואונדעט, הערר באראָן!

— און איז שוין אויף'ן וועג אהיים, ווי קען איינס שטימען מיט דעם צווייטען, מענש?

— דאָס קען איך שוין ניט וויסען, הערר באראָן... דער הערר מאיאָר האָט דאָך געקענט פערלירען א האנט, אָדער א פוס, דאָס רופט מען דאָך אויך שווער פערוואונדעט.

דער באראָן קראצט זיך הינטער די אויערען. „דאָס האָט טאקי געקענט געשעהן, — דענקט ער פאר זיך, — דער ווירץ איז גאָר ניט אזוי אונגערעכט... און אויב... א האנט... האָפענטליך, נאָר איינע..." דער באראָן וויל ניט דערפיהרען דעם געדאנק ביז'ן סוף, און ער זאגט זעהר געלאסען:

— איך דענק, ווירץ, אז מיר דארפען רוהיג אָבווארטען, אויב ער פאהרט איצט אהיים, דאן קען דאָך די זאך ניט זיין אזוי... נו, געוויס, געוויס... עס געשעהען אלערליי... געוויס, געוויס... דער ליינזאָמען ווירקט טאַקי זעהר גוט, איך בין זעהר צופרידען מיט דעם ליינזאָמען... זעהר צופרידען... האלט מיר נאָר מיין ליולקע, זי איז, נאטירליך, ווידער אויסגעגאנגען... ניין, מיט דעם פידיבוס, מיין טייערער ווי אלעמאָל, איהר ווייסט דאָך!

— געוויס, הערר באראָן!

ווירץ צינדט אָן דעם באראָן זיין לאנגע ליולקע.

— דער וואַרינאַס II איז דאָך דער בעסטער! מיר וועלען ווארטען און זעהן, וואָס גאָט וועט געבען, ווירץ!

## XI

אין א פּאָר טעג ארום האָט זיך אויפ'ן שוועל פון דעם הערּענהויז פון פאלקענשטיין בעוויזען דער מאיאָר, ריכטיגער, א שאָטען פון דעם פריהערדיגען מאיאָר. ווירץ, דעם באראָן'ס פאַקטאָטום, האָט ניט פערפעהלט צו בעציערען די טיר מיט פיכטענצווייגען, אייכענבלעטער זיינען שוין אין די וועלדער ארום ווערזשבאָלאָווא געווען פערדארט און געל. די ווערטער פון זיין מאיעסטעט: „איידער די בלעטער וועלען אראָבפאלען פון די בוימער, וועלען מיר אלע שוין ווידער זיין אין ליעבען דייטשען פאָטערלאנד", זיינען ניט ערפילט געוואָרען. פונ־

צוריק אין צייט פון מאנעווער און...— ווירץ שטעלט זיך אָב אומענטשלאָסען.

— רעדט ווייטער, ווירץ.

— און, אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָט ער דאן דער גנעדיגער פריילייין...

— ריכטיג, איך דערמאָן זיך איצט אַביסעל, ווירץ, א בלאָנדער, ניט אמת, מיט קורץ געשאָרענע וואָנצעס...

ווירץ שמייכעלט מיט דעם אויסדרוק פון מיטלייד

— אלע הערדען טראָגען דאָך איצט, הערר באראָן, קורץ־געשאָרענע וואָנצעס, זינט זיין מאַיעסטעט האָט זיך אָבגעבּרענט די וואָנצעס מיט א ציגארעט.

— אמת, אמת, ווירץ. איז וואָס איז געשעהן מיט דעם... ווי רופט איהם... רודאָלף...

— אדאָלף, הערר באראָן...

— זאָל זיין אדאָלף...

— ער איז געפאַלען, הערר באראָן, ער איז טויט, אזוי שטעהט אין דער דעפּעש.

— דער ארימער יונג! אָבער עס פאלען דאָך אין די איצ־טיגע טעג אזוי פיעל, מיין טייערער ווירץ, יעדען טאָג פאלען דאָך עטליכע טויזענד, איז וואָס איז דאָ צו רעדען... און...

— יע, וואָס איז איינענטליך דאָ צו רעדען, יעדען טאָג פאלען דאָך עטליכע טויזענד, היינט וואָס איז דאָ צו רעדען... און...

— און מיין איידעם, הערר מאַיאָר פאָן בערקערסבורג?

— דער הערר מאַיאָר איז איצט אויף׳ן וועג אהיים, הערר באראָן!

— אויף׳ן וועג אהיים, דאָס איז פיין, ווירץ, מיר וועלען מיט דעם וואלדוועכטער האָבען אונזער דריטען מאן צום סקאַט, דער פּאַסטאָר מילער פון ווערזשבאלאָווא שפּיעלט דאָך אונער־טרעגליך שלעכט, און וועט נאָך באלד אינגאנצען טויב ווערען...

— יע, אָבער...

— וואָס נאָך? וואָס פאר אן „אָבער"? — ווערט דער באראָן אויפגערעגט.

— עס שטעהט דאָך נאָך עפּעס אין דער דעפּעש, — ענטשולדיגט זיך ווירץ. ער האָט שוין חרטה, וואָס ער האָט אָנגעהויבען איבערגעבען דעם אינהאלט פון דער דעפּעש אין אזא פאָרם.

— נו, וואָס נאָך שטעהט דאָרט? — ערגערט זיך דער באראָן. דער מאַיאָר קומט צוריק אהיים. און ער וועט האָבען א

וואָלט געהאט גאָט וויים וואָס פאר ערפרעהענדע נייעס פאר דעם באראָן.

— נו, וואָס איז געשעהן, ווירץ?

ווירץ ווארט אבזיכטליך נאָך א מינוט, אום דעם באראָן'ס אונגעדולד זאָל שטייגען ביז אויף דעם העכסטען גראד, דאן זאָגט ער:

— מיר האָבען דירעקטע נאכריכטען פון דעם וועסטליכען פראָנט, הערר באראָן.

דער באראָן רייסט אויף ברייט די אויגען און האָט דעם אויסזעהן, ווי ער וואָלט געוואָלט ארויסרייסען די ווערטער פון דעם דיענער'ס מויל.

— א זיעג, ווירץ, א גרויסער, בעשטימטער, ענטשידענער זיעג איבער די פראנצויזען, ווירץ, דאָס קען דאָך נאָר זיין די איינציגע נאכריכט פון וועסטליכען פראָנט.

ווירץ שמייכלט ווי א פיגארא.

— פערזענליכע נאכריכטען, הערר באראן, א דעפעש, וואָס די פרוי מאיאָר האָט ערשט ערהאלטען.

— נאכריכטען פון מיין איידעם, הייסט דאָס?

— געטראָפען, הערר באראָן!

— גוטע נאכריכטען?

— נאָך מיין מיינונג, ניט די ערגסטע, הערר באראָן.

— א דאנק גאָט, ניט דאָס מיר איבער.

ווירץ ווארט ווידער, דאן זאָגט ער:

— פיעלייכט וועט בעסער זיין, ווען איך וועל דאָס דעם היערין באראָן דערצעהלען אין אומגעקערטער ארדנונג, אום דער הערר באראָן זאָל זיך ניט איבערשרעקען.

— וואָס זאָל דאָס הייסען, „אין אומגעקערטער ארדנונג", ווירץ?

— איך מיין נאָר, הערר באראָן, דאָס גלייכגילטיגע צו־ערשט און צולעצט דאָס פיעלייכט ווייניגער אנגענעהמע.

— ווי גוט איהר קענט דאָס אָבהיטען מיינע נערווען, ווירץ!

— יע, ניט אמת, הערר באראָן? — ווירץ שמייכעלט זעלבסטצופרידען. — ערא͏ינערט זיך דער הערר באראָן אָן א העררן קאפיטאן אָראָלף, וואָס איז נאָך דאן געווען אָבערלייטע־נאנט?

— ווער איז דאָס געווען אזוינס, ווירץ?

— ער איז דאָ געשטאנען אין קווארטיר מיט א פאָר יאָהר

דאָ אָבער קומט אריין ווירץ מיט דעם דאמפענדען ליינזאַ־טען אין א האנדטוך.

— אָבער וואָס טהוט דאָ דער הערר באראָן! דער הערר באראָן וויס דאָך, אז דער הערר באראָן טאָר אונטער קיינע אומשטענדען ניט אויפשטעהן, און נאָך ווען דער פוס איז ניט פערבונדען, אונטער גאָר קיינע אומשטענדען!

— נו, גוט, ווירץ...

..יב דער באראָן פיהלט אכטונג צו וועמען דאָ אין הויז, איז דאָס צו זיין אַלטען פאַקטאָטום, וואָס פערשטעהט, ווי איהם צו בעהאנדלען. דעריבער לאָזט ער זיך איצט נעמען פון ווירץ, ווי א קליין קינד, ביי דער האנט און צוריקגעפיהרט ווערען צום לעהנשטוהל.

— איצט וועט זיך דער הערר באראָן נאָר גוט אוועקזע־צען...

— אָך, אָך...

— עס וועט שוין באלד בעסער ווערען, הערר באראָן... אזוי... אזוי... און איצט וועלען מיר דאָס צולעגען, ווי לאנג דאָס איז הייס, וואָס הייסער, די היץ איז די הויפטזאך, זאָגט דער הערר סאניטעטסראט, די היץ שטילט איין אלע שמערצען, הערר באראָן. לעגט נאָר דעם פוס העכער!

ווירץ רוקט צו א שטוהל אונטער דעם באראָן'ס פוס, דאן לעגט ער דעם זודיגען ליינזאָמען ארום דעם קנעכעל.

— אָ, צום טייוועל!... ווילט איהר מיך א לעבעדיגען אָב־קאָכען, ווירץ, ווי די קאָזאַקען די איינוואוינער פון שמאַלקאַ־לען... הערט נאָר, ווירץ... אָ, צום טייוועל!..

ווירץ בלייבט פעסט. ער פרעסט דעם ליינזאָמען נאָך ענגער ארום דעם קנעכעל און פערזיכערט:

— די היץ טהוט אלץ, הערר באראָן, גלויבט מיר, נאָר די היץ. איך האָב נאָר מורא, צי עס איז נאָך אלעמען נאָך ניט גענוג הייס...

— אָ, זאָל אייך דער טייוועל נעמען, ווירץ...

— אויב איהר וועט מיך אזוי שלעכט בעהאנדלען, הערר באראָן...

— איז וואָס וועט זיין, ווען איך וועל אייך שלעכט בע־האנדלען, ווירץ?

ווירץ קען זיין העררן. די נייגעריגקייט איז ביי איהם די בעמערקבארסטע אייגענשאפט, און נאָר זיין קראנקהאפטער ענטוזיאזם איבערטרעפט זי. דעריבער שמייכעלט ער שלוי, ווי ער

ער איז גליקליך. ער נעמט דעם שטעקן, וואָס שטעהט אָנ־געשפּאַרט אן קאמין, און פּרואווט געהן, הינקענדיג אויף'ן קראנ־קען פוס. ער פיהלט גרויסע שמערצען, אָבער זיין ווילענסקראפט און דאָס אנגענעהמע בעוואוסטזיין, אז אכציג טויזענד רוסען זיינען געפאנגען, טרייבען איהם פארווערטס. אויף דער אנדערער וואנט הענגט א קארטע פון דעם אָסטליכען קריעגסטעאטער. ער וויל זיך פארשטעלען געגוי, וואו דער גרויסער הינדענבורג האָט דאָס גענומען געפאנגען אכציג טויזענד רוסען, ער, וואָס האָט שוין דריי מאָל אזוי פיעל רוסען — מאָסקאָוויטער, ווי דער וואלדוועכטער האָט ליעב זיי צו רופען — אריינגעטריבען אין די מאזורישע זומפּען און האָט אָבגערייניגט דאָס בראווע אָסט־פּרייסען...

אָך, אָך, אָך... דער באראָן שטעהט פאר דער קארטע און שטודירט: לאָדז, ווארשוי... ריכטיג, די ווייסעל, די ווארטא... טאָרן, אי שלעכט!.. וואָס אויב די רוסען וועלען זיך אריינרייסען אין טאָרן! דער באראָן שמייכעלט באלד ביי דעם געדאנק, דער־פון קען גאָר קיין רעד ניט זיין, הינדענבורג וועט זיי איינפאך אריינטרייבען אין די זומפּען, און אויב דאָרט זיינען ניטאָ קיין זומפּען, וועט ער זיי ערגעץ אנדערש פערטרייבען! מען דארף זיך נאָר פערלאָזען אויף הינדענבורג'ען!

דער וואלדוועכטער איז א בראווער יונג. ער איז שוין אי־בער זעכציג, ווי דער באראָן אליין. נאָך גאר א יונגער אינגעל, האָט ער מיטגעמאכט דעם פעלדצוג אין זיעבציגסטען יאָהר. ער האָט נאָך אָבער ניט קיין פאדאגרא און רעוומאטיזם, ער קען נאָך טרינקען און שפּיעלען און קאָרטען, פּונקט ווי דאן, אין סט. פּריוואָ, וואו דער באראָן האָט איהם, דורך א גוט געציעלטען שאָס, געראַטעוועט פון טויט. ער איז א בראווער יונג. און איהם, דעם באראָן, האָט דער ארצט פון דער קרייזשטאָדט פערבאָטען צו נעמען א טראָפּען אלקאָהאָל אין מויל!

פון סט. פּריוואָ הויבט זיך אָן זייער פריינדשאפט, וואָס איז עהנליך צו א בלוטבונד. אָט דאָס זיינען געווען צייטען, די טעג פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען און סט. פּריוואָ! דאן איז פראנקרייך געפאלען אונטער דייטשלאנד'ס קלעפּ, זי וואָלט איצט אויך געפאלען, ווען ענגלאנד וואָלט זיך ניט אריינגע־מישט, דער פערעטערישער אלביאָן, און ווען דאָס געוויסענלאָזע בעלגיען וואָלט ניט ענטזאגט זיין מאיעסטעט א פרייען דורכ־גאנג. ביי דעם געדאנק דריקט דער באראָן צונויף זיין פויסט און ניט א קלאַפּ מיט'ן פוס אין דיל. אָבער ער שרייט אויס פון וועהטאָג.

די מינוטען אויף'ן קאמין. פינף מינוטען איז שוין אוועק. דער יונג האָט זיך שוין ווידער געמוזט פערועדען מיט איינער פון די דיענסטען! אונווייליג שטרעקט ער אויס די האנט, צו נעמען די צייטונג. אויף איין מאָמענט פערגעסט ער די שמערצען אין קנעכעל און שטעלט דעם פוס פרייער אויף'ן טעפיך, אָבער באלד שפרינגט ער אויף מיט א הויכען „הימעל, הערר גאָט, סאקראמענט."

ער טהוט באלד אן זיין פענסנע און נעמט שטודירען „דאָס ווירבאלענער (ווערזשבאָלאָווער) קרייזבלאט", וואָס ער האָט שוין היינט פינף מאָל דורכגעלעזען און ווייס שוין אויף אויסוועניג. ער לעזט אָבער נאָכאמאָל מיט גרויס פערגניגען: „א גרויסער זיעג איבער די רוסען. הינדענבורג נעמט אכציג טויזענד געפאנגענע." דער באראָן שמייכעלט מיט צופרידענהייט. ער דענקט ניט נאָך, אז דאָרט שטעהען נאָך אָנדערטהאלבען מיליאָן אין רעזערוו, און אז רוסלאנד'ס מענשענקוועלען זיינען אונערשעפליך. עס קומט איהם גאר ניט אויף'ן זין, אז סיביר איז הונדערט מאָל אזוי גרויס ווי אסטפרייסען. אין „קרייזבלאט" שטעהט געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס, אז הינדענבורג האָט גענומען אכציג טויזענד רוסען געפאנגען. דאָס „קרייזבלאט" זאָגט ניט קיין ליגען און ווייס אַלץ, — דאָס איז פונקט אזוי זיכער, ווי אן „אמן" אין קירך, און די הויפטזאך איז דער גלויבען, וואָס מען האָט אין זיך, און דאָס וואָס דאָס „קרייזבלאט" פון ווערזשבאלאווא פערשטארקט אָט דעם גלויבען.

דער באראָן איז גליקליך, אין געהויבענער שטימונג, אכציג טויזענד רוסען — א קליינינקייט! די לאגערען פאר געפאנגענע אין דייטשלאנד וועלען שוין באלד קיין אָרט ניט האָבען, די בעפעלקערונג קרעכצט אונטער דעם שרעקליכען יקרות, א צענטנער ארבעס איז שוין ארויפגעשטיגען ביז פינף און פערציג מארק, און מעהל ווערט שוין געמישט מיט קארטאָפעל. דאָס מאכט ניט אויס. אָבער אכציג טויזענד רוסען! מיר האָבען אין דייטשלאנד גענוג ארט און ברויט פאר זיי, דענקט דער באראָן, מעג ענגלאנד פערשליסען די האפענס און אָבשטעלען דעם אימפאָרט פון איבער די ימים, מיר האָבען גענוג ברויט. די ערנטע איז געוועזען אויסגעצייכענט, וועט זיין גענוג אויך פאר די אכציג טויזענד רוסען! אז אין סיביר איז פאראן וועניגער ברויט, אָבער דערפאר פיעל מעהר רוים ווי אין דייטשלאנד, דאָס קומט דעם באראָן ניט אויף'ן זין. און צו וואָס דענקען וועגען דעם? הינדענבורג האָט נעזיעגט, דאָס איז דאָך די הויפטזאך. אכציג טויזענד רוסען!

— לאָזט צורוה די נארישע וויצען, ווירץ.

— וועלכע נארישע וויצען, פריילין, איך רעד אין הייליגען ערנסט. אן ענגלענדער איז היינט ערגער פון צעהן אידען! אזא קרעמער, ווי דער ענגלענדער איז, קען מען ניט געפינען אויף דעם גאנצען אָריענט. יע, פריילין, אזוי שטעהט שווארץ אויף ווייס אין דער „אָסטפרייסישער". איהר לעזט אָבער ניט קיין צייטונגען, ווען איהר וואָלט געלעזען צייטונגען, וואָלט איהר דאָס געוואוסט, איהר לעזט אָבער נאָר ראָמאנען, אין דער איצטיגער הויכפּאָליטישער צייט נאָר ראָמאנען...

דאָס מיידעל האָט זיך שוין צו איהם ניט צוגעהערט.

— איצט איז אלץ קלאָר, — זאָגט זי ווי צו זיך אליין, — אלץ, אלץ איז קלאָר!

דאָס האָט דער טויט פון דעם קאפּיטאן אראָלף, און ניט די שווערע פערוואונדונג פון דעם מאיאָר, געמאכט אזא איינ־דרוק אויף די גנעדיגע פרוי. אויך דאָ אין הויז, ווי אומעטום, איז געווען א געשפּענסט.

— דער ליינזאמען איז גענוג הייס, — דערהערט זיך די שטים פון דער קעכין אין קיך.

— איך קום.

ווירץ פאָלגט דעם רוף, און דאָס מיידעל ווידערהאלט נאָכ־אמאָל, איידער זי פערשווינדט אין דיענערשטוב:

— אזוי, אזוי...

דאָרט דערצעהלט זי די גרויסע געהיימניס צו די אנדערע, יעדערער נאָטירליך אונטער דעם פייערליכען צוזאָג, אז דאָס וועט קיינעם ניט איבערדערצעהלט ווערען.

X

פאר דעם ערשטען קאמינפייער, וואָס מען האָט דעם הערבסט אָנגעצונדען אין הערענהויז, זיצט דער באראָן און וואַרט אונגעדולדיג אויף זיין ליינזאָמען. ער איז אין זיין שלאָפראָק, זיין לאנגע ליולקע שטעהט אָנגעלעהנט צום שטוהל, צו וועלכען דער באראָן איז צוגעבונדען. ער האָט אראָבגענומען דעם שוך און דעם זאָק פון לינקען פוס און קרעבצט און האלט דעם פוס מיט בייד'ע הענט. דער קנעכעל, אויף וועלכען ווירץ דאַרף ארויפלעגען דעם הייסען ברייא, וואָס שטילט די שמערצען, איז שטארק אָנגעשוואָלען.

— וואו האָט ער געקענט פערפאלען געהן? — אונגע־דולדיג קוקט דער באראָן אויפ'ן זייגער, וואָס קלאפּט איינטאָניג

שטיין געוועזן אויף א מאנעווער מיט צוויי יאָהר צוריק, ווען איהר האָט נאָך ניט געהאט די עהרע צו שטעהן אין פרייהערדלי־כער דיענסט.

— אזוי... און וואָס נאָך ווייסט איהר וועגען דעם קאפּיטאן אדאָלף?

דאָס מיידעל איז געשפּאנט אויף דעם העכסטען גראד. מיט אן עכט ווייבּליכען זין דערשפּירט זי אן אינטערעסאנטען צוזאמענהאנג צווישען דעם אונערקלערליכען צושטאנד פון דער פרוי מאיאָר און דעם טויט פון דעם איהר אונבעקאנטען קאפּי־טאן אדאָלף. אין איהרע פרייע שטונדען איז זי א פלייסיגע לעזערין פון ראָמאנען, און דער גלויבען, אז אין יעדען ארעלהויז געהט אום א געשפּענסט, איז איהר אריין אין פלייש און בלוט. זי פרעגט איצט נאָכאמאָל:

— און וואָס ווייסט איהר נאָך וועגען אָט דעם מיסטעריע־זען קאפּיטאן אדאָלף, ווירץ?

— פאַרוואָס רופט איהר איהם מיסטיריעז, פרייליין?

— איך האָב אויף דעם מיינע אייגענע גרונדען, ווירץ, — ענטפערט דאָס מיידעל און שמייכעלט געהיימניספול.

און ווירץ, וואָס ליעבט מעהר פון אלץ צו ערוועקען צו זיך אן אינטערעס און וואָס האָט אין זיך, ווי אלע אלטע און ער־פאהרענע דיענער, די אייגענשאפטען פון פיגאראָ, ענטפערט אין נאָך א געהיימניספולערען טאָן:

— יע, פרייליין, דאָס איז א ראָמאנטישע געשיכטע. מען האָט דאן אין פאלקענשטיין א סך זאכען דערצעהלט, ווען דער קאפּיטאן אדאָלף איז דאָ געשטאנען אין קווארטיר.

— אין צוזאמענהאנג מיט דער פרוי מאיאָר, ווירץ?

— געוויס אין צוזאמענהאנג מיט דער פרוי מאיאָר. מיר זיינען אלע געווען איבערצייגט, אז ער האָט געוואָלט בעטען איהר האנט. די באנק אונטער דעם זילבערנעם עשענבוים אויף׳ן גרויסען שוואנענווייהער דאָרט אין פּארק וואָלט זעהר פיעל גע־קענט דערצעהלען, ווען בענק וואָלטען געקענט רעדען. און פּלוצ־לונג האָט מען ערקלערט אונזער פרייליין פאר די כלה פון דעם מאיאָר, ניט פון דעם הערן אָבערלייטענאנט, כאָטש דער מא־יאָר איז מיט צוואנציג יאָהר עלטער פון איהר, און דער הערר אָבערלייטענאנט איז דאָך געווען פיעל בעסער פּאר איהר צוגע־פּאסט. צאָהלונגס שוועריגקייטען האָבען זיך דאָ אריינגעמישט, האָט מיר נעזאָגט א איד פון דער קרייזשטאדט און האָט דערביי אזוי פערדעטעריש געשמייכעלט, ווי ער וואָלט געווען ניט קיין איד, נאָר אן ענגלענדער.

פאטאלער דעפעש. נאָך עפּעס... קאפּיטאן אדאָלף טויט... זי קען זיך ניט דערמאָנען אַ קאפּיטאן אדאָלף. זי איז נאָך ניט געווען אין פאלקענשטיין, ווען ער פלעגט בעזוכען דאָס הויז. וואר־שיינליך אַ בעקאנטער פון דעם מאיאָר׳ס גארניזאן, ווענען וועמעס טויט מען קען ניט ניט מיטטיילען ביילויפיג, אז מען טעלעגראפירט שוין, בעשליסט דאָס מיידעל.

צופעליג בעגעגענט זי אויף׳ן וועג ווירץ׳ען. ער געהט אין קיך איבערבייטען דעם ליינזאָמען פאר דעם באראָן, ווייל פאר די לעצטע צוויי וואָכען בעהויפּטעט דער באראָן, אז ליינזאָמען איז דער איינציגער מיטעל, וואָס מאַכט איהם די שמערצען ער־טרעגליך.

— איהר, ווירץ?

— פריילין!

ווירץ רעדט צו איהר „פער פריילין", זינט זי האָט פּראָ־טעסטירט קעגען די צודרינגליכקייטען און פערטרויליכקייטען פון זיין זייט און קעגען רופען זי מיט איהר ערשטען נאָמען, און זינט די פרוי מאיאָר האָט בעשטימט, אז זי זאָל טיטולירט ווערען „פריילין".

— וואָס נייעס? — האָט געפרעגט דעם באראָן׳ס דיענער, און א נייגעריגקייט האָט זיך בעוויזען אין זיינע אויגען.

— די פרוי מאיאָר וויל, אז איהר זאָלט איבערגעבען דעם הערן באראָן דעם אינהאלט פון אָט דער דעפעש אין א גינסטי־גען מאָמענט.

— גיט דאָס מיר נאָר! — דער דיענער שטרעקט אויס א ציטערענדע האנט. — שווער פערוואונדעט... א שאָד, א שאָד דעם מאיאָר, אָבער איך האָב געוואוסט, פריילין, אז ביי די פראנצויזישע פינף־און־זיעבציגער וועט קיינער פון אונזערע ניט קומען צוריק א גאנצער. די פיינדליכע ארטילעריע איז פיעל בע־סער פון אונזערער. מען דארף דאָס ניט זאָגען אין דער הויך, אָבער, צווישען אונז גערעדט, אין דייטשלאנד וויים דאָס שוין יעדע קינד.

— אזוי...

— און דאן... קאפּיטאן אדאָלף טויט... א שאָד איהם, א וואוילער יונג געווען, פריילין, און אזוי מוזיקאליש, אזוי מוזי־קאליש, אזוי ענטציקענד מוזיקאליש! ער האָט אייך געקענט פאנטאזירען אויפ׳ן קלאוויר, אז טרערען האָבען זיך אין די אוי־גען געשטעלט.

— איהר קענט דעם קאפּיטאן אדאָלף?

— צי איך קען איהם, פריילין! ער איז דאָ אין פאלקענ־

הערן בּאַראָן אין אַ גינסטיגער מינוט. ווירץ פֿערשטעהט איהם דאָך בּעסער, ער שטעהט צו איהם אם נאָהנטסטען.

— גוט, גנעדיגע פֿרוי, איך וועל דאָס איבערגעבען ווירץ'ען.

אונגעמטשלאָסען נעמט דאָס מיידעל די דעפּעש פֿון מע־לאַניע'ס האַנט. אַן אונבעשטימטע אַנגסט און צו דערזעלבער צייט אַ שרעקליכע נייגעריגקייט בּעהערשט זי. עפּעס שרעקלי־כעס מוז שטעהן אין דער דעפּעש, אַנדערש וואָלט דאָך די פֿרוי מאַיאָר ניט געווען אין אַזאַ צושטאַנד, זי איז דאָך אין די פֿער־גאַנגענע וואָכען געווען פֿערהעלטניסמעסיג רוהיג און גוט גע־שטימט, גאַר ניט ווי דער באַראָן, וואָס איז אַלעמאָל גענייגט צו פֿערצווייפֿלען און ערוואַרט טאָג־טעגליך דאָס ערגסטע. דאָס ערגסטע מוז טאַקי איצט שטעהן אין דער דעפּעש. דער מאַיאָר מוז זיין טויט, יע, עס איז גאַר קיין צווייפֿעל ניט, דער מאַיאָר מוז זיין טויט.

אין אַזעלכע געדאַנקען פֿערלאָזט דאָס מיידעל מעלאַניע'ס צימער. זי געהט זוכען ווירץ, אום איהם איבערצוגעבען די דע־פּעש. די פֿרוי מאַיאָר איז גערעכט, דעם באַראָן'ס פֿאַקטאָטום, וועמען אַלע אין הויז קענען ניט ליידען, פֿערשטעהט גוט די קאַפּריזען פֿון דעם פֿאַראַגריקער, ווי קיין אַנדער מענש וואָלט דאָס געקענט. זאָל טאַקי ווירץ איבערלעזען די דעפּעש און גע־פֿינען די געלעגענהייט מיטצוטיילען דעם באַראָן וועגען דעם מאַיאָר'ס טויט.

דאָס מיידעל לעזט אַליין איבער די דעפּעש און אָטעמט אויף ערלייכטערט. עס איז דאָך נאָך גאַר ניט אַזוי שלעכט! ער איז שווער פֿערוואונדעט, אָבער דאָך אויף'ן וועג אַהיים, ווען ער קען שוין זיין אויף'ן וועג אַהיים, איז ער דאָך שוין אויסער גע־פֿאַהר, שליסט דאָס מיידעל. זיכער איז ער אויסער לעבענס־געפֿאַהר, ווען ער פֿאָהרט אַהיים. שווער פֿערוואונדעט — דאָס גרייט מען זיי צו צו עפּעס שרעקליכעס. פֿיליייכט אַ האַנט פֿער־לאָרען, פֿיליייכט אַ פֿוס. אָדער ביידע הענט, צי ביידע פֿיס.

דאָס איז שרעקליך, ניט אויסצומאָלען, אַ מאַן ווי דער מאַיאָר, אין די בעסטע יאָהרען, וועמען זי האָט אַלע מאָל גע־האַלטען פֿאַר אַ שעהנעם, וואָס זעהט אויס אַזוי שטאַטליך אין דעם אוניפֿאָרם, פּלוצלונג אָהן הענט אָדער אָהן פֿיס... אַ קריפּעל, אַ הילפֿלאָזער, וואָס קען זיך אַליין ניט אַנטהאַן, וועמען מען מוז פֿיטערען און העלפֿען ביי זיינע קערפּערליכע בעדערפֿנישען...

אָ, דאָס איז שרעקליך! אָבער ער איז אויף דער רייזע אַהיים, איז ער דאָך אויסער לעבענסגעפֿאַהר.

אָבער נאָך עפּעס שטעהט אין דער לאַקאָנישער, אָבער

צוקט איהר דורך דער געדאנק, אז זי האלט איצט אין איהר האנט דעם אורטייל פון איהר שיקזאל, דעם וועגווייזער פון איהר גאנצער צוקונפט. זי געפינט נאך אין זיך גענוג קראפט, צו דאנ־קען דעם מענשען, זאגען איהם א פאר פריינדליכע ווערטער און געבען איהם טרינקגעלט. דאן געהט זי מיט שווערע טריט ארויף די טרעפ צו זיך אין צימער, אום דארט צו עפנען די דעפעש און לעזען דאס, וואס זי ווייס שוין אייגענטליך, אין וואס זי האט אין דער אמת'ען קיינמאל קיין אויגענבליק ניט געצוויי־פעלט.

„מאיאר פאן בערקערסבורג שווער פערוואונדעט און אויף'ן וועג אהיים. קאפיטאן אדאלף טויט."

נאר דער לעצטער זאץ בלייבט אין מעלאניע'ס בעוואוסט־זיין. זי וויינט ניט. נאר א קלאנג, ווי עפעס וואלט זי געשטיקט. נאר זי האלט איין דעם קלאנג מיט אן אנשטרענגונג פון איהר ווילען. דאן געהט זי צום וואשטיש, נעמט דעם שוואם פון נעץ, טונקט איהם איין אין קאלטע וואסער פון דער קאן און פיהרט איהם איבער די ברענענדע אויגען. דאן געהט זי צום טיר און קלינגט.

אין א מינוט ארום קומט ארייין איהר דיענסט־מיידעל. זי בלייבט שטעהן און קוקט מיט דעם טיפסטען שרעק אויף מעלאניע'ס אשגרויע געזיכט. ווי זי זעהט דאס אויס! טיפע רינגען אונטער די גרויסע, ברייט אויפגעריסענע, טרוקענע און הייסע אויגען, די האאר צוזאמארפען, די ליפען האלב גע־עפענט און בלוטלאז... ווי דער וואהנזין וואלט זיך בעהאלטען הינטער דעם שטערן און אבגעווארט דעם מאמענט, אויסצוברע־כען מיט א ווילדקייט, וואס מען קען ניט איינהאלטען.

אבער קיין זאך געשעהט ניט.

מעלאניע רעדט, און איהר שטים קלינגט רוהיג און געלא־כען. אזוי ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען בעשטעלען שווייננפלייש אדער א פאר געקאכטע אייער צום איוענדברויט, אזוי רוהיג, אזוי זעלבסטפערשטענדליך, לאנגזאם, ווי געלאנג־ווילט, רעדט זי:

— גיט דאס איבער דעם הערן באראן.

— גוט, גנעדיגע פרוי.

— ווארט, האט דער הער באראן ווידער זיין פאדאגרא?

— יע, ווי יעדען טאג, גנעדיגע פרוי.

— ריכטיג, ווי יעדען טאג. דאן גיט איבער די דעפעש ווירץ'ען, איהר פערשטעהט, ווירץ'ען, ער זאל דאס געבען דעם

## IX

ניין טעג האָט דער מאיאָר געשוועבט צווישען לעבען און טויט. אָבער א דאנק די בעמיהונגען פון דעם שטאַבאַרצט און שוועסטער רות איז דער פיבער פערשוואונדען, און ענדליך איז דער פערוואונדעטער, לויט אַלע ווארשיינליכקייטען אונחייל־באר, אָבגעשיקט געוואָרען מיט א טראנספּאָרט אין דייטשלאנד. ער וועט שוין זיין רעגימענט און דעם פראָנט ניט זעהן, כאָטש מען האָט איהם אויף זיינע פראגען אויס בארמהערציגקייט פער־זיכערט, אז יע.

ווער האָט דען איהם געקענט? דעם רעטזעלהאפטען מענ־שען, וואָס האָט פערבאָרגען זיינע טיפסטע איבערצייגונגען אונטער דער אייזערנער מאסקע פון שטרענגער דיענסט און ער־פילונג פון פליכט. נאָר איינמאָל האָט ער די מאסקע אויפגע־הויבען, ווען ער איז געשטאַנען אין אנגעזיכט פון טויט אויף דעם שלאַכטפעלד הינטער טראיאן. נאָר איינמאָל אין זיין גאנ־צען לעבען איז ער געווען ווארהאפטיג, אין דעם בעוואוסטזיין, אז כראָנאָס האָלט שוין זיין שטונדענגלאז אין די ביינינגע הענט און איז שוין גרייט דאָס אומצוקערען. איינמאָל אין זיין גאנצען לאנגען לעבען איז ער געווען ווארהאפטיג און אויפריכטיג.

קיין מענש האָט דאָס ניט געוואוסט, אויסער שלאָסער, און ווער קען זאָגען מיט זיכערהייט, אז ער וועט זיך אומקערען פון אָט דער שרעקליכסטער פון אַלע מלחמות און וועט אויף דעם עדות זאָגען? און קיינער וועט דאָס קיינמאָל ניט וויסען, קיין פריינד, קיין פערוואנדטער, קיין פרוי, אפילו ניט מעלאניע פאָן בערקערסבורג.

פאר דעם הערדענהויז אין פאלקענשטיין קלינגט דער טע־לעגראמענטרעגער פון דער פאסטסטאציאָן פון וועדזשבאלאווא. הינדענבורג האָט בעזיעגט די רוסען, און פאר א ווייל שטעהט דער פיינד ווידער אויסערהאלב דעם גרענעץ. דער צופאל האָט געוואָלט, אז מעלאניע זאָל עפנען די טיר. זי איז ערשט צוריק־געקומען פון הינטערשטען הויף, וואו זי האָט געפיטערט היהנער און טויבען. ווען זי האָט דערזעהן פאר זיך דעם טעלעגראמענ־טרעגער, האט איהר הארץ גענומען קלאפען אין באנגער עריואר־טונג. א רויטע פארב בעווייזט זיך אויף איין אויגענבליק אויף איהר געזיכט און ווערט גלייך פערביטען אויף אן אשגרויע בלייכקייט, ווען זי בעגריסט דעם מענשען מיט דער רויטער טאש.

מעכאניש נעמט זי די דעפעש פון זיין האנט. ווי א בליץ

— איהר זייט געווען גערעכט, הערר שטאַבאַרצט, — זאָגט ענדליך די שוועסטער, און טרערען הערען זיך אין איהר שטים.

— צו וואָס ווײנען, שוועסטער?

— איך ווייס די לעבענסגעשיכטע פון דעם טויטען, הערר שטאַבאַרצט, ער איז געווען דער איינציגער זוהן ביי זיין מוטער, וואָס האָט איהר לעצטעס אוועקגעגעבען, אום ער זאָל קענען ווערען אָפיציר, און דאָ... צו ניינצעהן יאָהר... ער האָט מיר דערצעהלט וועגען זיין מוטער, איידער זיין קאָמפּאַניע איז ארויסגעטראָטען אין יענע שלאַכט...

— וואָס קען מען טהאָן, שוועסטער רות... אַ שאָס אין קאָפּ מיט אַן ענטצינדונג פון דער געהירנהויט. דאָ האָט מען שוין גאָרניט געקענט טהאָן... און דאָ האָט נאָך די געפּריהר־מאַשין אויפגעהערט צו ארבייטען, מיר האָבען דאָך אין די לעצ־טע פיער און צוואַנציג שטונדען קיין ברעקעל אייז ניט געהאַט, דאָס ווייסט איהר דאָך אליין. מען האָט דאָ גאָרניט געקענט מאַכען. יאָמערט ניט, קיין יאָמערנדע שוועסטער טויגען מיר ניט, איך האָב אייך דאָס שוין צוואַנציג מאָל געזאָגט, אָט העלפט מיר דאָ בעסער.

שווייגענדיג פאָלגט שוועסטער רות דעם בעפעהל פון שטאַבאַרצט. זיי הויבען אויף דעם נאָך ווארימען קערפּער פון יונגען לייטענאַנט און לעגען איהם אַנידער דערביי אויף'ן דיל.

— איצט האָב איך ווירקליך מעהר קיין צייט ניט, — זאָגט דער שטאַבאַרצט, — די אנדערע וואַרטען אויף מיר. וועלען מיר איצט נעמען דעם מאַיאָר...

— אין דאָזעלבע בעט, הערר שטאַבאַרצט?

— דער טייוועל זאָל דאָס נעמען! שוועסטער, ענטצינדונג פון געהירנהויט איז, אויף ווי ווייט איך ווייס, ניט אָנשטעקענד, מיך פרעהט, וואָס דאָס בעט איז פריי געוואָרען פונקט אין צייט. דאָ אין פעלד, צוויי קילאָמעטער הינטער דער פייערליניע, קע־נען מיר ניט קלערען וועגען אזעלכע קליינינגקייטען, ווי אין דער אוניווערזיטעטס־קליניק, וואו איהר האָט געלערנט. אָן אוואַן! גיט איהם דריי טיילעפעל ציטראָנוואַסער, ווען ער וועט קומען צו זיך, שוועסטער... אויף ווידערזעהן!

מיט זיין אינסטרומענט טאַש אין האַנט געהם דער שטאַבאַרצט אַרויס אין דרויסען, וואו ער דאַרף נאָך זעהן דעם גייעם טראַנספּאָרט און אָבקלייבען די, וואָס מען קען נאָך רע־טען דורך אַ שנעלע אָפּעראַציאָן.

שוועסטער רות פֿאָלגט דעם בעפֿעהל, ניט זאָגענדיג אַ וואָרט. זי האָט ניט געגלויבט, אַז די אָפּעראַציאָן וועט געלינגען, זי איז געווען פֿעסט איבערצייגט, אַז דער ראָסטיגער צאָהן וועט זיך אָבברעכען און בלייבען שטעקען אין ביין. אויך איצט צווייפעלט זי נאָך, צו דער פֿערוואונדעטער וועט בלייבען לעבען. און וועהרענד דער ארצט בעדעקט די וואונד מיט דעם געלען פּולווער, פֿרעגט זי בעשיידען:

— גלויבט איהר דען ווירקליך, אַז איהר וועט איהם קענען רעטען, הערר שטאַבּארצט?

— איך האָף, אַז איך וועל קענען, שוועסטער רות, אָבער אַ לעהמונג וועט בלייבען, און פֿון איהר וועט זיך ענדליך ענטוויקלען אַ טאַבעס, ווייל דער רוקענמאַרך איז זעהר שווער פֿערלעצט.

— שרעקליך, בעסער שוין געשטאָרבען, — זאָגט שוועסטער רות.

— מיט אַ טאַבעס קען מען לעבען נאָך צעהן יאָהר, שוועסטער רות, ווען מען איז פֿאָרזיכטיג, — ענטפֿערט דער שטאַבּארצט. דאַן לעגט ער רוהיג ארויף דעם פֿערבאַנד, מיט דער הילף פֿון דער שוועסטער. דער מאַיאָר ליגט נאָך אַלץ אין טיפֿען נאַרקאָז, כאָטש דער שטאַבּארצט האָט שוין לאַנג פֿון איהם אַראָבגענומען די מאַסקע.

— האָט איהר אַ זויערשטאָף־אַפּאַראַט, שוועסטער?

— געוויס, הערר שטאַבּארצט.

נאָכדעם ווי דער אַפּאַראַט האָט געאַרבייט פֿינף מינוט, הויבט דער מאַיאָר זיך אָן צו רעגען. אַ קוים בעמערקבאַרע פֿאַרב בעווייזט זיך אויף זיינע ביזהער טויטבלייכע באַקען.

— דער פּולס ווערט שוין קרעפֿטיגער, הערר שטאַבּארצט, — זאָגט שוועסטער רות.

— זעהט איהר, מיין טייערע, אָט האָבען מיר איהם אומגעקערט צום לעבען!

אַ שמייכעל פֿון גליק און בעפֿרידיגונג שוועבט אויף די ליפּען פֿון דער שוועסטער פֿון רויטען קרייץ.

— איצט זעהט נאָך דעם בעט נומער אַכצעהן, שוועסטער.

שוועסטער רות געהט צום בעט נומער אַכצעהן און שטעהט אַ ווײַלע צומישט, אָהן ווערטער.

— נו, וואָס, שוועסטער רות?

נאָך אַלץ קומט ניט קיין ענטפֿער. אין דעם בעט נומער אַכצעהן ליגט אַ בלוטיונגער לייטענאַנט פֿון נײַנצעהן יאָהר. ער ריהרט זיך שוין ניט מעהר.

פון דער שוועסטער. מיט טיפע אײַנשניטען טײלט ער אָב די הויט פון דעם מוסקעל און דאן דעם מוסקעל פון ביין.

— איך בין געווען גערעכט, עס שטעקט אין פינפטען ווירבעל, שוועסטער. גיט מיר די צוואנג.

— דאָ, הערר שטאַבאַרצט.

די שפּיץ פון דעם צאָהן זעהט זיך קלאָר. זי שטעקט דריי ביז פיער צענטימעטער אין ביין, אָבער דער אָבגעבראָכענער עק שטעקט ארויס.

— ווען אַט דאָס וועט זיך מיר אָבברעכען, איז אַלץ פערלאָרען, — דענקט דער שטאַבארצט און נעמט אָן די שפּיץ מיט דער צוואנג. ער פּרואווט לאַנגזאַם.

— עס שאָקעלט זיך, ס'וועט געהן, שוועסטער, איהר זעהט!

די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דעם ארצט איז איצט געווענדט אויף דעם פּרעמדקערפּער, וואָס מען מוז ארויסציהען, אום דער היילונגספּראָצעס זאָל זיך קענען אָנהויבען. ער רעדט שטיל פאר זיך:

— אזוי... אזוי... לאַנגזאַם... נאָכאַמאָל, אזוי, אזוי,,:

דאן איין שנעלער ציה

— געלונגען! — קומט דער פרייד געשריי פון זיינע ליפּען. ער האַלט אין דער צוואַנג די שפּיץ פון דעם צאָהן.

— איהר זעהט, שוועסטער, איך גלויב ניט, אז עפּעס איז דאָרט נאָך געבליבען.

— ניין, הערר שטאַבארצט, דאָס איז געווען א וואונדערליכע אָפּעראַציאָן.

— זעהט איהר! — רופט דער ארצט אויס מיט פרייד.

— איצט גיט מיר סטעריליזירטען גאַז.

שוועסטער רות גיט דעם גאַז.

דער שטאַבארצט טריקענט אויס די וואונד לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג.

— איז דאָס אַביסעל שמוציג געווען, דאָס שטיקעל צאָהן פון דער מיסטגאָפּעל!.. וועט שוין אָבער זיין גוט... ביי אונזער אַסעפּטיק, וועט שוין זיין גוט, שוועסטער!

עס נעמט גאַנצע צעהן מינוט, ביז דער ארצט ענדיגט זיין געוויסענהאַפטע ארבייט, ווייל אַלץ ווענדט זיך איצט אָן דעם, ווי ריין מען וועט האַלטען די וואונד. ענדליך בעפעהלט ער:

— און איצט גיט מיר דאָס קעסטעל מיט דערמאַטאָל און דאָס פערבאַנדצייג.

— גוט. איך וויל דאָ גאָרניט איבערלאָזען אָהן אַ פּערזוך, ווענינגסטענס.

— ווי דער הערר שטאַבּאַרצט געפינט פאַר נויטיג, אָבער מיר האָבען מעהר קיין בעט ניט.

— בעט נומער אַכצעהן ווערט פריי, שוועסטער, דער מאַן שטאַרבט.

— ער איז נאָך אָבער ניט געשטאָרבען, הערר שטאַבּאַרצט.

— טהוט וואָס איך זאָג אייך, שוועסטער, ביז איך וועל פאַרטיג ווערען, וועט דער מאַן זיין טויט.

— גוט, הערר שטאַבּאַרצט!

— גיט מיר די מאַסקע און כלאָראָפאָרם, שוועסטער!

די שוועסטער ברענגט דאָס פון דעם קיכשראַנק, וואָס דער שטאַבּאַרצט האָט זיך דאָ איינגעשאַפט, און וואָס שטעהט ביי דער אויסגעקאַלכטער וואַנט פון דעם פריהערדיגען שולצימער, וואָס מען האָט איצט שנעל פערוואַנדעלט אין אַן אימפּראָוויזירטען לאַזאַרעט. די שוועסטער האַלט, ווייזט אויס, וועניג פון דעם פערזוך צו רעטען דעם מאַיאָר. זי פּרואווט מאַכען נאָך אַן איינווענדונג.

— מיר מוזען שפּאָרען דאָס כלאָראָפאָרם, הערר שטאַבּאַרצט. דער סאַניטעטסצוג האָט זיך פערשפּעטיגט. מיר האָבען נאָר נאָך די איין פלאַש. ער איז בעוואוסטלאָז, אפשר קען מען דאָס מאַכען אָהן נאַרקאָז?

דער שטאַבּאַרצט ענטפערט ניט. ער לעגט אַרויף די מאַסקע אויף דאָס געזיכט פון דעם פערוואונדעטען. פון דרויסען דערטראָגען זיך ווידער די געשרייען פון די ליידענדע, ווי די ווילדע געשרייען פון חיות אין שלאַכט־הויז. זען מען גיט זיי מיט עפּעס איבער'ן קאָפּ. אָבער דעם אַרצט ציטערט אפילו ניט די האַנט, ווען ער טונקט איין אַ שטיק וואַטע אין כלאָראָפאָרם און לעגט דאָס אונטער די נאָז פון מאַיאָר, ווען ער האָט מיט דער הילף פון דער שוועסטער אומגעדרעהט.

— גיט אַכטונג אויף דעם פּולס, שוועסטער רות!

— גוט, הערר שטאַבּאַרצט.

זי איז גרייט גוט אַכטונג צו געבען, אָבער דער פּולס איז אַזוי שוואַך, אַז אפילו איהר געאיבטער פינגער קען איהם ניט געפינען.

— איך געפין ניט מעהר קיין פּולס, הערר שטאַבּאַרצט.

— איהר מוזט איהם געפינען... אָט אַזוי... נו, אָט בין איך פאַרטיג...

פאַרזיכטיג ווענדט ער אום דעם פּאַציענט מיט דער הילף

נאך א גרינדליכער אונטערזוכונג, שאָקעלט דער שטאַב־ארצט מיט'ן קאפּ און זאגט:

— אייגענטליך זעה איך ניט קיין האפנונג, דער רוקענ־מארך איז אַנגעגריפען... מיר וואָלטען אָבער יע געקענט פּרו־ווען אן אפּעראציאָן, שוועסטער רות.

שוועסטער רות ענטפערט ניט. עס ליגען נאָך הונדערטער אי אין לאזארעט, אי דרויסען אויף'ן פרייען פעלד, וועמען מען דארף העלפען, פערבינדען און אפּערירען. דאָס געפּעקט ארום טראיאן האָט זיך צוברענט מיט א נייער מאכט, און עס וועט היינט קיין סוף ניט נעמען צו די וואָגענס און אויטאָמאָבילען, וואָס קומען אָן אָנגעלאָדען מיט די אפּפער פון דער שלאכט.

— מיר וועלען פונדעסטוועגען פּרואווען, שוועסטער רות, — ווידערהאלט דער שטאבארצט.

— ווי דער הערר שטאבארצט געפינט פאר נויטיג....

מיט דעם געזיכט אראָב ליגט דער מאיאר אויף דעם ריין געשייערטען טיש, וואָס מען האָט רעקווירירט פון דער קיך פון איינעם פון די גרעסטע הויפען, און וואָס דיענט צו דערזעלבער צייט אי פאר אונטערזוכונגען, אי פאר אָפּעראציאָנען.

— שוין ווידער א טראַנספּאָרט, הערר שטאַבארצט. מיר האָבען שוין קיין בעטען ניט. דרויסען אויף'ן פעלד ליגען מענ־שען אַ רייה נאָך אַ רייה. — שוועסטער רות עפענט די טיר, אום צו איבערצייגען דעם ארצט, אַז וואָס זי זאָגט איז ריכטיג. עס רייסען זיך אריין וועה געשרייען און קרעכצען פון די ליי־דענדע. אָבער דער שטאַבארצט און שוועסטער רות זיינען שוין געוועהנט צו דעם יאָמערען און שרייען. דאָס פורכטבארע שרעקט שוין ניט מעהר די נערווען, וואָס זיינען האַרט געוואָרען דאָ צווישען טויט־נויט און מאַטערניש.

— דערשלאָגט מיך, מאַכט אַ סוף מיט מיר! — דער־טראָגט זיך אַ שרעקליכער געשריי פון פעלד.

די, וואָס שרייען, האָבען מעהרסטענס אָן אויסזיכט צו ווערען גערעטעט. די ווירקליך שווער פערוואונדעטע ברענגען שוין ניט ארויס קיין קלאַנג פון זייערע ליפּען. זיי ליגען דאָ, ווי די טויטע, אָהן אנטייל, זיי האָבען ניט קיין אהנונג וועגען דעם, וואָס מיט זיי טהוט זיך.

— דעם נייעם טראַנספּאָרט זאָל אויפנעמען אסיסטענט דאָקטאָר ווילדע, — ענטשיידט דער שטאַבארצט.

— ער איז שוין ארויסגעגאַנגען, הערר שטאַבארצט, — ענטפערט די שוועסטער.

— בעפעהל, הערר אונטעראָפיציר!
— גראבען א גרוב!
— בעפעהל, הערר אונטעראָפיציר!
— בעפעהל, הערר אונטעראָפיציר!
די צוויי סאלדאטען נעמען זיך גלייך צו דער ארבייט.
— באטאליאָן אהן טריט, מארש!
מיט דעם פויק פאראוים, מארשירט דער רעשט פון דער אָבטיילונג דורך די נאָך אַלץ רויכערענדע רואינען פון ראָזעי צוריק אויף דעם וועג, אויף וועלכען זי איז געקומען.
שטיל פאלגט נאָך לייטענאנט שלאָסער.

## VIII

נאָך אכט און פערציג שטונדען האָבען די היעגען פון שלאכטפעלד, וואָס האָבען אויך ארומגעזוכט די רואינען פון ראָזעי, געפונען דעם מאיאָר. ער איז געלעגען לעבען דעם מיסט־הויפען פון הויף, וואו דעם בויער'ס גאָפּעל האָט איהם געטראָפען, די שפּיץ פון דעם מערדערישען אינסטרומענט האָט נאָך געשטעקט אין זיין רוקען. מען האָט ביי איהם צוגענומען דעם זייגער און דאָס געלד און די רינגען, וואָס זיינען, צו זיין גליק, ניט צו פעסט געזעסען אויף זיינע פינגער. מען האָט בעשלאָסען, אז ער איז טויט.

דאָס בילען פון א הונגעריגען היימלאָזען הונט, וואָס האָט געזוכט א ביין, האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון א פאטרול, וואָס איז דורכגעגאנגען די גאס פון דאָרף. די סאלדאטען האָבען מיט שרעק זיך אָבגעשטעלט פאר דעם קערפּער פון מאיאָר. זייער פיהרער, וואָס האָט מיטגעמאכט א קורס פאר סאַניטארען, האָט צוגעלעגט זיין אויער צום אָפיציר'ס ברוסט. ער האָט ניט קיין טעות, גאנץ שטיל, קוים פערנעמבאר, געהט נאָך אין קערפּער דער אָטעם, און דאָס הארץ ארבייט. נאָר א גע־איבטער האָט דאָס געקענט דערהערען.

אויף א וואונק פון אונטעראָפיציר הויבען די צוויי סאָל־דאטען אויף דעם מאיאָר. מיט א פערשטיקטען קלאנג פאלט אראָב צו דער ערד די מיסטגאָפּעל, מיט וועלכער ער איז געוואָרען פערוואונדעט. דער אונטעראָפיציר בעטראכט די מיסטגאָפּעל: איהם דוכט, אז די שפּיץ פון איין צאָהן איז אָבגעבראָכען און איז געבליבען שטעקען אין דער וואונד.

דער מאיאָר קומט ניט צו זיך. די סאלדאטען גיבען איהם איבער צו די מענשען פון רויטען קרייז, וועלכע פיהרען איהם אב צום נאהנטסטען פעלדלאזארעט.

— ווי איהר ווילט, אונטעראפיציר, גיט דעם בעפעהל צום שיסען!

— בעפעהל, הערר ליטענאנט!

דער זעכצעהניאָהריגער פּיער בוניאָן שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

— נאָן, נאָן, נאָן, זשע נע ווע פּא. לעסעי מעז יעי, נאָן, זשע נע ווע פּא!

און דער אלטער קיורע באַנוויזאזש קוקט ארויף צום הימעל, ווי ער וואלט געבעטען: „פערגיב זיי, פאטער, ווײַל זיי ווייסען ניט, וואָס זיי טהוען. הער, אין דיינע הענט גיב איך איבער מיין גייסט!“

אזוי זעהט אויס דער אלטער אין דעם מאָמענט, ער, ווען דער בישאָף האָט אנפערטרויט די פיער הונדערט זעלען פון ראַזעי, וואָס זיינען שוין איצט אלע אין דעם הימעל׳ס הערליכען קעניגרייך, אויסער די ווייניגע, וואָס וואנדערען איצט אום אויף דעם שאסעי פון טראיאָן.

איצט רייסט זיך אויך פון זיינע פערוועלקטע ליפּען אראב דערזעלבער אויסגעשריי, ווי פון די יונגע פרישע ליפּען פון דעם אינגעל:

— נאָן, נאָן, זשע נע ווע פּא. לעסעי מעז יעי.

א קלאַפּ אין פּויק דערהערט זיך.

אונטעראפיציר הייגריך בעהערשט זיינע געדאנקען. ער מאכט אן אנשטרענגונג און שרייט:

— שטיל שטעהן! דאָס געוועהר איבער! ציעלען! פייער!

א שאָס קראכט.

— ציעלען! פייער!

א צווייטער שאָס.

— ציעלען! פייער!

א דריטער.

— געוועהר אראָב! זיך ריהרען! מוסקעטירען בעטכער און גרוי!

— בעפעהל, העדר אונטעראָפיציר!

— בעפעהל, העדר אונטעראָפיציר!

די צוויי סאלדאטען טרעטען ארויס פון דער אבטיילונג. זיי נעמען פון דער ערד א שטיק לייוועגט, וואָס זיי האָבען דאָ נאָך פריהער אנידערגעלעגט, און דעקען דערמיט צו די נאָך צוקענדע און ווארימע קערפּער פון דעם אינגעל און דעם אלטען, פון וועלכע דאָס בלוט שטראָמט אונאויפהערליך.

— מוסקעטיר שינעמאן, מוסקעטיר באָלינגער!

— בעפעהל, העדר אונטעראָפיציר!

איהם געבלענדט די העלע זון, וואָס שיינט דורך די שיטערע בלעטער פון די טרויעריגע ווערבעס אויף דעם קירכהויף. אויף די ווערבעס הענגען נאָך גרינגע בלעטער, און ווער קען וויסען וואָס וועט נאָך זיין מיט אָט די בוימער און מיט איהם אליין און מיט זיין קאָמפּאניע, ווען זיין טערעזא וועט איהם שענקען דאָס קליין צארט קינד מיט דעם זיסען נארישען שמייכעל אויף'ן רויטען מיילכעל? ווער קען היינט וויסען, וואָס וועט זיין, ווען די גרינע בלעטער וועלען אראבפאלען, ווער, ווער?

שלאָסער האָט געענדיגט לעזען דעם אורטייל. ער גיט מיט דער האנט א צייכען דעם אונטעראפיציר, אז ער זאל הייסען איינעם פון די סאלדאטען פערבינדען די פעראורטיילטע די אויגען. אונענטשלאָסען שטעהען די צוויי סאָלדאטען, זיי קוקען אויף דעם אונטעראָפיציר און דאן אויף שלאָסער. זיי פרעגען מיט די אויגען און ווארטען.

קיורע באנוויזאזש איז ווי פערגליווערט אין געבעט. דאָס זעהט מען קלאָר אויף זיין געזיכט, כאָטש ער קען ניט צונויפלעגען די אויף הינטען פערבונדענע הענט, ווי ער פלעגט דאָס טאָן אזוי אָפט, בעטענדיג פאר זיינע פיער הונדערט זעלען אין דער קליינער דאָרפסקירך פאר דעם בילד פון דער אלבארמהער־ציגער מוטער פון גאט.

שלאָסער קערט אָב זיין געזיכט.

ער דענקט וועגען בערקערסבורג'ען. ווי יענעמס געדאנקען וואָלטען פלוצלונג אריינגעדרונגען אין זיין קאָפּ. „אנדרעאס האָפער", — קומט איהם פלוצלינג דער געדאנק. אין קייטען אין מאנטוא... און דאן: „דו האָסט דאָס געזאָגט, איך בין א קעניג!" ער קען מעהר ניט פערטראגען דעם בליק פון דעם צום טויט ענטשלאָסענעם אינגעל און פון דעם פריסטער, וואָס האָט זיך שטיל איבערגעגעבען זיין שיקזאל, — זיי שטעהען ביידע רוהיג און געלאסען פאר די סאלדאטען. אָט דעם אינגעל און דעם אלטען שטעהט איצט פאר אנצוטאָן די מארטירערקרוין, ווי יענעם, וואָס איז געשטאנען פאר דעם ריכטערטיש פון פּי־לאטוס.

דו האָסט דאָס געזאגט, איך בין א קעניג...

און טריי צו זיין שבועה, טאָר ער קיין זאך ניט ברעכען אָדער אונטערזוכען, ער מוז איינפאך טהאָן זיין פליכט, ניט מעהר. און דער מענש, וואָס האָט פאר דעם אויסברוך פון דעם פורכטבארען קריעג זיך געהאלטען פאר א ריכטער, נעמט צונויף דעם לעצטען רעשט פון זיין ווילענסקראפט און זאגט:

לייכט צו געפינען א גוטע שטעלע. און ווען, נאָכדעם ווי זיין מיליטערדיענסט האָט זיך געענדיגט, האָט דער קאַפּיטאַן איהם גענומען צורעדען צו בלייבען אין דער ארמיי פאר זיין ווייטער־דיגער קאַריערע, האָט ער צוגעשטימט. ווענען קריעג האָט דאָך קיינער ניט געקלערט, און היינריך האָט זיך נאָך דערצו גע־קליבען הייראַטען.

דער הערר קאַפּיטאַן האָט פאר איהם אויסגעווירקט די נויטיגע ערלויבניש, און אין אַפּריל האָט ער געהייראַט און האָט בעקומען אין דער קאַזארמע א זעהר נעטע וואָהנונג. ארביי־טענדיג יעדען טאָג זייט מאָנאַטען נאָר מיט דער פעדער אין זיין קאַנטאָר, האָט ער שוין כמעט פערגעסען, ווי אומצוגעהן מיט'ן ביקס. און דאָ האָט מען איהם, ווייל קיין אַנדערער איז ניט גע־ווען, געשיקט צו דער עקזעקוציאָן. אונטעראָפיציר היינריך, וועגען וועמעס מילדקייט די סאָלדאַטען פלעגען זיך ווינצלען, אין דער ראָל פון א הענקער! דאָס איז געווען איינע פון יענע איראָניען פון שיקזאַל, וואָס נאָר דער קריעג האָט געקענט ארויס־ברענגען.

און ווי ער שטעהט דאָ און שטעלט אויס זיינע סאָלדאַטען, פליהען זיינע געדאַנקען אַוועק אהיים, צו זיין טערעזא. ווען ער האָט זיך מיט איהר געשיידט, אום צו געהן אין פעלד, האָט ער געוואוסט, און די אקושערין האָט בעשטעטיגט, אז זיין טערעזא וועט איהם צו ווייהנאַכטען שענקען א קליין זיס קינד — איהם! אָבער ווער קען וויסען, וואָס ביז דאַן וועט נאָך פאַרקומען. האָבען דען אָט די צוויי געפאַנגענע מיט די אויף הינטען פער־בונדענע הענט, וואָס שטעהען דאָ ביי דער וואַנט פון דעם קירכ־הויף פון ראַזוע, געוואוסט מיט דריי, אכט, פערצעהן טעג צוריק, וואָס מיט זיי וועט היינט פאָרקומען? און ער?

די סאָלדאַטען זיינען אויסגעשטעלט. אונטעראָפיציר היינ־ריך געהט צו צו שלאָסער און ערקלערט, אז אלץ איז גרייט צו דער הינריכטונג. דער לייטענאַנט נעמט ארויס פון מונדיר א שריפט: "דער טויטאורטייל פון געריכט! אין נאָמען פון זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג פון פרייסען, נאָך קריעגסרעכט..."

דאָ זיינען ניטאָ קיין צוהערער, אויסער די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געוועהנט צו די אלע קריעגסאַרטיקלען און נעמען אָן דעם טויט אורטייל ווי עפּעס, וואָס איז זעלבסטפערשטענד־ליך. אין נאָמען פון זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג פון פרייסען, דורכגעפיהרט פון איינעם פון זיינע לייטענאַנטען אין א דערפעל. וואָס איז פערצעהרט פון פלאַמען, אין האַרץ פון פראַנקרייך!

אונטעראָפיציר היינריך פערמאַכט די אויגען, ווי עס וואָלט

פון געריכט. וואָס האָט דאָך דער מאַיאָר געזאָגט דאָרט אין וואלד הינטער טראָיאַן! וועלכע געוואגטע געדאנקען ער האָט ארויסגעזאָגט! „פּארטיזאנען" — דאָס איז גאָר אַן אויסדרוק פון האס צו די העלדען פון פרייהייט, וואָס זיינען גרייט צו שטארבען פאר דעם, וואָס זיי האלטען פאר גערעכט. אזוי אונגעפעהר האָט ערקלערט זיין אנזיכט יענער זאנדערבארער מענש, וועמען די נאָהנטקייט פון טויט איז נויטיג געווען, אום ער זאָל עפענען זיין אמת׳ע און טיפסטע מענשליכע נאטור.

— באטאליאָן, האלט!

די אבטיילונג שטעהט אויף דעם פּלאץ פאַר דער קירך, וואו אין דעם קליינעם קירכהויף רוהען אונטער דעם פריעדליכען שאָטען פון די קירכליכע ווענט די פריהער געשטאָרבענע בירגער פון ראזעי.

אונטעראפיציר היינריך, וואָס פיהרט די אבטיילונג, שטעלט אוים זיינע פינף מאן. דאָס איז א יונגערמאן פון א יאָהר זעקס און דרייסיג, וואָס האָט געענדיגט זיין דיענסט, נאָך איידער מען האָט אין די ניעדריגערע שיכטען פון דער אַרמיי געהאט די מינדסטע אהנונג ווען דער אָנקומענדער מלחמה. ער האָט גלייך נאָכדעם געהייראט. זיין טערעזא האָט געדיענט אין הויז פון קאַפּיטאן, וואוהין ער פלעגט טעגליך קומען מיט דעם בעפעהלבוך, אלס שרייבער פון זיין קאמפּאניע. דאָרט האָט ער זיך בעקאנט מיט דער בעצויבערענדער קליינער טערעזא מיט דעם ענטציקענדען שמייכעל אויף די רויטע ליפּען, ווען זי פלעגט איהם יעדען טאָג עפענען די טיר.

אונטעראפיציר היינריך איז א פריעדליכער מענש. די רויהע ארבייט פון דעם קריעגער איז איהם קיינמאָל ניט געווען צום הארצען, ער האָט אָבער געמוזט דיענען, פּונקט ווי יעדער איינער אין דייטשלאַנד און אין פראנקרייך. ער איז געוועזן דער עלטסטער פון פיעלע קינדער ביי זיינע עלטערען. זיין פאָטער איז געווען א קליינער מאגיסטראטס־בעאמטער אין א קליין שטעדטעל אויפ׳ן וועזער, און ער איז געווען צופרידען, ווען ער האָט זיך בעפרייט כאָטש פון איין קינד, ווייל די אנדערע האָבען דאָך אויך געדאַרפט ערנעהרט און ערצויגען ווערען. און דאָס געהאלט פון א קליינעם מאגיסטראטבעאמטען אין א שטערטעל אויף דעם וועזער איז ווייט ניט גענוג, ווען די פאמיליע צעהלט ניין קעפּ. אמת, דער פאטער האָט דעם עלטסטען נאָך אויף זיין פערצעהנטען יאָהר אבגעגעבען אין לעהרע צו א קאמערסאנט, ווייל ער האָט נאָך אין שול ארויסגעוויזען א פלינקקייט און פערשטענדליכקייט. אָבער ביי דער איצטיגער צייט איז גאָר ניט

# VII

צווישען די נאָך אַלץ רויכערענדע רואינען פון ראָזעי, אויף דער פערלאָזענער גאס לעבען דער קלײנער קירך מיט דעם צו־זאַמענגעבראָכענעם טורעם, דערהערט זיך אַ פערשטיקטער קלאַנג פון פויקען. די סאָלדאַטען פון באַטאַליאָן האָבען געכאַפּט דעם יונגען לואי בוניאָן, וואָס האָט דער ערשטער געשאָסען אין קאַפּע דיו רעיזען אין קאַפּיטאַן אַדאָלף. זײ האָבען אויך געפונען דעם אַלטען קיורע באַנגוויזאָזש, וואָס האָט זיך אין דער געפאַהר בעהאַלטען לעבען זײַן בעדיענער אונטער דעם אַלטאַר מיט דעם בילד פון דער אַלבאַרמהערציגער מוטער פון גאָט. דער מער און מאַרטאַ זײַנען געפאַלען אין פערלויף פון דעם גאַסענקאַמף. זײ ליגען צווישען בערגלעך טויטע קערפּער, וואָס מען האָט נאָך ניט געהאַט קײן צײַט צו בעערדיגען.

שלאָסער איז געזונד געוואָרען און האָט ערפילט זײַן שווע־רע פליכט: ער האָט איבערגעגעבען דעם קאַפּיטאַן׳ס מערדער און דעם קיורע, וואָס האָט געבראָכען זײַן עהרענוואָרט, צום גע־ריכט, און בײדע זײַנען פעראורטײלט געוואָרען צום טויט. דער־ריבער האָט זיך דאָס געהערט דער פערשטיקטער קלאַנג פון פויקען צווישען די נאָך אַלץ רויכערענדע רואינען פון ראָזעי. אַ קלײנע קאָמפּאַניע סאָלדאַטען, מיט אַ פּײקלער פאַראויס, געהט דאָס אויספיהרען די שרעקליכע ארבײט אונטער די שטראַהלען פון דער זון, וואָס האָט געבראַכט אַ נײַעם טאָג איבער די רואי־נען פון דאָרף. אויף׳ן גאַס זײַנען ניטאַ קײן צושויער, קײנער וואָגט ניט צו בעווײַזען זיך אפילו אויפ׳ן ווענ צו ראָזעי. נאָר די בערגלעך טויטע קערפּער און די סאָלדאַטען פון באַטאַליאָן, וואָס מוזען דאָ בלײַבען, ביז דער לעצטער אַקט פון שיקזאַל וועט דאָ ניט אויסגעפיהרט ווערען.

און אונטעראָפיציר פון דער זעקסטער קאָמפּאַניע פיהרט די קלײנע אַבטײלונג, וואָס בעשטעהט פון פינף סאָלדאַטען, און פאַראויס געהען די צוויי פעראורטײלטע, ענטוואָפענט, מיט די הענט פערבונדען אויף הינטען. אויף די טויטבלײכע געזיכטער פון דעם אינגעל און פון דעם אַלטען איז פערגליווערט דער אויס־דרוק פון פינסטערער ענטשלאָסענהײט און פאַנאַטיזם, און די הערליכע ליכטיגקײט פון מאַרטירער שײַנט אויף זײער שטערן און זײערע ליפּען.

„ווען בערקערסבורג וואָלט דאָס געזעהן!" — קומט פלוצלונג דער געדאַנק שלאָסער׳ן, וואָס מוז נאָך זײַן דיענסט־פאַרשריפט בײַוואוינען די עקזעקוציאָן, ווי דער פאַרשטעהער

איז איין העלער פלאַם, וואָס הענגט איבער דעם טונקעלען שטרייף פון וואַלד הינטער טראַיאַן.

טראַיאַן ברענט, ראָזוי ברענט, אַלץ איז אין פלאַם!
די זיגרייכע ארמיי!...

שלאָסער פערמאַכט די אויגען מיט דער האַנט. די אויגען קענען מעהר ניט פערטראָגען דעם העלען שיין.

ווערט די האַנט ניט פייכט, ניט וואַרם, ניט הייס? יע, טרערען פון דעם פיינד, טרערען פון דעם פערניכטער, פון אַ ווערקציינג אין העכערע הענט, איבער פון איהם אליין בעפּאָה־לענעם אונטערגאַנג פון ראָזוי!

טרערען, ערלייזענדע טרערען אין אַ ים פון בלוט און פייער! טרערען פון די אויגען פון דעם, וואָס שטעהט אויף אַ בערגעל פון טויטע קערפּער, וואָס זיינען צוזאַמענגעהויפט גע־וואָרען אויף זיין בעפעהל.

די געטער פון וועלטגעריכט און טרערען, הייסע, ברענענ־דע, ביטערע, זאַלציגע טרערען, ווי די, וואָס זיינען ביי איהם געראָנען, ווען זיינע פיס זיינען צום ערשטען מאָל אַראָבגע־גאַנגען די זידליכע אַלפּען, און זיינע אויגען האָבען אין מילאַן דערזעהן די צענא פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי.

— איך זאָג אייך, צווישען אייך איז פאַראַן איינער, וואָס וועט מיך פערראַטען!

איינער! דער איינער איז דער, וואָס האָט געוואָלט ווערען אַ ריכטער און האָט אָט וואָס דערזעהן און אָט וואָס געטהאָן!
איינער צווישען אייך וועט מיך פערראַטען!
אַ דונערנדער קראַך...

דער קירכטורעם פון ראָזוי איז פאַר שלאָסער'ס בליקען צוזאַמענגעפאַלען. דאָס אַלטאַרבילד מיט דער בלוטענדער וואונד פון דער אַלבאַרמהערציגער מוטער פון גאָט ליגט אונטער רואינען און אַש. דער צוג פון די היימלאָזע ווערט אַלץ שיטערער און שיטערער, עס לויפען איצט נאָר איינצעלנע פער־שפּעטיגטע פון די, וואָס אַנטלויפען פון ברענענדיגען ראָזוי.

געענדיגט! אַדאָלף'ס טויטענפאַקעל האָט געענוג געלויכטן. דער פלאַם אויפ'ן האָריזאָנט ווערט בלייכער. שטיל גלימט און רויכט נאָך אין די רואינען פון די הייזער און שייערען. שלאָ־סער'ס נערוווען קענען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען, ער ברעכט צוזאַמען פאַר די רואינען פון דער קירך פון ראָזוי און יאָמערט ווי אַ קליין קינד.

מיט די פליגלען און פלאטערען אָהנמעכטיג אויפ׳ן באָדען, גע־בראָטען לעבעדיגערהייד, און פיהרען זייערע בעטענדע אויגען אין אלע זייטען...

נעטער פון ראכע אויך איבער די אונשולדיגע טיערען פון ראָזוי!

שלאָסער׳ן פאלט דאָס איין, צו שפעט, צו שפעט!

— עפענט די שטאהלען, בינדט אָב די קיה און פערד, לאָזט ארויס די שווינען און שאָף, — רופט ער פערצווייפעלט צו איינעם פון די סאָלדאטען, וואָס איילען פערביי איהם.

אָבער יענער הערט איהם גאָר ניט. ער טראָגט אין די הענט א צינדבאָמבע און זוכט פאר איהר א ציעל, געטריבען פון דעם זוהן פון די עריניען, דעם פורכטבארסטען צווישען אלע גיהנם׳ס נעטער.

ער האָט זיי גערופען, די גייסטער... זיי זיינען ווילד גע־וואָרען און וועלען ניט שטיל ווערען, ביז אלץ וועט ניט זיין געענדיגט! קיין זאך וועט זיי ניט אָבשטעלען! אלץ איז פערוואורטיילט — די פרויען, קינדער, קריפעל, אלטע לייט און בלינדע, אויך די נאָך ניט געבאָרענע פרוכט פון לייב, אויך דאָס שטומע פיה, — אלץ, אלץ, ווי די טויבען, די לעבעדיגערהייט געבראָטענע אויף ראָזוי׳ס קירכטורעם! און ער שטעהט דאָ צווישען זיי, א גאָט פון פערניכטונג, א בלינדער אויספיהרער פון דעם בעפעהל פון דעם, וואָס איז פערשוואונדען און קען ניט געפונען ווערען, דעם מאיאָר, וואָס האָט פאר איהם דאָרט אין וואלד הינטער טראָיאָן, אין אָנגעזיכט פון טויט, אויפגעדעקט זיין זעל, וואָס איז אפשר פאר איהם אליין געבליבען אן אונ־לעזבארע רעטעניש.

רעטענישען... רעטענישען... און די געטער פון ראכע האָבען זיך צושפיעלט איבער ראָזוי!

בלוטרויט איז דער גאנצער הימעל. קאָרן און שטרוי אין די שייערען זיינען א גוטע נאהרונג פאר די פלאמען, גיבען זיי זייער שוועבעלגעלען שיין

סדום און עמורה... פעך און שוועבעל פון דער הויך... דאָס שמראָפגעריכט פון יהוה, וואָס בעשטראָפט די זינד פון די על־טערען אויף די קינדער ביז צום דריטען און פיערטען דור, — דענקט שלאָסער.

די אייביגע שטערען בעהאלטען זיך פאר אָט די פייער־בראנדען אויף דער ערד, פייערבראנדען, וואָס מענשליכע הענט ווארפען אין מענשליכע וואוינונגען. דער גאנצער האָריזאָנט

— דיורער! דער טויטענטאנץ! — טראָגט זיך דורך דער נעראנק אין שלאָסער׳ס קאָפּ.

וואָס האָט ער אמאָל געזעהן אויף די ווענט פון דעם קירכהויף אין פּיזאַ, און אין די גאַלעריען פון רוים און ווענע־דיג? דאָס לעצטע געריכט... די טויטזינד פון דער וועלט... דער מבול...

און איצט?

דאָס, וואָס ער זעהט איצט, וואָלט ניט טיציאַן׳ס פּינזעל, ניט דאַנטע׳ס לירא ניט געקענט איבערגעבען! דאָס איבער־טרעפט ווייט האָמער׳ן אליין און דאָס רינענדע פייער פון זיינע פערזען!

די געטער פון ראכע איבער ראָזעי! און ער האָט זיי אליין נערופען! ווי פּראָמעטעאוס, וואָס האָט גע׳גנב׳עט א פונק, דריקט ער צונויף זיין פויסט אנטקעגען יענע, וואָס האָבען דערלאָזען, אז דאָס זאָל געשעהן, — אנטקעגען די שלאָפענדע, ווי געטהע האָט געזאָגט.

דאָס וויינען פון דעם קירכנלאָק הערט פּלוצלונג אויף. א רויטער פלאַם, וואָס איז געקומען צופליהען ווי א מיטנאַכט זון פון א דערבייאיגען שייער, האָט זיך אריבערגעוואָרפען אויף דאָס רויטע ציגעלדאך פון קירכטורעם.

די באַלקען אין טורעם האָבען אָנגעהויבען ברענען, דער איבערגעברענטער שטריק איז געבליבען הענגען אין דעם אינ־געל׳ס האנט, און ער איז אנטלאָפען, אנטלאָפען אין זיין רויטען קיטעל און ווייסען העמד, האלטענדיג אין די הענט די זילבערנע קאָפּסעל מיט דעם ווייהרויך, ווייל קיורע באָנוויזאָזש האָט נאָך געוואָלט לעזען א מעסע פאר די רעטונג פון ראָזעי, איידער דער מאַיאָר האָט איהם מיט די צוויי אנדערע פערהאַלטען אלס פאַנדען.

דער ווינט הויבט זיך אויף, א ים פון פונקען וועהט איבער דעם קירכהויף, עס צופליהט ווי א פייערווערק ארום שלאָסער׳ס געשטאַלט, אָבער ער ריהרט זיך ניט פון אָרט, ער שטעהט ווי צוגעשמידט פאר דער ברענענדער קירך, פון וועלכער עס פליהען ארויס טויבען, וואָס האָבען זיך געבויט זייער נעסט אין דעם שוץ פון דעם קרייץ פון ליעבע.

וואהנזיניגע טויבען! טויבען, וואָס האָבען זייערע יונגע אין נעסט, געבלענדט פון די פלאַמען און געטריבען פון ווילדען מוטערשמערץ, קערען זיי זיך אום אין די פלאַמען און פאַלען מיט אָבגעברענטע פליגלען צו שלאָסער׳ס פיס... זיי שלאָגען

מיט א שטיגליץ, א פינפיאָהריג אינגעלע דריקט צערטליך צו זיין קליינעם הארץ א קאנאריק, וואָס ער האָט גערעטעט פון די פלאמען פון זיין פאָטער'ס הויז... אן אכציגיאָהריגער בלינדער, וואָס טאַפּט אָן מיט'ן שטעקען די שטיינער פון גאס, א קריפּעל פון א יאָהר צוואנציג, וואָס שלעפּט זיך קוים מיט זיינע גע־לעהמטע פיס נאָר מיט דער הילף פון צוויי קוליעס...

האָבען אָט די אויך געשאָסען אויף די סאָלדאטען פון זיין מאיעסטעט, דעם קעניג פון פּרייסען?

זיי לויפען, זיי אלע אנטלויפען, אָהן א הויז, אָהן א היים! זיי וועלען מאכען זייער לאגער אין פעלד, אונטער דעם גוטען הימעל, וואָס איז בערעקט מיט די אייביגע שטערען.

ענדלאָז איז דער צוג דורך בלוט און טויטע קערפּער אין דער ברענענדער און צוזאמענפאלענדער דאָרפסגאס פון ראָזוע, ענדלאָז איז דער צוג, און דאָך האָבען דאָ געוואוינט אין גאנצען פיער הונדערט מענשען! עס איז טונקעל געוואָרען, סאָלדאטען מיט פאקעלען און די פלאמען פון דער ברענענדער היימאַט בעלויכטען כמעט טאָגהעל דעם טרויריגען צוג. שלאָפער'ס אויגען נעמען אלץ אויף, קיין זאך געהט ניט אוועק אונבעמערקט פון איהם.

מוטערס מיט זויגקינדער אויף די הענט, ארומגערינגעלט פון אנדערע קינדער, וואָס האלטען זיך אין שרעק פאר דער מוטער'ס הענט און קליידער; א באָבע, וואָס דריקט צו איהר וועלקענדער ברוסט איהר וויינענדע אייניקעל און קושט איהרע רויטע ליפּלעך מיט ליפּען, וואָס זיינען שוין לאנג אָבגעוועהנט פון קושען; פיבערקראנקע, וואָס האלטען זיך קוים אויף די פיס און שלעפען מיט די לעצטע קרעפטען זייער בעטגעוואנד, זייער לעצטע האָפנונג, דורך דעם שמוץ פון גאס... שוואנגערע פרויען — צוויי, דריי, פיער, פינף... שלאָסער וויל מעהר ניט צעהלען און צעהלט דאָך... די פרוכט פון דער צוקונפט טראָגען זיי אין עלענד... וועלען נאָך אפשר היינט ביינאכט... פון שרעק און אנגסט... ערגעץ אין א גראָבען אין פעלד, ווי האָזען... גאָט, מיין גאָט! און זיי וועלען ניט געפינען קיין קריפּ פאר די טויערען פון בית לחם, וואוהין זיי זאָלען קענען לעגען די פרוכט פון זייער לייב, ווי אמאָל די, וואָס האָט דער וועלט געבאָרען דעם קרייצטרעגער!

געטער פון ראכע איבער ראָזוע! ענדלאָז איז דער צוג פון די פערטריבענע אין דער נאכט!

מאיאר פאן בערקערסבורג דאן אין דער עפנונג אין וואלד הינ־טער טראיאן? וואס האט ער איהם דאן געזאגט, ווען ער האט פאר איהם, שלאסער'ן, אין אנגעזיכט פון טויט, פאר וועלכען זיי זיינען אלע גרייט געווען, נעעפענט זיין געוועהנליך פער־שלאסענע זעל, און זיי האבען גערעדט וועגען „דאן קארלאס" און „די רויבער"?

די געטער פון ראכע, דאס לעצטע געריכט איבער ראזעי!

פערזען פון איליאס טראגען זיך דורך שלאסער'ס קאפ, פערזען, וועלכע נערא האט אפשר רעציטירט, שטעהענדיג אויף דעם פאלאטינישען בערגעל און אראבקוקענדיג אויף רוים, וואס האט געברענט צו זיינע פיס!

ארום איהם רייסען זיך ארויס פלאמען פון הייזער און הויפען, באלקען ברעכען זיך און פאלען, עס קראכט און דונערט, און ער, וואס איז געגען זיין ווילען געווארען א דעמאן פון פער־וויסטונג, שטעהט אהן בעוועגונג אויף דעם קירכפלאץ פון ראזעי. ארום איהם זיינען מיט הערבסטבלומען בעציערטע קברים פון די, וואס רוהען שוין אין פריעדען, וואס האבען זיך דא אנידערגעלעגט אין שוץ פון קירך און פון דעם הייליגען בילד פון ראזעי, ווייל דאס דארף, וואס וועט מארגען שוין ניט זיין, איז געווען זייער היימאט, ווייל זיי האבען דא, זיך עלטע־רענדיג, זיך צוגעקליבען אן ארט, וואס זאל אמאל זיין זייער פריעדענסהאפען נאך א לאנגען און שווערען וואנדערען דא אויף דער ערד.

נעראנקענלאז לעזט שלאסער איבער וואס איז אויסגע־קריצט אויף איינער פון די מצבות, וואס ליגען צו זיינע פיס. דאן ווענדט ער זיינע טרוקענע אויגען צו די פלאמען, אין וועלכע ראזעי איז איינגעהילט. די מיה און ארבייט און שוויס פון הונדערטער פלייסיגע און פריעדליכע מענשען ווערט דא פערברענט!

די געטער פון וועלטגעריכט איבער ראזעי! הערמאן און דאראטהעא! נעטהע איבער דעם מעיז!

מיט אונזיכערע טריט געהט פערביי איהם דער צוג פון די פערטריבענע, מיט אויגען, וואס זיינען פון שרעק ארויסגע־טראטען פון זייערע לעבער. קינדער און מיידלעך, פרויען און אלטע לייט שלעפען זיך, טראגענדיג מיט זיך אלץ, וואס איז זיי איבערגעבליבען. אט געהט א קליין מיידעלע פון א יאהר זעקס און טראגט אין די נאקעטע ציטערענדע הענט א שטייגעל

נים געקענט געפינען, האט לייטענאנט שלאסער, זיין אדיו־טאנט, איבערגענומען די פיהרערשאפט פון באטאליאן. שלא־סער, וואס האט זיך אמאל געהאלטען פאר א דיכטער, וואס האט, איידער דער שרעקליכער קריעג האט אויסגעבראכען, גע־וואלט ארויסטרעטען פון דער ארמיי און שטודירען נעשיכטע אין בערלינער אוניווערזיטעט, דערקענט זיך איצט אליין נים. די עטליכע שטונדען פון בלוטפערגיסונג האבען איהם אויך פער־וואנדעלט אין א ווילדע טיער, וואס קען זיך ניט בעהערשען. ווי אלע אנדערע, קען ער זעהן, הערען און שמעקען נאר בלוט און בלוט און פלאמינען פייערשיין.

פלאמינען פייערשיין...

ווי מעטעארען וואלטען געפלויגען אין הימעל און געפאלען גלייך אין די הייזער און די שייערען, וואס זיינען נאר וואס אנגעפילט געווארען מיט תבואות. דאס זיינען די צינדבאמבען, וואס די סאלדאטען ווארפען אויף שלאסער'ס בעפעהל, לויט דער לעצטער פעראָרדנונג, וואס דער פערשוואונדענער מאיאר האט געגעבען דעם אונטעראפיציר וואלף. און וואו די באמבען פאלען, דארט בעוויזט זיך באלד פייער און ציהט זיך מיט פלאמיגע צינגער צום טונקעל געווארענעם הימעל. די גלאק פון ראזעי אויף דעם קליינעם קירכטורעם מיט דעם רויטען צינגעלדאך הויבט ווי דורך א וואונדער אן קלינגען: שטורם, שטורם, שטורם!

דער יונגער בעדיענער פון קיורע באנוויזאזש האט זיך פערקליבען הינטער דעם הויכאלטאר, פון וועלכען די אלבארמ־הערציגע מוטער פון גאט קוקט אראב. ער ציהט דעם שטריק, און עס טראגט זיך דער וויינענדיגער רוף צו די הויכקייטען פון מעיז, ווייט איבער דאס זילבערבאנד פון טייך, וואס איז איינ־געשלאסען אין בערגיגע ברעגען: שטורם, שטורם, שטורם!

אויף דעם קליינעם פלאץ פאר דער קירך שטעהט שלאסער. און עס עפענט זיך איצט פאר איהם דאס בילד פון דעם ברע־נענדען דארף, אין זיין גאנצער שוידערליכקייט און הערליכקייט.

די נעטער פון ראכע האבען זיך צושפיעלט איבער ראזעי. טראי'ס פערניכטונג אין א דארף פון פיער הונדערט זעלען, א לעצטע געריכט אויף דעם מעיז, ווייל א איינגעל, וואס איז קוים זעכצעהן יאהר אלט, האט נעשאסען אויף א קאפיטאן דורך דאס פענסטער פון קאפע און האט דערמיט געגעבען דעם סיגנאל צו אן אלגעמיינעם און זיכער פאראויס בעשטימטען אויפשטאנד. און דאך! וואס האט שלאסער נעהערט פון

ניט בלייבען, קיין באַלקען זאָל אויף אַנאַנדערען ניט ליגען!
די צינדבאָמבען, איהר הערט!

— בעפעהל, הערר מאַיאָר!

דער אונטעראָפיציר שפּרינגט אויף. אין זיינע העלבלויע אויגען פלאַמט אויף דאָס אַלץ־פערצעהרענדע פייער, וועמעס טרעגער און ווערקצייג ער וועט איצט ווערען. ער לויפט, פער־געסענדיג יעדע פאָרזיכטיגקייט, ניט אומקוקענדיג זיך אויף די קוילען, וואָס פייפען אין זיינע אויערען, ווי דער האָגעל אין אַ פריהלינגסשטורם. ער איז שוין ווייט...

— אַך, אַך, אַך... — קומט אַן אונאַרטיקולירטער קלאַנג פון דעם מאַיאָר'ס ליפּען.

ער האָט נאָך די קראַפט זיך אומצוקערען און אויסשיסען פון דעם רעוואָלווער מיט דער לינקער האַנט. דער בויער, וואָס האָט איהם דורכגעשטאָכען מיט אַ מיסטגאָפּעל דעם רוקען, פאַלט אום אין אַ שטראָם פון זיין אייגענעם בלוט.

איהם אויך... און ווידער אין רוקען...

דער מאַיאָר פערלירט דאָס בעוואוסטזיין.

דעם בויער'ס מיסטגאָפּעל האָט אויפגעריסען אַ שרעקליכע וואונד, דאָס בלוט שטראָמט, און די ראָסטיגע שפּיץ פון דעם בויער'ס געוועהר שטעקט נאָך אין רוקען. אזוי ליגט דער מאַיאָר שטונדענלאַנג בעוועגלאָז... אָהן בעוואוסטזיין.

## VI

איבער דריי שטונדען דויערט אין די גאַסען פון ראָזעי דער קאַמף צווישען די ווילד געוואָרענע בויערען און דעם הייפעל סאָלדאַטען, וואָס איז איבערגעבליבען פון דעם דעצימירטען צווייטען באַטאַליאָן. און נאָר ווען דאָס דריטע באַטאַליאָן איז אָנגעקומען צו הילף פון דעם דערבייאיגען דאָרף לע פעיל, איז די באַשען ענדליך געלונגען צו בעהערשען די ווילדע מאַסע. די שיסעריי פון די יאַגדביקסען און רייטערפּיסטאָלען, וועלכע מען האָט בעהאַלטען, ווען מען האָט אָבגעליפערט די געוועהר אין שייער לעבען דער מעריע, איז שטאַרק אונטערשטיצט גע־וואָרען פון דרעשפּלעגלען, שטעקענס, מיסטגאָפּלען און וואָגענ־דרייקסלען. שטראָמען בלוט זיינען געפלאָסען, בערגלעך פון טויטע קערפּער האָבען בעדעקט די גאַס, די הויפען און די גאָר־טענס. און צווישען די שטיינער פון ברוק איז ווי אַלעמאָל געוואַקסען גראָז.

זינט דער מאַיאָר איז פערשוואונדען, און מען האָט איהם

זיך צונויף מיט דעם בלוט פון דער שטאַרבענדער פרוי, דער מאַיאָר שפּרינגט איבער די פּאַלענדע לייכע און שטורמט פאַר־ווערטס.

פון אַלע פענסטער שימערען די לויפען פון ביקסען.

— וואָלף, — שרייט דער מאַיאָר, — אונטעראָפיציר וואָלף !...

ווי דער רוף פון אַ ברילענדען טיער שאַלט דאָס וואָרט: וואָלף, וואָלף, וואָלף... דורך די גאַסען פון ראָזוי, ווי איין רויבער וואָלט דאָס גערופען אַ צווייטען צו פערענדיגען די ארבייט פון פערוויסטונג.

ווי דורך אַ וואונדער לעגט דער מאַיאָר זיך דורך אַ וועג אין דעם האַגעל פון קוילען, וואָס פאַלען פון אַלע זייטען אי פון די פענסטער פון די הייזער, אי פון די ביקסען פון זיינע איינענע סאָלדאַטען, און צווישען די דרעשפלעגעל און שטע־קענס, אין די געוועהנליך וועהרלאָזע, אָבער פון האַס געשטאַרק־טע הענט פון פרויען און אַלטע לייט, וועמעס קלעפּ פאַלען אויף פריינד און פיינד.

— וואָלף, וואָלף, וואָלף !... — הערט זיך זיין שטים אין דער וויים.

— הערר מאַיאָר !

ענדליך די שטים פון אונטעראָפיציר וואָלף. דער מאַיאָר געהט אין דער ריכטונג פון דער שטים.

— וואָלף, וואָלף, וואָלף !...

— הערר מאַיאָר !

בערקערסבורג געפינט דעם אונטעראָפיציר הינטער אַ שטיינערנער וואַנט. ער האָט ארויסגענומען פון דער וואַנט אַ שטיין און שיסט דורך די עפנונג, ווי דורך אַ פענסטערעל פון אַ פעסטונג, איין שאָס נאָכ'ן אַנדערען, אין די ווילד געוואָרענע בויערען. און וואָלף'ס אַ שאָס איז גוט געציעלט. יעדערער ברענגט איינעם פון די וואהנזיניגע צו דער ערד.

— וואָלף, וואָלף, וואָלף !...

— הערר מאַיאָר !

— האָט איהר די צינדבאָמבען אין דעפּאָ, וואָלף ? — פרעגט דער מאַיאָר, קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם.

— בעפעהל, הערר מאַיאָר !

— קלייבט אייך צו דרייסיג מאַן און צינדעט אָן דאָס גאַנצע נעסט פון אַלע זייטען, וואָלף, אַ שטיין אויף אַ שטיין זאָל מיר

געזעץ פון שולד, קיינער ניט, קיינער גיט! ניט די איינוואוינער פון ראַזעי, און די אַנדערע נאָך ווייניגער. קיינער ניט! נע־וואָלט האָט פערנומען דעם אָרט פון רעכט, רויהע מאַכט קענען רויהער מאַכט! קיין מאָראַל, קיין שוץ פון געזעץ איז מעהר ניטאָ! נאָר איין בעפרייטער עלעמענט קענען אַנאַנדער בע־פריימען עלעמענט. אָבער ראַבע, ראַבע פאַר אַדאָלף'ען, ראַבע פאַר דעם פריינד! ניט אומגעקוקט זיך אָן אַ זייט! דאָס איז איצט זיין מיסיאָן! דאָס נאָר, קיין זאַך מעהר איז איהם ניט געבליבען אויף דער ערד. ענדליך, זיין לעצטע מיסיאָן, דענקט דער מאַיאָר.

ער נעמט אַראָב זיין סאַבעל פון קליידערהאַקען, וואו ער האָט איהם אין פערלויף פון פערהער לייכטזיניג אויפגעהאַנגען, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר ניט געווען אין פיינדליכען לאַנד, און עס געלינגט איהם ווי עס איז דאָס ארומצושנאַלען מיט דער לינקער האַנט. דאַן ציהט ער מיט דערזעלבער האַנט ארויס זיין רעוואָלווער פון לעדערטאַש.

פאָרווערטס, בערקערסבורג, פאָרווערטס! צו דער ארבייט פון ראַבע! — רוימט דאָס איהם נאָט, אָדער דער טייוועל, אָדער זיין איינענער טיף אויפגעטרייסעלטער איך? ער ווייס דאָס ניט.

פאָרווערטס, בערקערסבורג, פאָרווערטס! צו נעמען ראַבע פאַר דעם טויטען!

אַזוי טרעט ער איבער די שוועל פון קאַפע, אַ דעמאָן, אויף זיין מיסיאָן צו פערניכטען ראַזעי, און קומט ארויס אין גאַס, וואו אַנטקעגען איהם פליהען די זאַלפען פון זיין איינענער אינפאַנטעריע.

פאָרווערטס, בערקערסבורג, פאָרווערטס!

אין גאַס ליגען לייכען אויף לייכען. דער מאַיאָר קוקט זיך אויף זיי ניט אום. איהם אַרט ניט די שיסעריי פון זיינע איינענע מענשען, וואָס קען איהם לייכט טרעפען. ער קלע־טערט, זיין סאַבעל אין דער לינקער האַנט, דער רעוואָלווער צווישען די צייהנער, איבער די לייכען פון סאָלדאַטען און בויערען און שטורמט פאָרווערטס.

אַ פרוי שטעהט פאַר איהם. זי האַלט אַ נעפּעס מיט אַ וואַסערהעלער פליסיגקייט אין האַנט — וויטריאָל. ער שטויסט אַריין דעם סאַבעל אין די שייד, רייסט דעם רעוואָלווער אין די לינקע האַנט און הויבט איהם אויף. זיין פינגער דריקט אָב, די קויל טרעפט די פרוי, די וואַסערהעלע פליסיגקייט שיסט

דער סיטואַציאָן, די ווענט און פענסטער ציטערען פון זייערע חילכענדע בעפעהלען:

— ציעלען — פייער! ציעלען — פייער!

דאַן קראַכען די שאָסען, און מען הערט דעם פערשטיקטען קלאַנג פון פאַלענדע מענשליכע קערפּער. געשריי, געלעכטער, ניהנם'ס שפּאָטען, האָלצשיך, וואָס קלאַפּען אָן דעם ברוק פון גאַס, און ווידער:

— ציעלען — פייער!

— זאָל מען ארעסטירען די פאַנדען, שלאָסער, איהר זייט פאַר זיי פעראַנטוואָרטליך! — דונערט איצט דער מאַיאָר.

— צו בעפעהל!

שלאָסער געהט ערפילען דעם בעפעהל, און בערקערסבורג שטעהט ווידער איבער דעם בלוטענדען קערפּער פון פריינד, אונפעהיג עפּעס צו דענקען אָדער טהאָן, אַזוי ווי מען וואָלט איהם בעטויבט מיט אַ שטאַרקען קלאַפּ אין קאָפּ.

— אַדאָלף, אַדאָלף, אַדאָלף...

עפּעס ווערגט איהם אין האַלז. טרערען, וואָס האָבען זיך ביי איהם שוין ניט בעוויזען זייט פיעלע יאָהרען, שטייגען איצט פון דער טיף פון זיין ברוסט ארויף אין זיינע אויגען, און ער קען שוין מעהר ניט אונטערשיידען קיין זאַך ארום. זיין ווילענסקראַפט בלייבט מינוטענלאַנג פאַראַליזירט. ווי ער וואָלט נעשטאַנען ביים ראַנד פון אַבגרונד, ווי עס וואָלט זיך פאַר איהם געעפענט דער קראַטער פון וועזואוו, וואָס וויל אַלץ פערשלינגען, אַלץ אַראָבררייסען אין זיין טיף. ער קען ניט מאַכען קיין איין שריט, ניט פאָרווערטס, ניט צוריק...

אַדאָלף! אַדאָלף!... אַדאָלף, ווען דאָס פייער פון די פיינדליכע שיסער און אַרטילעריע האָט געשווינט, פון צווישען הונדערטער געשווינט, אום ער זאָל דאָ פאַלען פון דער האַנט פון אַ פייגען מערדער. יע, דאָס איז דאָך געווען אַ מאָרד, אַ פייגער, געמיינער מאָרד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט די לעצטע טעג איבערגעדענקט און ארויסגעזאָגט. דאָס איז דאָך געווען אַ מאָרד, וואָס פאָדערט אַ באַלדיגע, לעצטע, גרויזאַמע בעלוינונג. דאָס איז געווען אַ געבראָכענע שבועה, אַ ניט געהאַלטען וואָרט, „אַלע וואַפען", און אַזוי, און אַזוי... אַ מיוועלשער שטייבעל געהט אריבער דעם מאַיאָר'ס געזיכט, אַ געבראָכענע שבועה, אַ ניט געהאַלטען עהרענוואָרט, צוריסענע אָבמאַכען, אַזוי ווי דאָס אַלץ וואָלט ניט געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך אין דעם איצטיגען קריעג! דאָ איז קיינער ניט פריי

— איך, הערר מאיאר. האָט מען אהער אויך געשאָסען?

— אָט זעהט! — מיט א ציטערענדער האַנט ווייזט דער מאיאר אָן אויף ארלאָף'ס טויטען קערפּער אויפ'ן דיל.

— טויט?

— טויט! די הינט!

— קיין רעטונג מעהר?

— קיין רעטונג מעהר. פון הינטען דורך דאָס פענסטער, די הינט, די הינט! — דער מאיאר דריקט צונויף זיין פויסט.

— אפשר זאָל איך לויפען נאָך דעם שטאַבארצט, הערר מאיאר?

— איהר זעהט דאָך אליין, שלאָסער, דורך דעם רוקען אין לונג און הארץ. ער איז געפאלען ווי פון א בליצשטראהל, ווי אַן אייכענבוים אין שטורם, די הינט, די הינט!

— האָט מען געכאַפּט דעם לומפּ?

— ניין, אָבער מען מוז איהם זוכען! אין נאָמען פון אייער טרייהייטס־שבועה! און אונטער טויטשטראָף! אלע וואפען זיינען אָבגעליפערט, אלע, הא, הא, הא!

ווידער די פירכטערליכע שיסעריי אין נאס, ווידער די שרעקליכע געשרייען פון פרויען און קינדער, געשרייען פון די צורייצטע מענערען, וועמען די ווילד געוואָרענע סאָלדאטען, וואָס קעמפען פאר זייער לעבען, שלעפען פאר די האָר דורך די שמוציגע רינעס. עס רייסט דורך די לופט א וואהנזיניגער געשריי פון א פרויענברוסט, קענען וועלכער א מוסקעטיר האָט אנגעשטעלט זיין באַיאָנעט.

— זיי גיסען זודיגע וואסער און ברענענדע פעטראָלעאום פון די פענסטער, הערר מאיאר! — רעדט ארויס שלאָסער, און אויב דער מאיאר זעהט ריכטיג, שטעהט דער שוים פון ווילדען צאָרן אויף דעם לייטענאנט'ס ליפּען.

— מען מוז דעם מערדער זוכען! מען מוז זיין מערדער זוכען! פון זיי אלעמען מוז מען פריהער פון אלץ געפינען זיין מערדער! — ברילט דער מאיאר אויסער זיך, ניט קענענדיג מעהר זיך בעהערשען. — ברענגט מיר זיין מערדער א לעבעדיגען, איהר הערט!

— צו בעפעהל, הערר מאיאר!

אויף דער גאס ווערט שטארקער די שיסעריי. די אינפאנטע־ריסטען שיינען ענדליך צו האָבען זיך געפונען. די אונטער־אָפיצירען און סערזשאַנטען שיינען צו ווערען די האַרען פון

דעם טויטפיינד, וואס האט זיך אריינגעריסען אין דארף פון זיין היימאט. און דרויסען קראכט א שאס נאך א שאס, עס הערען זיך הילכיגע טריאומפירענדע אויסגעשרייען און פלוכען פון דער בעפרייטער פאלקסזעל. דער קאמף צוברענט זיך אויף די גאסען פון ראזוי.

דער מאיאר ווארפט זיך צו זיין פריינד.

— אדאלף, אדאלף, אדאלף, — ציטערען זיינע ליפען, — זאג דאך כאטש איין ווארט, אדאלף, האבען זיי דיך דען אזוי...

אבער פון די אויף אייביג אבגעשטעלטע און ברייט געעפענטע אויגען פון דעם קאפיטאן פון דער אכטער קאמפאניע קוקט אויף בערקערסבורגען נאר דער לערער, שרעקליכער, קאלטער טויט, וואס קען שוין מעהר ניט ארויסברענגען קיין איין ווארט. אין אייניגע סעקונדען איז זיין פריינד פון איהם אוועק אויף אייביג, ניט אויסהערענדיג זיינע דאנקווערטער, ניט געבענדיג איהם די מעגליכקייט מיט עפעס אבצוצאהלען, דער פריינד, וועמעס פייגער און געמיינער מערדער ער איז דא ניט לאנג צוריק געווען אין וואונש.

א גרענצלאזער ווילדער צארן נעמט ארום דעם מאיאר.

— ראכע, ראכע, ראכע, — ברומט עס ווי א ווילדע טיער אין זיין זעל. אין קאפע איז טויטשטיל. אבער פון דרויסען דערטראגען זיך די ווילדע, בעטויבענדע געשרייען און דער קראך פון די ביקסען, און ענדליך קומט דער ענטפער פון די אינפאנטעריעגעוועהר, ענדליך, ענדליך!

בערקערסבורג טרייסעלט זיין טויטען פריינד. כאטש ער ווייס גאנץ גוט, אז דא איז אלץ גוענדיגט, טרייסעלט ער איהם דאך.

— שטעה אויף, אדאלף, שטעה אויף, זאג נאר איין ווארט, כאטש נאר איין איינציג ווארט. האט דאס דיך דען אזוי...

ווי א שפאט איבער איהם דערטראגט זיך דאס פריעדליכע קנורען פון דעם קאטער, וואס האט זיך בעקוועם אויסגעצויגען אויפ'ן באנק.

— וואס זאל איך טהאן? — פליהט דורך דעם מאיאר אין געדאנק די פראגע, — וואס זאל איך טהאן? — און ווידער קומט דאס איין איינציגע, דאס שרעקליכע ווארט: ראכע, ראכע, ראכע!

די טיר פון קאפע ווערט אויפגעריסען, און דאס בלייכע געזיכט פון לייטענאנט שלאסער בעווייזט זיך.

— איהר, שלאסער?

ררעהען זיך ביים עק פון דאָרפסגאַס און שטעלען זיך דאָרט ווידער אָב, און דער קיורע בעשוועררט דאָרט ווידער מיט זיין זאַלבונגספולער שטים.

אַזוי ווי מען קען בערוהיגען אַ שטורעם אויפ'ן ים מיט אַ פּעסעל אויל, וואָס מען זאָל אויסגיסען אויף די ברויזענדע וועלען! דאָס איז נאָר אום זיך אַביסעל וויסער צו מאַכען. לייכטער מאַכען דאָס געוויסען, — דענקט בערקערסבורג און קוקט אויף אַדאָלף'ען מיט טיפסטען מיטלייד.

V

אין דעמזעלבען אייגענבליק פּאַסירט עפּעס שרעקליכעס, וואָס פערזיגעלט דאָס שיקזאַל פון ראָזעי. אין ראהם פון פענסטער, וואָס איז בעדעקט מיט ווילדען ווייגרעב, וואָס דער הערבסט האָט שוין געפאַרבט העלרויט, בעוויזט זיך דער לויף פון אַ ביקס. בערקערסבורג און אַדאָלף זיינען גראַד אומגעקערט מיט'ן רוקען צום פענסטער און זעהען דאָס ניט. איבער דעם לויף פון ביקס איז צו זעהן דאָס מיט האַס צוקרימטע געזיכט פון דעם יונגען לואי בוניאָן, וועגען וועמען קיין מענש האָט מעהר ניט נעקלערט, אָן וועמעס עקזיסטענץ דער מאַיאָר האָט שוין לאַנג פערגעסען.

אַ שאָס קראַכט. דאָס איז געוועזען דער סיגנאַל. פון אַלע הייזער פון ראָזעי האָט מען באַלד געענטפערט. ווי אויף אַ בעפעהל, האָבען אָנגעהויבען קראַכען די ביקסען פון די בויערען, כאָטש די אַלטע, ראָסטיגע, אונברויכבאַרע וואַפען זיינען גע־לעגען הינטער שלאָס און ריגעל אין שייער לעבען דער מעריע. דער מאַיאָר כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ. טראָפּענס פון קאַלטען שוויים שטעהען אויף זיין שטערן, און זיין קאָפּ שווינדעלט. עס שטעהט איהם פאָר די געפאַהר צו זינקען אין אָבגרונד פון בעוואוסטלאָזיגקייט, ווייל זיין קערפּער האָט נאָך ווייט ניט איבערוועלטיגט די פיזישע שוואַכקייט, וואָס איז איבערגע־בליבען נאָך זיין שרעקליכען בלוטפערלוסט. ער כאַפּט זיך אָן אָן ברעט פון טיש, אום ניט אומצופאַלען. מיטאַמאָל בעגרייפט ער קלאָר די גאַנצע שוידערליכע ווירקליכקייט. ער קען שוין ווידער זעהן און — ער זעהט.

ביי זיינע פיס ליגט קאַפּיטאַן אַדאָלף אין בלוט מיט אַ נעעפענטען מויל, וואָס האָט, דוכט זיך, געוואָלט רעדען, קען שוין אָבער ניט אַרויסגעבען קיין איינציגען קלאַנג. מיט איין קלאַפּ האָט דער זוהן פון דעם מער פון ראָזעי אוועקגעלעגט

גראַנדיאָזא איז דאָס, וואָס וויל ארויפוואַרפען אַסאַ אויפ'ן צלימפ.

מיט שרעק קוקט אדאָלף אָן דעם מאַיאָר. אזוי האָט ער דאָך נאָך קיינמאָל צו איהם ניט גערעדט. פאַרוואָס האָט ער גראַד אַזוי אָנגעדרויבען רעדען צו איהם און אין אזא מאָמענט? פאַרוואָס? ער נעמט די צייטונג און וויל לעזען אַן אַרטיקעל, וואָס בערקעסבורג האָט דיק אָנגעצייכענט מיט בליישטיפט, און וואָס טראָגט די איבערשריפט: „דאָס דאָפּעלשפּיעל פון דעם אַנטאַנט! דאָס ליגענגעוועב פון אונזערע פיינד!" בערקערסבורג קוקט איהם אריבער די שולטער און ברעכט פּלוצלונג אויס אין אַ הילכיגען געלעכטער.

— וואָס איז, בערקערסבורג?

— גאָרניט, גאָרניט... עס איז געוועזען איינער, וועמעס אומגליק איז געוועזען דער צאָפּ, וואָס איז איהם הינטען נאָכגעדאַנגען... אָדער דאָס... „ווייל אַ וועה! אַ וועה! פערגעסען איז דאָס הילצערנע פערדעל!" דאָס זאָגט האַמלעט, און אַט דער אַפּאָסטאָל פון גרויזאַמסטען אמת איז געקומען צו אונז פון דעם פערעטערישען אַלביאָן... און דאָס קינד, קיין איין מלאך איז ניט אזוי ריין.... האַ, האַ, האַ...

פון גאַס דערטראָגט זיך דאָס פּויקען, וואָס בעגלייט די דריי פאַנדען איבער'ן דאָרף. און דאַן הערט זיך די זאַלבונגס־פולע שטים פון קיורע באַנוויזאַזש, וואָס רופט די בעפעלקערונג צו רוה און אָרדנונג, וואָס בעט זיי אום זיין אָרים לעבען און אום דאָס לעבען פון די צוויי אַנדערע, דעם מער און דעם רייכסטען בויער. וואָס בעשווערט זיי צוליעב זייערע לעבענס צו בלייבען פערנינפטיג און רוהיג. אזוי ווי יענע מענשען וואָלט אין זייער פאַנאַטיזם שטאַרק געלעגען אין זינען דאָס לעבען פון די דריי, ווען זיי וואָלטען געקענט אַרויפשפּרינגען אויף די העלזער פון די באָשען און שטילען זייער דורשט נאָך בלוט און ראַכע אָן די פערהאַסטע פיינד!

און הינטער דעם — דאָס לאַכען פון מענער, דאָס פּלוכען פון אַלטע און פערקריפּעלטע אויף שטעקענס, דאָס שרייען פון ווייבער, דאָס אונפערשטענדליכע מורמלען פון קראַנקע, וועמען דער טויט האָט שוין לאַנג געקושט... אזוי ווי הייגט וואָלט געוועזען מי קאַרעם, און דער צוג פון די געפאַנגענע וואָלט געוועזען אַ מאַסקעראַד פאַר ראָזעי, יאָס זעהט אַזעלכע אַמוזירענדע זאַכען אזוי זעלטען.

ווי נעשפּענסטער ציהען זיי פערביי דעם טער'ס הויז, פער־

— און דאַן?

— פּאַסט דאָס פאַר א ו נ ז וועגן דעם צו פילאָסאָפי־רען? אַך ניין, אָך ניין! זיי האָבן דיך אַ נאָמען געגעבן „דער קוילענזיכבערער“, און דאָך ערלויב איך מיר שטאַרק צו צווייפלען, אַז מיר, דו און איך, וועלן דערלעבן ביז צום סוף פון דעם פינפטען אַקט פון אָט דעם טרויערשפּיעל.... און דעריבער.... „נאָר דער אירטום איז דאָס לעבן, און דאָס וויסען איז דער טויט!“

— דו ביזט אַ פערעהרער פון שילער, בערקערסבורג?

— יע, דאָס אויך! איך האָב היינט צופעליג געלעזען אַזאַ שטיקעל.... — ביי די ווערטער ציהט בערקערסבורג ארויס פון קעשענע אַ בערלינער צייטונג, — דאָ....

— וואָס איז דאָ?

— דאָס איז אַ טעאַטערשפּיעל, וואָס רופט אַרויס טרערען אין די אויגען און צו דערזעלבער צייט קיצעלט דיך שטאַרק צום לאַכען. וואָס ז י י ד אָ ר ט צושרייבען נאָר, וועגען דעם האָבען מיר ניט די בלייכסטע אהנונג, מיר, וואָס פערבלוטען דאָך פאַר דעם, די בלייכסטע אהנונג ניט! געדענקסט אַדאָלף?

— וואָס, בערקערסבורג?

— אונזערע געשפּרעכען דאָרט אין דער היים, אין קאַזינאָ, ביים עסטיש, אין רויכסאַלאָן, ערינערסטו זיך כאָטש אביסעל אָן אונזערע געשפּרעכען פון פאַר דריי, פיער יאָהרען, שוין פאַר פינף יאָהרען אפילו? מיר האָבען דאַן בעטראַכט דעם איצטיגען קריעג פאַר אַן אונפערמיידליכע נויטווענדיגקייט, מיר אַלע האָ־בען דאָס מעהר אָדער וועניגער געוואונשט. מיר האָבען זיך נאָך געקענט וויצלען איבער די מאַסענגרובען אין פראַנקרייך און אויף די סטעפּענפעלדער אין רוסלאַנד, בעדעקט מיט אייזיגען שניי, און דאָס אַלץ אין אַ טאָן, ווי דאָס וואָלט אַ קלאָון געראַפּט אויסגיסען אין אַ געשמאַקלאָזער קאָמעדיע אַ בלעזעל, אָנגעפילט מיט שווייגענבלוט, און ניט מיר — דעם פּורפּורזאַפט פון אונ־זער אייגענעם האַרצען. צי עס האָט זיך געהאַנדעלט אום מאַראָקאָ, צי אום סקוטאַרי, — יעדער אויסרעד — געדענקסט, פריינד? — איז דאַן געוועזען געניגענד, און היינט!

— און היינט?

— היינט האָבען מיר דאָס אַלץ פערגעסען, וואָס זאָל איך דיר זאָגען וועגען היינט? לעז נאָר אָט די שמאַטע, וועסטו שוין האָבען געניג. מיר, נאָר מיר אַליין ווייסען דעם אמת! יע, מיר ווייסען דאָס... מאַניאַ גראַנדיאָזאַ, פריינד, מאַניאַ

— מיר איז אונהיימליך מיט די יונגען, — הויבט אָן בערקערסבורג.

— אונהיימליך? דו ביזט דאָך ניט פון יענע, וואָס שרעקען זיך אַזוי לייכט איבער.

— דאָס ווייזט נאָר אַזוי אויס, אַראָלף, דאָס ווייזט נאָר אַזוי אויס.

— ווייזט נאָר אַזוי אויס, זאָגסטו?

דער מאַיאָר קוקט אַראָלף'ען גלייך אין די אויגען און זאָגט אין אַ זאָנדערבאַרען טאָן, שאַרף אונטערשטרייכענדיג יעדעס וואָרט:

— גלויבסטו דען ווירקליך, אַראָלף, אַז מען איז טאַקי דאָס, וואָס מען ווייזט אויס צו זיין?

ערשטוינט קוקט אַראָלף אָן דעם מאַיאָר, דאַן ענטפערט ער מיט זיין געוועהנליכען אָפענעם אויסדרוק, אין וועלכען עס קען ניט זיין קיין פאַלשקייט:

— וועגען דיר האָב איך דאָס געגלויבט, בערקערסבורג.

— ווירקליך, ווירקליך, אַראָלף? — אַ שמייכעל פון טיפ־סטען מיטלייד בעווייזט זיך אויף דעם מאַיאָר'ס ליפּען. — אָך ניין, אַלטער פריינד, וואָס דו זאָגסט דאָ איצט, גלויבסטו אַליין ניט, דו האָסט דאָס אין דער אמת'ען קיינמאָל ניט געגלויבט.

און ווען אַראָלף וויל נאָכאַמאָל ווידערהאָלען די פייערליכע פערזיכערונג, אַז דאָס איז טאַקי געוועזען זיין עהרליכע איבער־ציינונג, ברעכט דער מאַיאָר אויס אין אַ הילכינען געלעכטער און זאָגט:

— איך וואָלט דאָס גראד אָנגענומען פאר אַ בעליידיגונג, אַראָלף, ווען עמיצער וואָלט מיך אָנגענומען פאר דעם, וואָס איך זעה אויס און מוז אויסווייזען צו זיין! און וואָלט איך טאַקי געווען אַזאַ, וואָלטען מיך די עטליכע וואָכען פון קריעגס אויפגע־קלערט וועגען דעם, אַז עס איז צייט צו ווערען אַ אַנדערער. האַ, האַ, האַ!

— איך פערשטעה דיך ניט!

— איז גוט, אַראָלף, ווען דו פערשטעהסט מיך ניט, ווען דו גלויבסט אין דעם, איז גוט, אַלטער פריינד! זעהר, זעהר גוט! דאַן ביזטו אַ גליקליכער. ליידער קען איך אַ צווייטען וועגען דעם ניט פיעל ערקלערען, אַז איך זעה אויף דעם גרונד פון זאַ־כען, פונקט ווי איך האָב געזעהן אויף דעם גרונד פון זאַכען אין דער היים, אין צייט פון פריעדען. מיר שפּיעלען אַ קאָמעדיע, מיין פריינד, וואָס קען אויסוואַקסען אין דעם גרעסטען טרויער־שפּיעל פון דער וועלט־געשיכטע.... און דאַן....

אונפערמיידליכע פאלגען פון יעדער אונבעדענקטער מהאם. יעדער ווידערשטאנד קענגען די טרופען פון זיין מאיעסטעט דעם קעניג, וואס האבען בעזעצט ראזעי, נאך דעם קריעגסרעכט, וועט מוזען פיהרען, אהן קיין ערבארמונג, צום טויט פון די דריי פאנדרען און, אויב איך וועל דאס געפינען פאר נויטיג, צו דער פערברענונג פון ראזעי.... האט איהר מיך פערשטאנען, מער?

— פרענט בערקערסבורג נאכאמאל מיט א שניידענדער שטים, נאכדעם ווי וואלאנטיר קלאץ איז פארטיג געווארען מיט זיין איבערזעצונג.

— פאלשטענדיג, מאנסיע!

— דאן געהט, אונטעראפיציר, מיט די דריי פאנדרען צו דער וואך, נעמט מיט א פייקלער און געהט ארום דאס גאנצע דארף. מארש!

—צו בעפעהל, הערר מאיאר! — דער אונטעראפיציר שפרינגט אויף פון ארט.

זיינע בעמיהונגען אויסצושטעלען די דריי פאנדרען אין מיליטערישער ארדנונג שטויסען זיך אן אן דעם פאסיווען ווידערשטאנד פון דעם קיורע, דעם מער און מארטא. דעם בראווען וואלף בלייבט מעהר ניט איבער, ווי נאר צו קאמאנדירען שניידיג זיין „ארן טריט, מארש!" און נאכצופאלגען זיין זאנדערבארע קאמפאניע, וואס האט שוין פאר איהם שווייגענדיג פערלאזען דאס קאפע.

— איהר קענגט איצט אויך אוועקגעהן, איינגיאהרינגער קלאץ, — זאגט דער מאיאר.

— צו בעפעהל, הערר מאיאר.

— האלט זיך נאך אויף א האלבע שעה אויבען, איינ־יאהרינגער. אייער קווארטיר איז דאך דא אין הויז?

— צו בעפעהל, הערר מאיאר.

— טא ווארט אויבען אין אייער צימער, אפשר וועל איך אייך דארפען האבען נאכאמאל.

— צו בעפעהל, הערר מאיאר.

שלאסער הויבט זיך אויף.

— איהר דארפט מיך ניט מעהר, הערר מאיאר?

—ניין, איך דאנק אייך, הערר לייטענאנט, ביז מיטאג!

— ביז מיטאג, הערר מאיאר! גוטען אפעטיט, הערר קאפיטאן!

— גוטען אפעטיט!

ווידער בלייבען בערקערסבורג און ארנאלד אליין.

שוין ניט געברויכען, העררמאַיאָר, און נאָך דער צאָהל קענען זיי זיין אלע.

דעם מאַיאָר, וועמען עס האָט אויסגעוויזען, ווי אַ צווייפעל וואָלט געקלונגען אין דעם ליטענאַנט׳ס ווערטער, ווענדט זיך נאָכאַמאָל צום מער:

— זיינען עס אלע וואַפען, מער, וואָס געפינען זיך אין ראָזעי?

דער מער איילט ניט צו ענטפערען. וואָלאַנטיר קלאַץ איבערזעצט פאר איהם דעם מאַיאָר׳ס ווערטער.

— טוט לעז אַרם דע ראָזעי, מאָנסיע!

— נוט!

אויף אַ צייכען פון מאַיאָר הויבען זיך אויף דער קיורע און דער בויער מארטאַ. צוזאמען מיט דעם מער געהען זיי צום טיש, ביי וועלכען אונטעראָפיציר וואָלף שרייבט ווידער זיין פראָטאָקאָל. דער מאַיאָר ווענדט זיך צום קיורע, און וואָלאַנטיר קלאַץ איבערזעצט זיינע ווערטער:

— העררקיורע! איך מאַך אייך אויפמערקזאם, אז איך בין געצוואונגען איינצוהאלטען אלס פאַנדען און פערשפארען אין קירך דעם מער פון ראָזעי, מאריע זשאָזעף פיער בוניאָן, דעם בויער אריסטיד מארטאַ און אייך, דעם קיורע זשאַן באַנזשוויזאַזש.

ביי די ווערטער מאַכט דער קיורע, גאַנץ אומגערן, אַן אָבוועהרענדע בעוועגונג מיט דער האַנט, דען דאָס וואָרט סאַקרילעזש — פערשוועכונג פון הייליגקייט — לויפט איהם דורך אין געדאַנק, און דער אויסדרוק פון טיפסטער פעראַכטונג שפיעלט, גאַנץ דייטליך פאר דעם מאַיאָר, אויף זיינע ליפען. אָבער דאָס ריהרט ניט בערקערסבורג׳ען, און ער זאָגט ווייטער:

— אום אָבצוהיטען די זיכערהייט פון די איינוואוינער פון ראָזעי און די אונפערלעצליכקייט פון די טרופען פון זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג פון פרייסען....

אַ שמייכעל פון טיפסטען מיטלייד בעוויזט זיך אויף דעם קיורע׳ס געזיכט. אָבער קיין זאַך קען ניט שטערען בערקערסבורג׳ס אייזיגע רוהיגקייט, און ער שליסט:

— . . . וועלען די דריי פאַנדען זיין פעראַנטוואָרטליך מיט זייער לעבען פאר יעדע אונגעזעצליכע האַנדלונג. איצט ווערט איהר אַזוי גוט זיין, העררקיורע, ארומצונעהן דאָס גאַנצע דאָרף, צוזאַמען מיט די אַנדערע פאַנדען און אין בעגלייטונג פון אַ פייקלער, און אויפמערקזאם מאַכען די בעפעלקערונג אויף די

בערבראכט אין עלזאס־לאָרעין. מיט איין איינציגען וואָרט האָט בערקערסבורג, א יונקער פון נאָרדאָסט דייטשלאנד, דעפינירט אָט דעם „עפּעס“. דאָס איז דער פ א נ א ט י ז ם פון די קאטוילישע שאָווינׅיסטען, פאר וועמען די פריסטער האָבען אָנגעריהרט ניט נאָר די היילינקייט פון פאטערלאנד, נאָר אויך די אונפעהלבארקייט פון דער איינציגער היילינגער קירך. זיי זיינען אין די אויגען פון דעם קיורע ניט נאָר רויבער און מערדער, אָ נייין, פאר אזעלכע האָט זיין קירך נאָך די לעצטע פערציהונג אויף דעם טויטענבעט. זיי זיינען פאר איהם א פ י ק ו ר ס י ם אין ערשטער ליניע, און דער הימעל אליין פרעהט זיך, ווען זיי שטארבען אויפ׳ן שייטערהויפען.

עפּעס פון דעם פינסטערען גייסט פון דעם צווייטען פיליפּ. וואָס האָט פאר זיין גלויבען אָנגעצונדען איין אוטאָדאפע נאָכ׳ן אנדערען, לעבט אויך אין דער זעל פון אָט דעם איינפאכען קיורע פון ראָזעי.

מיט דעם מוז מען זיין פאָרזיכטיג, ניט קוקענדיג אויף די ערדרווירדיגע האָאָר, וואָס אומפאסען דעם, אין אונטערשיד צו דעם בויער, אזוי ערדעל פאָרמירטען קאָפּ.

— דו שטעהסט אויף א קראטער, די ערד אונטער דיר איז מינירט, דו וואנדערסט איבער פייערגרובען, וואָס זיינען פון אויבען פערדעקט מיט גראָז, — זאָגט זיך בערקערסבורג.

דאָ ערשיינט שלאָסער אין דער בעגלייטונג פון מער.

— איז אלץ אין אָרדנונג, הערר לייטענאנט? — פרעגט דער מאיאָר.

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר. דער הערר מער האָט מיר געגעבען זיין עהרענוואָרט, אז א ל ע וואפען זיינען אוועקגעלעגט געוואָרען אין שייער לעבען דער מעריע.

— און האָט איהר איהם אויפמערקזאם געמאכט, הערר לייטענאנט, אז ער איז מיט זיין לעבען פעראנטוואָרטליך פאר די ריכטינקייט פון זיין בעהויפטונג?

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר.

— ער און די צוויי אנדערע, דער קיורע באַנוויזאָזש און דער בויער מארטאָ.

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר.

— האָט איהר אליין, הערר לייטענאנט, בעקומען דעם איינדרוק, אז דאָס, וואָס איהר האָט געזעהן, איז א ל ע וואפען, וואָס האָבען זיך געפונען אין ראָזעי?

— די וואפען זיינען זעהר אלט, מעהרסטענס קען מען זיי

אבטער קאמפאניע, מיט דעם קיורע באנוויזאוש און דעם בויער מארטא.

זיין אויסשפראך פון דעם פראנצויזישען נאמען באנוויזאוש וואלט ארויסגערופען געלעכטער אין גאנצען דארף, דא אבער בעמערקט מען דאס ניט.

— מיר וועלען ווארטען ביז הערר לייטענאנט שלאסער וועט צוריקקומען מיט דעם מער פון ראזוי, — בעפעהלט דער מאיאר.

— צו בעפעהל, הערר מאיאר.

בערקערסבורג און אדאלף זעצען זיך ווידער אויף זייערע שטוהלען ביים טיש. דער אונטעראפיציר און דער וואלאנטיר בלייבען שטעהן, מיט די מענשען פון ראזוי, ביים טיר. דער מאיאר ווענדעט זיך צום קיורע און צום בויער.

— איהר קענט זיך אויך זעצען, מיינע הערען. — ער בעקומט ניט קיין ענטפער און דארף ווידערהאלען זיינע ווערטער אויף פראנצויזיש.

דער קיורע זעצט זיך מיט אן איראנישען שמייכעל אויפ׳ן באנק, וואס ציהט זיך אין דער לענג פון וואנט. מיט א בייזער מינע זעצט זיך אויך דער בויער, אין ווענען די גאנצע סיטו־אציאן אין בעצוג צו די באשען ערוועקט האס.

בערקערסבורג בענוצט זיך מיט דער געלעגענהייט צו בע־טראכטען נאהנטער די מענשען. ער מעסט זיי אב מיט דעם בליק פון אן אפיציר, וואס האלט זיך פאר א מענשענקענער, וואס בערקערסבורג איז טאקי צופעליג.

— פון אט די דא קען מען קיין גוטס ניט ערווארטען, — לויפט איהם דורך דער געדאנק.

דער בויער מאכט דעם איינדרוק פון א ווידערשפענסטיגער פערזאן. מיט אזעלכע מענשען קען א פרייסישער מאיאר לייכט פארטיג ווערען. פאר סאלדאטען איז אין אזעלכע פאלען פאט־ראן דער קארצער, און פאר דעם דא — נו, אירגענד וועלכער קעלער אין ראזוי.... אבער דער קיורע, דער קיורע. דער לאנגער, מאגערער און מיט די שניי־ווייסע האר, אויף וועלכע די טאנזור־טיילט זיך שארף אויס, האט נאך קיין איין ווארט ניט געזאגט. און דאך קען איהם שוין בערקערסבורג גרינדליך. ווי אויל פליסען פון זיין מויל ווערטער פון בעשיידענהייט, מילדקייט און קריסטליכער פערצייהונג, ווען ער פרעדיגט ליעבע, פריעדען און ברידערליכקייט... און דאך.... בערקערסבורג וויל נאך ווייטער ניט דענקען, דען אין די העל־ברוינע אויגען פון קיורע שיינט עפעס, וואס ער קען שוין צו גוט פון דער צייט, וואס ער האט

— האַלט, נעמט מיט דעם אײניאַהרינגען קלאַץ, אום איהר זאָלט זיך דאָרט קענען בעסער צונויפרעדען.
— בעפעהל, הערר מאַיאָר!
אונטעראָפּיציר וואָלף און דער וואָלאָנטיר קלאַץ פערלאָזען קאַפּע דיו רעיזען, אום אויסצופיהרען דעם מאַיאָר׳ס בעפעהל.
דער מאַיאָר ווענדעט זיך צו שלאָסער.
— איהר, הערר לייטענאַנט, וועט זיין אַזוי גוט דערווייל קאָנטראָלירען די וואַפען אין שייער.
— בעפעהל, הערר מאַיאָר! האָט איהר דעם שליסעל, הערר מער?
— זשע נע קאָמפּראַן פּאַ!
שלאָסער ווידערהאָלט די פראַגע אויף פראַנצויזיש. פּאָטער בוניאַן שלעפּט זיך לאַנגזאַם אין זיינע פּאַנטאָפעל צום שענק־טיש, וואו דער שליסעל הענגט אויפ׳ן וואַנט אויף אַ נאָגעל.
— נו, אַן אַוואַן, מאָן אַמי!
דאָס זאָגט שלאָסער און ווייזט אָן אויפ׳ן טיר. פּאָטער בוניאַן וואַרפט אַ לויערענדען בליק אויפ׳ן באָש, דאַן פאָלגט ער אירם שוויינענדיג נאָך, אום איהם צו ווייזען אין שייער די וואַפען, וואָס די איינוואוינער פון ראָזוני האָבען געבראַכט.
בערקערסבורג און אַדאָלף בלייבען ווידער אליין, וויל זשאַן לואזיר, פּונקט ווי איהר קוזען לואי, וואָס פעהלט שוין דעם גאַנצען טאָג, איז פלוצלונג שנעל און שפורלאָז פערשוואונדען.

## IV

עס נעמט אַ גוטע האַלבע שעה, ביז אונטעראָפּיציר וואָלף און דער איינאַהריגער קלאַץ קומען אריין מיט דעם קיורע און דעם בויער מאַרטאַ. צווישען בערקערסבורג און אַדאָלף קומט אין דער צייט פאָר אַ גאַנץ גלייכגילטיגער געשפּרעך. און דאָך האָבען זיי דאָ געהאַט אַזאַ נינסטיגע געלעגענהייט אַלץ אויס־צורעדען. אָבער אַדאָלף ווענדעט אָב דעם געשפּרעך יעדעס מאָל, וואָס בערקערסבורג וויל רעדען וועגען זיין דאַנקבאַרקייט, און דער מאַיאָר ווייס גאַנץ גוט, אַז דער פריינד וויים זעהר גוט זיין, דעם מאַיאָר׳ס, שולד פאַר איהם, זיין פערברעכערישען פערלאַנג. אַן אָבגרונד ליעגט איצט צווישען זיי, און אומזיסט ווילען זיי איהם איבערבריקען מיט גלייכגילטיגע ווערטער. און זיי אָטמען לייכטער אָב, ווען זיי דאַרפען שוין מעהר ניט בליי־בען אליין אויג אויף אויג.
אונטעראָפּיציר וואָלף מעלדעט:
— אונטעראָפּיציר וואָלף און איינאַהריגער קלאַץ, פון דער

אַנצונעמען אַ פיינדליכע האַלטונג קעגען די טרופּען פון זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג פון פּרייסען.

פאַר ניט פאַלגען דעם בעפעהל וועט קומען טויטשטראַף.

— האָט איהר דאָס פערשטאַנען, הערר מער פון ראָזוי?

— געוויס, מאַנסיע!

— און זייט איהר נאָכגעקומען דעם בעפעהל, וואָס איך האָב אייך איבערגעגעבען היינט אין דער פריה דורך מיין אָרדנאַנס?

— וועלכען בעפעהל, מאַנסיע? — פרעגט דער מער, נאָכדעם ווי קלאָץ האָט איבערזעצט די פראַגע.

— דעם בעפעהל וועגען וואַפען.

— די וואַפען זיינען אין שייער.

— אין וועלכען שייער?

— אין שייער, וואָס לעבען דער מעריע.

— אלע וואַפען? — דער מאַיאָר בעטאָנט דאָס וואָרט „אלע“.

— אלע וואַפען, מיין הערר, — ווידערהאָלט פייערליך דער מער פון ראָזוי.

—איך מאַך אייך, מער פון ראָזוי, פעראַנטוואָרטליך, אַז אלע וואַפען זיינען אין שייער.

— גוט, מאַנסיע.

— זאָגט דעם מער, אייניאָהריגער קלאָץ, אַז איך בין געצוואונגען איהם, דעם קיורע און דעם בויער, — ווי איז זיין נאָמען?

— אריסטיד מאַרטאָ, הערר מאַיאָר.

— און דעם בויער אַריסטיד מאַרטאָ צו האַלטען ווי געפאַנגענע פערשלאָסען אין קירך, אום די בעפעלקערונג פון ראָזוי זאָל ניט טהאָן עפּעס קעגען מיין היינטיגען בעפעהל.

דער וואָלאָנטיר קלאָץ איבערזעצט דאָס אלץ אין פראַנצויזיש. ביי דעם וואָרט „אָטאַזש“ בעווייזט זיך אַ ביטער־זיס שמייכעלע אויף פּאָטער בוניאָן'ס ליפּען. ער צוקט מיט די אַקסלען אַזוי, אַז זיין נאַקעטער קאָפּ פערזינקט כמעט אין זיי, און זאָגט:

— ווען דער הערר מיינט....

— יע, דאָס מיין איך, מער פון ראָזוי! אונטעראָפיציר וואָלף! געהט גלייך צום פייער־הויז, נעמט פון דאָרטען צוויי פייערלייט און ברענגט אַהער דעם קיורע און דעם בויער אַריסטיד מאַרטאָ.

— בעפעהל, הערר מאַיאָר!

וויפיעל; זיהן אָדער טעכטער, צי זיי זיינען פערהייראַט, צי ניט, און פון וועלכען עלטער זיי זיינען, און צי זיי וואוינען דאָ אין ראָזוי!

קלאָץ איבערזעצט די אַלע פראגען. דער מער, וואָס האָט אַליין שוין אויפגענומען טוצען פערסאָנאַלאַקטען, ענטפערט זעהר גענוי און מיט אָפיציעלער קורצקייט. ער האָט דריי קינדער, צוויי טעכטער און איין זוהן, אין עלטער פון 25, 23 און 16 יאָהר. די טעכטער זיינען פערהייראַט און וואוינען ניט אין ראָזוי. דער זוהן איז מיט איהם.

— ווער איז דאָס יונגע מיידעל, וואָס בעדיענט דאָ אין קאפע?

— זשאַן לואזיר, מיין ניכטע, מאָנסיע, — ענטפערט פאַ־טער בוניאָן.

— איז אין ראָזוי דאָ א קיורע?

— יע, אין ראָזוי איז דאָ א קיורע: זשאַן באָנוויזאַוש.

— וואו וואוינט ער?

— אין דעם קירכהויז.

— ווער איז דער רייכסטער גרונדבעזיצער אין ראָזוי?

— אריסטיד מארטאָ.

— וואוינט ער ווייט פון דאנען?

— פונקט אנטקעגען קאפע דיו רעיזען.

— גוט.

פאטער בוניאָן שמייכעלט. און אין דעם שמייכעל, וואָס שפיעלט אויף זיינע שלעכט ראזירטע ליפען ביי די גאַנץ אי־בערפליסיגע פראגען פון דעם מאיאָר, זעהט זיך קלאָר דער אויס־דרוק פון פעראכטונג. אָבער בערקערסבורג בלייבט קאלט. ער זאָגט איינפאך צו אונטעראָפיציר וואָלף:

— גיט איבער דעם אייניאָהריגען קלאָץ מיין טאָגבעפעהל, וואָס דארף אויסגעהאנגען ווערען אויף די ווענט פון ראָזוי, און זאָל ער דאָס איבערזעצען אין פראנצויזיש פאר דעם מער פון ראָזוי.

— דער וואָלאָנטיר קלאָץ לעזט דעם בעפעהל אין פראנ־צויזיש:

צו די איינוואוינער פון ראָזוי!

עס איז די איינוואוינער פערבאָטען:

צו האַלטען ביי זיך וואפען;

זיך אויפצוהאַלטען אויף'ן גאס נאכדעם ווי עס ווערט דונקעל;

צו פערמאכען די לאָדען פון די פענסטער;

האָט געגומען בעטראַכטען די דרוקבילדער, וואָס העננען אויף די ווענט פון קאַפע. זיי שטעלען פאָר טיפען פון דערזעלבער פראַנצויזישער ארמיי, וואָס זיי, די דייטשען, ווילען איצט פער־ניכטען און האָבען זיך צוליעב דעם אריינגעריסען אין פראַנק־רייך דורך בעלגיען. שלאָסער פייפט שטיל.

„איך האָב געהאַט אַ קאַמעראַד,

אַ בעסערען געפינסטו ניט!"

וואָרום גראד די מעלאָדיע איז אידם ארויף אויפ'ן זינען, ווייס ער נים.

אונטעראָפיציר וואָלף און דער וואָלאָנטיר קלאָץ זיינען שוין אָנגעקומען. זיי ווארטען ביים טיר, ביז די צוויי אָפיצירען וועלען ענדיגען זייער געשפרעך. דאן קומט קלאָץ צו צום מאַיאָר און מעלדעט:

— איינייאָהריגער קלאָץ, פון דער אַכטער קאָמפּאַניע, איך האָב די עהרע צו קומען פאר אייך אלס דאָלמאַטש צו אייער דיענסט.

— איהר רעדט פריי פראַנצויזיש, איינייאָהריגער?

— מיר דוכט, אז יע, הערר מאַיאָר.

— איז גוט. איך בעט די הערען זיך איצט צו זעצען. אונטעראָפיציר וואָלף, איהר וועט פיהרען דעם פּראָטאָקאָל!

— צו בעפעהל, הערר מאַיאָר!

— איינייאָהריגער, זאָגט נאָר יענעם מאַן הינטער'ן שענק־טיש, אז ער זאָל צוקומען אהער און זיך שטעלען פאר'ן טיש.

בייז ערפילט פאַטער בוניאָן דעם מאַיאָר'ס בעפעהל, וואָס דער וואָלאָנטיר קלאָץ גיט איהם איבער אויף פראַנצויזיש.

— פרעגט דעם מאַן, ווי ער הייסט, אלע זיינע פאָרנעמען און דעם צונאָמען, און צי ער איז מער פון ראָזעי!

פאַטער בוניאָן ענטפערט אויף קלאָץ'ס פראגען:

— מאַריע זשאָזעף פיער בוניאָן, געבאָרען דעם 18טען יוני, 1853, מער פון ראָזעי.

— פרעגט צי ער איז פערהייראַט.

—אָן אלמן, מאָנסיע!

בוניאָן שאָקעלט זיך פון איין זייט צו דער אַנדערער, די הענט אין די הויזענקעשענעס. ער פיהלט, אז דאָס ערגערט דעם באָש, און ער האָט דערפון פיעל פערגניגען. בערקערס־בורג בעמיהט זיך מעהר ניט צו אַכטען אויף די בענעהמונג פון דעם מער פון ראָזעי, ער געהט אָן מיט דער אויספאָרשונג.

— איינייאָהריגער קלאָץ, פרעגט, צי ער האָט קינדער און

— ע וואו, מעסיע (און איהר, מיינע העררען)? — זאָגט זי שטיל, זיך ווענדענדיג צו אדאָלף און שלאָסער.

— דיו ווען רוזש (רויטען וויין)!

— ביען, מעסיע!

ווערענד זשאַן נעהט צום שענקטיש אָנגיסען דעם וויין אין פערטעל ליטר פלאשען, רעדט אדאָלף צום מאיאָר אין אַ בעזאָרגטען טאָן:

— דו וואָלסט נעדארפט פאָלגען אונזער שטאַבארצט'ס ראַט, בערקערסבורג. אַ הייטאורלויב וואָלט פאר דיר איצט נעווען די בעסטע זאך.

בערקערסבורג שמייכעלט פינסטער.

— אַ היימאורלויב, אדאָלף! — דער מאיאָר ווידערהאָלט די ווערטער מיט אַ זאָנדערבארער בעטאָנונג, דאן זאָגט ער שוין אין אַן איינפאכען טאָן: — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מעהר קיין היים ניט, אדאָלף, זינט זי איז ביי איהר פאָטער אין פאלקענשטיין.

ער שווייגט און קוקט פערטראַכט און פינסטער אין איין פונקט פאר זיך. און דאן פלוצלונג, אונפערשטענדליך פאר אדאָלף'ען, הויבט זיך אין איהם אויף אַ געפיהל, ער פרעסט ענערגיש אדאָלף'ס האנט און זאָגט:

— איך וועל דיר דאָס קיינמאָל ניט פערגעסען, אדאָלף, הערסט, קיינמאָל ניט!

— אָבער דאָס איז דאָך געווען זעלבסטפערשטענדליך, בערקערסבורג!

— זעלבסטפערשטענדליך? אויעקצולויפען פון דער פייער־ליניע, אום צו רעטען איין פערוואונדעטען דאָרט, וואו טוצען אנדערע זיינען געלעגען! איז דאָס געווען אַזוי זעלבסט־פערשטענדליך?

— פאר מיר — יע, ווייל יענער פערוואונדעטער איז געווען דער באַטאַליאָנס־קאָמאַנדיר, בערקערסבורג!

— נאָר דערפאר, אדאָלף?

אדאָלף ענטפערט מיט אַן אָנשטרענגונג.

— יע, נאָר דערפאר.

— אויב אַזוי, איז געווים.... — בערקערסבורג שמייכעלט, אָבער ער ווייסט גוט, אַז אדאָלף גלויבט אליין ניט אין זיין פער־זיכערונג, אַז ער ווייס גאַנץ גענוי, אַז ער האָט געראַטעוועט דעם פריינד, ניט דעם קאָמאַנדיר.

ווערענד בערקערסבורג און אדאָלף רעדען אַזוי, האָט זיך שלאָסער בעשיידען אויפגעהויבען און איז אָבגעטראָטען. ער

פון פאלקענשטיין, וואס זי האט אליין געשריבען און וואס ליגט ביי איהם איצט אין קעשענע פון מונדיר!

דער פריינד, פון וועלכען ער טראכט, פיהרט איהם ארויס פון די געדאנקען. ער בעווייזט זיך אין דעם מאמענט, צוזאמען מיט אדיוטאנט שלאסער, אויפ'ן שוועל פון קאפע דיו רעיזען.

III

— גוט מארגען, בערקערסבורג! — קאפיטאן אדאלף'ס שטים קלינגט פרעהליך און זארגלאז.

— גוט מארגען, אדאלף!

— האלט זיך פריי, אונטעראפיציר. בלייבט זיצען. נו, ווי פיהלסטו היינט, בערקערסבורג?

— א דאנק, אדאלף, פיעל בעסער. אבער נאך אלץ אביסעל שוואכליך.

— נו, עס וועט שוין זיין גוט, אלטער פריינד!

— מען מוז שוין האפען.

שלאסער געהט אויך צו צום מאיאר.

— ערלויבט מיר אויך זיך ערקונדיגען וועגען אייער געזונד, הערר מאיאר.

—איך דאנק אייך זעהר, מיין ליעבער שלאסער, זעצט זיך, מיינע העררען.

אדאלף און שלאסער זעצען זיך. אדאלף'ס שטוהל שטעהט אין דער ניש פון פענסטער.

דער מאיאר ווענדט זיך צום אונטעראפיציר.

— רופט איצט אראפ דעם אייניאהריגען קלאץ, אונטער-אפיציר, אום מיר זאלען גלייך קענען אנהויבען.

— בעפעהל, הערר מאיאר! — זאגט וואלף און געהט אויספיהרען דעם מאיאר'ס בעפעהל.

— שרעקליכע לופט דא אין קאפע, — בעמערקט אדאלף, — ווען די העררען האבען גארניט געגען דעם, וועל איך עפע-נען דאס פענסטער.

— יע, די לופט איז דא זעהר שלעכט, מיין ליעבער. זעה אבער, צו דו וועסט ניט פיהלען קיין צוגווינד, דו זיצסט דאך מיט'ן רוקען צום פענסטער.

— א ניין, איך בין אלע מאל פאר פרישע לופט. — ער שטעהט אויף, עפענט דאס פענסטער און זעצט זיך ווידער.

זשאן לואזיר גנב'עט זיך צו, ווי א קעצעל, צום טיש, וואו די באשען זיצען.

האָט דאָס איהם געקענט פערפיהרען, — איהם, אין גרונד גענר־
מען אַ קאַלטע, פילאָסאָפיש געשטימטע נאַטור, וועמעס בליק איז
ניט געוועהנט זיך אָבצושטעלען אויף דער אויבערפלאַך פון ער־
שיינונגען, נאָר קוקט אריין טיף ביז צו זייערע וואָרצלען !

ווי האָבען טויזענדער, הונדערטער טויזענדער, מיליאָנען אין
דייטשלאַנד אָנגענומען די לעצטע געשעהענישען ? ווי אַ מעכטי־
גען שטורעם, וואס האָט זיך אויפגעהויבען און האָט זיך פערביי־
געטראַגען איבער דער ערד, וואס מ׳מוז דולדען. אפשר ניט אזוי?
ווי אַ מיסיאָן פאר אָט דעם פאָלק פון דער הויכער פּראָווידענץ.
אבער ער, ער, וואָס פיהרט איצט הינטער טראָיאַן דעם רעשט פון
אַ כמעט פערניכטעטען רעגימענט, וואָס טראָגט אין אַ בינט אַ
פערוואונדעטע האנט און די שוואכקייט פון בלוטפערלוסט אין
קערפּער, אַ שוואכקייט, פון וועלכער, ווי ער ווייס שוין אליין,
ער וועט זיך שוין קיינמאָל ניט בעפרייען, ער זעהט אויף דעם
גרונד פון ערשיינונגען, ווי דורך אַ קלאָר וואסער, אויף וועמעס
גרונד ער זעהט איינפאַכע שטיינדלעך און ווייס שוין פאראויס,
אז דאָ קען מען ניט אויספישען ניט קיין פּערל, ניט קיין גאָלד !

אָבער זיין ווילען האלט איהם אויף. דער פעסטער ווילען
צו געהן ביז צום סוף אויף דעם וועג, וואָס זיינע פאלשע פאראור־
טיילען און עהרגייץ האָבען איינמאָל אויסגעקליבען, און שיינען
פאר דער גאַנצער וועלט צו זיין דאָס, וואָס ער דאַרף זיין פאר
דער וועלט, אַ דערהויבענער, אויסגעצייכענטער, פּריווילעגירטער
מענש, איינער פון פיעלע טויזענדער. און צו דערזעלבער צייט
איז איהם, אפשר נאָר איהם אליין פון פיעלע הונדערטער פון זיין
שטאַנד, בעשערט צו זעהן, ווי לעער די שאָלעכץ איז, וואָס
גלאַנצט אזוי פון דרויסען.

אזאָ איז ער געוועןן. אן ערהאבענער און לעבערליכער שיקזאַל
איז איהם אויסגעפאלען אין דער פורכטבארער צייט, איבער דעם
זין פון וועלכער טויזענדער און טויזענדער האָבען זיך געבראָכען
דעם קאָפּ, וועלכען זין ער האָט בעגריפען צו גוט : ווערטלאָזע
שטיינדלעך אויף דעם גרונד פון אַ קלאָרען וואסער ! און מעלאַ־
ניע ? מעלאַניע, וועלכע האָט איהם קיינמאָל ניט געהערט און
קען איהם קיינמאָל ניט געהערען, צוליעב וועלכער ער האָט שווער
געטאַבט זיין געוויסען מיט אַ גייער שולד, וואָס דער שיקזאַל
האָט געוואָלט פערוואנדלען פון אַ קאַלטבלוטיגען מאָרד אין זיין
איינענע רעטונג. אַ מאָרד פון אַ פריינד, וועלכער האָט איהם גע־
טרויט, און וועלכען זי האָט געליעבט און ליעבט נאָך איצט אויף
מעהר פון אַלץ אין דער וועלט ! דאָס בעווייזט דאָך דער בריעף

— און דעם אײניאָהריגען וואָלונטיר אויך?

— צו בעפעהל, דעם אײניאָהריגען וואָלונטיר אויך. ער שטעהט איין דאָ אין הויז, הערר מאיאָר.

— זעהר גוט. א גליק, אונטעראָפיציר, וואָס פון דער אבטער איז אונז קלאָץ געבליבען. אזעלכע, וואָס רעדען גוט פראנ־צויזיש, זיינען דאָ פאר אונז ניט אָבצושאַצען.

— ריכטיג, הערר מאיאָר, ניט אבצושאַצען, — זאָגט איבער אונטעראפיציר וואלף און קוקט פול שווערע געדאנקען אין הויף, וואו דער האהן האָט גראד אויסגעשפרייט די פליגלען און האָט געלאָזט הערען זיין קרעפטיגע „קי־קע־רי־קי". און אזוי ווי לע־זענדיג דעם אונטעראפיציר'ס געדאנקען, פרעגט דער מאיאָר:

— נו, און די איבריגע קאמפאניען פון באטאליאָן און די איבריגע באטאליאָנען פון רעגימענט, וואלף? איהר ווייסט דאָך, איך בין נאָך ניט אָ קוראַן, ווייל איך בין א פאָר טעג אָבגעלעגען אין לאזארעט.

— אומעטום דאָסזעלבע, הערר מאיאָר! אין דורכשניט אבציג פראָצענט פערלוסט, מעהר ווייס איך אליין אויך ניט, מען האָט נאָך די ראפּאָרטען ניט געקענט צוזאמענשטעלען.

— די הויפּטזאך איז און בלייבט, וואָס אונזער לינקען פלי־געל איז געלונגען ארומצורינגלען די פאָרטען פון טראָיאַן.

— יע, דאָס איז די הויפטזאך, הערר מאיאָר.

— אפילו ווען אונזער רעגימענט וואָלט דערביי געמוזט געהן צום טייוועל!

— אפילו ווען אונזער רעגיעמנט וואָלט דערביי געמוזט געהן צום טייוועל, הערר מאיאָר!

א לאנגע פּאוזע, אין פערלויף פון וועלכער וואלף טרינקט אויס דעם וויין. בערקערסבורג איז אין א טרוימענדיגען צושטאנד. ער פיהלט זיך שוואך און עלענד, דער געוואלטיגער בלוטפערלוסט האָט ערשעפט זיינע קרעפטען, אָבער ער וויל זיך ניט פיהלען שלאַף און עלענד, ער פיהו־ט דאָך איצט דעם רעשט פון רעגי־מענט. דער גענעראל האָט איהם שוין פאָרגעשלאָגען פאר דעם אייזערנעם קרייץ פון ערשטען קלאַס.

אָבער בערקעסבורג, ווען ער דענקט וועגען דעם, מוז אליין שמייכלען. וואָס פאר א דאָפּעלטע נאטור ער מוז דאָס זיין, ווען ער קען אויף זאכען, וואָס ער האָט בעטראכט און געמוזט בע־טראַכטען פון אויבען אראָב, זיין שטאָלץ און צו דערזעלבער צייט שמייכלען מיטליידיג איבער אָט די זאכען! וואוהין זיין עהרגייץ

— המ... המ... נאָך אַלץ ניט ארויס?

— דער שאָס האָט אנגעריהרט די לונגען, — זאגט דער שטאַבארצט.

— אזוי, אזוי... דער שאָס האָט אָנגעריהרט די לונגען. זאָגט נאָר, וואלף, האָט איהר שוין בעקומען און געלעזען אין רעגי־מענט־קאַנטאָר דעם ראַפּאָרט פון די הערכן קאָמפּאניענפיהרער?

— בעפעהל, הערר מאיאָר.

— נא, און...

וואלף הויבט אָן רעדען אין דער שטיל, כאָטש ער ווייס, אז דער מער און האָס מיידעל בערישטעהען קוים איין דייטש ווארט.

— נא, און... — פרעגט איבער בערקערסבורג, ניט קענענדיג איהם פערשטעהן, וואָלף זאגט נאָכאמאָל:

— אכציג פראָצענט פערלוסט, הערר מאיאָר, פון דער אכ־טער קאָמפּאַניע זיינען אונז געבליבען אויסער הערכן קאַפּיטאַן אדאָלף נאָר זעקס מאַן נאָך.

בערקערסבורג ציטערט אויף.

פארוואָס עפּעס רעדט וואלף ווי אויסגערעכענט וועגען דער אכטער קאָמפּאַניע און גראַד וועגען אדאָלף, וועמעס קאָמפּאַניע ער האָט צוערשט געשיקט אין פיינדליכען פייער? אָבער גלייכ־צייטיג קלערט ער, אז ער האָט זיין לעבען צו פערדאנקען אָט דעם אדאָלף'ען, אז ווען אדאָלף וואָלט ניט געאיילט איהם צו הילף, וואָלט ער אויסגעגאַנגען אין דער שיצענליניע. נאָך נעכטען האָט דאָס איהם ווידערהאָלט דער שטאַבארצט. — איהר וואָלט זיכער געווען פערלאָרען, הערר מאיאָר, — האָט ער געזאָגט, — ווען ווי דורך א וואונדער פון הימעל עמיץ וואָלט ניט געאיילט צו הילף און וואָלט ניט פערבונדען דעם אָדער. — און ער האָט דעם „עמיצען" געשיקט דעם ערשטען אין פייער... שטעל אוועק אוריה... אך, וואָס... צו וואָס קלערען שטענדיג וועגען דעם?

בערקערסבורג גיט דעם געשפּרעך אנאנדער ווענדונג. כאָטש ער ווייס גאַנץ גוט, אז וואָלף פיהרט אויס די דיענסטליכע בע־פעהלען פון זיינע קאָמאנדירען אויף דעם געוויסענהאפטסטען אופן, פרעגט ער דאָך:

—— האָט איהר איינגעלאדען אהער, אין קאַפּע דיו רעיזען, הערכן קאַפּיטאַן אדאָלף און הערכן לייטענאַנט שלאסער, אונ־טעראפיציר? איך וויל, אז אַלץ זאָל צוגעהן אין בעסטער ארדנונג, אזוי לאַנג ווי איך פיהר דאָס רעגימענט אנשטאָט אונזער פראַנ־קען קאָמאַנדיר.

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר.

— ווייסען!

פאטער בוניאַן הערט דאָס און גיסט אן פון א קאן, וואָס שטעהט ביי איהם בעהאלטען אונטער׳ן טיש, א פלאש פון א פערטעל ליטר. זשאַן לואזיר נעמט צוויי גלעזער און סערווירט די באַשען פראַנצויזישען ווייך.

— טרינקט, אונטעראפיציר!

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר!

— ניין, ניט צו בעפעהל. טרינקט אזוי, טרינקט, אויב איהר ווילט, אָבער ניט צו בעפעהל, אניט זאָגט דאָס שוין בעסער שטעהן, אָבער ניט צו בעפעהל. טרינקט, אויב איהר ווילט, אונ־טעראפיציר!

— וועל איך טרינקען, הערר מאיאָר.

וועהרענד וואָלף גיסט זיך אן, ווארפט דער מאיאָר אויף׳ן טיש א פופציג־סאַנטים שטיק. זשאַן לואזיר וויל געבען רעשט.

— סע פור וואו (דאָס איז פאר אייך), זאָגט בערקערסבורג.

ער הערט ניט, ווי דאָס מיידעל זאָגט „מערסי באָקו, מאָנסיע“, ווייל ער מורמעלט צו זיך אליין עפּעס אונפערשטענד־ליכעס. זשאַן לואזיר טרעט שטיל אָב צו איהר אָנקעל הינטער דעם טיש.

— האָט דער הערר מאיאָר שמערצען? — פרעגט דער אונטעראָפיציר אין א געפיהלפולען טאָן.

— ניין, איך פיהל ניט קיין שמערצען, וואָלף, איננאנצען ניט, איך דאנק אייך פאר אייער מיטפיהלען, איך האָב איבער־הויפּט קיין שמערצען אין האנט ניט געהאט, ווענינגסטענס גע־דענק איך ניט קיין שמערצען. איך פיהל נאָר אביסעל ניט בעק־ווועם. א קליינער בלוטפערלוסט, וואָלף, ניט מעהר, א נארישקייט. דער בלוטפערלוסט וועט מיר פערשפּאָרען דריי קורען אין מא־דיענבאד, איך פערזיכער אייך!

ביי די ווערטער נעמט דער מאיאָר די פלאַש און גיסט אריין אביסעל ווייך אין זיין גלאָז.

— נאָ, אייער געזונד, וואָלף! אָבער מיר האָבען דאָס מאָל אונזערס דורכגעפיהרט.

— ריכטיג, הערר מאיאָר, מיר האָבען אונזערס דורכגע־פיהרט. —ביידע פערטראכטען זיך.

— וואָס מאכט דער הערר קאָמאַנדיר, אונטעראָפיציר?

— דער הערר שטאבארצט האָט היינט אין דער פריה גע־זאָגט, אז דער הערר קאָמאנדיר איז נאָך פון געפאהר ניט אַרויס.

דער מאיאר זעהט אויס בלייך. ער טראגט זיין פערבונדענע האנט אין א שלייף.

מיט א קורצען באנזשור, אויף וועלכען ער בעקומט ניט קיין ענטפער, נעהט ער צום טיש, ביי וועלכען די בויערען זיינען געזעסען, און זאגט קורץ:

— נעמט אראב פון טיש, מאדעמואזעל.

דער בעפעהלענדער זשעסט פון דעם דייטשען אפיציר ווייזט אן, וואס דאס פראנצויזישע מיידעל דארף טהאן, און זשאן לואזיר נעמט שווייגענדיג אראב פון טיש. אונטעראפיציר וואלף נעהט דערווייל צו צום פענסטער און קוקט ארויס אויף'ן הויף, וואו פיער בוניאן'ס היהנער גראבען אויף א מיסטהויפען. דער אונטעראפיציר טראגט אונטער'ן ארעם א בלוי־געבונדענעם אקטענ־העפט, א צייכען, אז דער מאיאר וויל זיך דא אין קאפע פער־נעמען מיט דיענסטליכע געשעפטען. זינט זיין באטאליאן האט פערנומען ראזוי, איז בערקערסבורג דער האר פון ראזוי.

— א פעדער און טינט, — בעפעהלט דער מאיאר

זשאן לואזיר קוקט אויף איהם און פערשטעהט ניט. בער־קערסבורג ווידערהאלט אין אן אונצופריעדענעם טאן:

— אין פלום ע דע ל'אנקר, מאדעמואזעל.

דאס מיידעל געהט לאנגזאם צום שענקטיש, וואוהין פער בוניאן איז שוין פריהער אוועק, און ברענגט דעם מאיאר טינט און פעדער.

— זעצט זיך, אונטעראפיציר!

— בעפעהל, הערר מאיאר!

בערקערסבורג און וואלף זעצען זיך ביים טיש. זשאן לואזיר שטעלט איין שטוהל אזוי, אז דער וואס זיצט מוז זיין אומגע־קערט מיט'ן רוקען צום פענסטער. אבער דאס פענסטער איז צו־געמאכט, נאך די זיטען פון די בויערען. אוועקשטעלענדיג טינט און פעדער אויף'ן טיש פאר דעם אונטעראפיציר, פרעגט דאס מיידעל דעם מאיאר:

— דיו ווען, מאנסיע?

דאס פרעגט זי אין דעם געוועהנליכען טאן, ווי זי, די דיענסט אין קאפע דיו רעיזען, פרעגט אלע בעזוכער פון רעסטאראן. זי קלערט גאר אין דער מינוט ניט, אז זי באט אן וויין עמיצען פון די באשען. דער מאיאר ענטפערט:

—— איין קווארט, מאדעמואזעל.

— רויטען אדער ווייסען?

— סע סאל קאשאן, סע סאל!

אויה'ן שוועל בעווייזט זיך א ריעזיגער גרענאדיר פון פאמערן. ער איז דער רעכטער פליגעלמאן אין דער ערשטער אבטיילונג פון דער זיבענטער קאמפאניע אין בערקערסבורג'ס באטאליאן. ער איז איינער פון די וועניגע, וואס זיינען געבליבען לעבען נאך דער שלאכט אין טראיאנער וואלד. ווען ער קומט צו צום מער, איז ער מיט א קאפ העכער פון דעם אלטען.

די אימפאנירענדע פיגור פון דעם גרענאדיר פון פאמערן צווינגט בוניאן אראבצונעמען די מיץ מיט דעם בלוי־ווייס־רויטען פראנז און דרעהען זי אין פערלעגענהייט אין די הענט. דער גרענאדיר גיט איבער דעם מער פון ראזעי א צעטעלע, אויף וועלכען עס שטעהען א פאר פראנצויזישע ווערטער.

— די וואפען, גוט, די וואפען, — מורמעלט דער מער קוים צום הערען.

דער גרענאדיר פערנייגט זיך און געהט ארויס.

— זיי קומען באלד? — פרעגט מארטא.

— געוויס קומען זיי באלד, — ענטפערט דער מער.

די בויערן ווארפען צוזאמען די קארטען אויה'ן טיש. זשאן לואזיר בעווייזט זיך ווידער פון קיך און נעמט צונויפקלייבען דאס געלט.

— באנזשור, מעסיע.

די דריי בויערן גנב'ענען זיך ארויס ווי קעץ פון קאפע.

## II

דער מער און זשאן לואזיר בלייבען אליין.

— וואו איז לואי? — פרעגט פער בוניאן נאכאמאל.

— איך ווייס ניט, — ענטפערט זשאן לואזיר קורץ. אבער ביי די ווערטער בעווייזט זיך אן איינגעהאלטענער בייזער שמייכעל אויף איהרע שטרענג צוזאמענגעפרעסטע ליפען, און צווישען די הויך אויפגעהויבענע ברעמען ליגט אין דעם אויגענבליק עפעס א פינסטערע ענטשלאסענהייט. און פער בוניאן בעמערקט:

— נאר אהן נארישקייטען, דו הערסט?

— ניין, אנקעל, איך הער, — ענטפערט דאס מיידעל, אבער אין איהרע גרויסע דונקעלברוינע אויגען בעווייזט זיך א געפעהרליך פייערעל, וואס בלייבט ניט אונבעמערקט פאר פאטער בוניאן. ער וויל ווידערהאלען זיין ווארנונג, כאטש ער ווייס, אז קיין ווירקונג וועט זי ניט האבען, אבער דא קומט אריין מאיאר פאן בערקערסבורג אין בעגלייטונג פון אונטעראפיציר וואלף.

טעל, אין וועלכען ער האָט זיין גאַנצען פערמעגען אין געלט און וועלכע ער נעמט אַלעמאָל מיט, ווען ער פאָהרט אויף׳ן מאַרק פערקויפען זיין גרינס. זיין שפּינאַט איז ווייט און ברייט בע־ריהמט, און מען וויים אויך די אורזאַך: דאָס האָט פּאַר זיינע פעלדער פערפאַכטעט די אָבפאַל־גרובען פון ראָזועי, און דעריבער טאַקי איז זיין שפּינאַט אַזוי גוט.

פאַרזיכטיג צעהלט דאָס אוים אויף׳ן טיש די זיעבען קופּער־שטיק, רוהיג, ניט געאיילט, איינס נאָכ׳ן צווייטען, ווי קיין איין באָש וואָלט גאָר אַרום ניט געווען, ווי עס וואָלט געווען אַ צייט פון פריעדען.. דאָס ליעבט נאַטירליך זיין פאָטערלאַנד, אָבער צו אָט די שווער פערדינטע סו איז ער צוגעבונדען מיט זיין גאַנצער נשמה. מאַרטאָ וויים, ווי שווער עס איז איהם מיט זיי זיך צו שיידען.

— נאָך איינס און נאָך איינס, — זאָגט מאַרטאָ, — שנע־לער, שנעלער, דאָס, נאָך איינס...

דאָס לעצטע ליגט אויף׳ן טיש. מאַרטאָ נעמט צוזאַמען די מטבעות. דאָס׳ן ערגערט דאָס. גראַד מאַרטאָ דאַרף געווינען. ער וואָלט ליעבער דעם הויקער פערגונען זיינע טייערע סו. אָבער מאַרטאָ, דער רייכסטער אין גאַנץ ראָזועי, וואָס האָט דאָ ניט לאַנג געוואונען אַ פּראָצעס מיט אַ פּאַריזער ראַנטיע און האָט בעקומען אַ גרוים שטיק לאַנד! האָט זיך צוגענומען דאָס שטיק לאַנד, דאָס פּאַסענדסטע פּאַר גרינס, און פּאַר שפּינאַט ווי געשאַפען, דענקט דאָס. אין האָבענדיג מיט יאָהרען צוריק געוואונען דעם פּראָצעס אַז קיינער קלערט שוין ניט וועגען דעם, נעמט ער זיך איצט צו אָט די זיעבען סו אויך. אמת, דערפאַר האָט ער אויך די גרעסטע צאָהל באָשען אויף זיין הויף, וואָס ער האָט געגעבען דעם שטאָלצען נאָמען קלאָ מאָנאַברי... מאָנאַברי... כאַ־כאַ... לאַכט דאָס אין זיך, — און אין אָט דעם מאָנאַברי זיצען איצט די באָשען... כאַ־כאַ... אַ שעהנע מאָנאַברי...

אין דעם מאָמענט דערהערט זיך אַ קלאַפּען פון אַ האַרטער האַנט אין טיר פון קאַפע דיו רעיזען. פּאָטער בוגיאָן, וואָס איז גע־זעסען ביז איצט איינגעבויגען ביים שענקטיש, הויבט זיך שנעל אויף. די בויערען הערען זיך צו. זשאַן לואַזיר, ניט ערוואַרטענדיג קיין גוטס, פערשווינדט אין קיך. נאָר דאָס שעהנע גרויע קעצעל מינעט בלייבט פאַלשטענדיג רוהיג און קנורט זיך ווייטער,ליגענ־דיג בעקוועם אויף דער באַנק הינטער דעם טיש.

— אַנטרע, — ברומט פּאָטער בוגיאָן.

און דאָס ברומט פּאַר זיך:

מאַסע אויף זיין העסליכען, מיט זומערשפּרינקלען בעדעקטען געזיכט און זאָגט:

— קאַנטאַן, פּער בוניאַן, פּאַר קאַנטאַן, שטאַרק צופרידען... זיי וועלען מיר דאָך אַליין ניט אויפפרעסען, מיינע באַשען... זיי האָבען דערצו, דוכט זיך, דעם מוט ניט.

דער מער לאַכט.

— זיי וועלען שוין געפינען אַ מיטעל ווי דיך צוערשט אויפצופרעסען, שערבוליאַן, פּאַט אטאנדער, מאַן שער, ווארט נאָר, ביז זיי וועלען זיך גוט אויסהונגערען, ווארט נאָר!

די גרימאַסע אויף דעם הויקער'ס געזיכט בעקומט אַ טייוועלשען אויסזעהן.

— סאפּריסטי, זאָלען זיי פרעסען, מיינע באַשען... צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען, מיין אַלטע האָט נאָך אַביסעל ראַטענגיפט, פון לעצטען ווינטער. זאָלען זיי פרעסען, מיינע באַשען... איהר ווייסט דאָך, אויף דער פאַרם מאַן דעזי האָט מען ניט געקענט אויסהאַלטען פון די ראַטען, צו נאָהנט ליגט די פאַרם פון וואסער, ווען מען האָט דעם קאַנאַל פערשאָטען אין הערבסט, פּער ביוניאַן, זיינען די ראַטען געקומען אַן מאַס אויפ'ן פאַרם, מאָנסיע לע מער!

— איך ווייס, איך ווייס! — פּאַטער בוניאַן געהט ווידער צום שענקטיש און גיסט זיך אַן אַ גלאַז סידער פון דעם קרוג, וואָס זשאַן האָט נאָר וואָס אַרויפגעבראַכט. — און וואו האָט דאָס דער לואי געקענט פערפאַלען געהן! — רעדט ער ניט הויך צו זיך אַליין.

ער איז זעהר שטאַרק בעזאָרגט וועגען לואי. דאָס איז זיין אינגסטער און איינציגער זוהן. זיינע צוויי טעכטער זיינען שוין זייט יאָהרען פערהייראַט און וואוינען ניט אין ראָזוי. זיינע צוויי איידעמס זיינען אויפ'ן שלאַכטפעלד. אָבער לואי איז איצט זעכצעהן יאָהר אַלט און איז דאָס טייערסטע, וואָס דער מער האָט אויף דער וועלט. לואי האָט זיין מוטער געקאָסט איהר לעבען, ער איז געקומען אויף דער וועלט, אַזאַ ווילדער און איינגעשפּאַרטער, ווי ער איז נאָך איצט אויך.

— וואו קען לואי פאַרט זיין?

— לאָז אונז ענדליך צופרידען מיט דיין לואי, פּער בוניאַן, — ברומט דער אַלטער מאַרטאַ. — מיר וועלען זיך נאָך דאָ פערצעהלען איבער דיין לואי! איז געוועזען אין גאַנצען וועןקאַטער, טראַנט, טראַנט־סענק, ראַס, דו דאַרפסט צאָהלען זיעבען סו...

דאָס נעמט אַרויס פון דער הויזען קעשענע אַ לעדערנע ביי־

דער צווייטער בויער, מיט'ן שעהנעם נאָמען ראָס, מור־מעלט:

— ע ביען, דו דאַרפסט געבען, פער מאַרטאַ!

דער דריטער שאָקעלט נאָר העפטיג מיט'ן קאָפּ, און דאַן טהוען זיי זיך ווידער שוויינענדיג אריין אין שפּיעל. מען רעדט אין קאַפע דיו רעיזען קיינמאָל ניט פיעל, אָבער היינט איז דאָ די שטימונג בעזונדערס געדריקט.

די באַשען האָבען געוואונען דאָס געפעכט אין וואָלד הינטער טראיאן, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס פראנצויזען זיינען דאָ געווען פיער מאָל אזוי פיעל, וועגען דעם קען שוין קיין צווייפעל ניט זיין. ייון דעריבער האָבען די באַשען בעזעצט ראזוי.

פיער בוניאָן נעהמט אונטער'ן שענקטיש, וואו זשאַן לואזיר איז גראד איצט ארויפגעקומען פון קעלערטרעפּ.

— וואו איז לואי? — פרעגט ער.

— איך ווייס ניט, אָנקעל.

— דו ווייסט ניט?

— ניין, איך ווייס ניט, — ווידערהאָלט דאָס יונגע מיידעל, וועלכע מען וואָלט געקענט רופען א שעהנע, ווען ניט איהר נאַכלעסיגע קליידונג און די שמוציגע קיכשירץ, וואָס צושטערען דעם גאַנצען איינדרוק. אבער זשאַן לואזיר איז דאָך א שעהן קינד פון אכצעהן יאָהר, ניט קוקענדיג אויף איהר קליידונג און איהר פערשמירטע שירץ. ווען די יוגענד פון ראָזוי איז אוועק צום פראָנט, האָט זיך זשאַן אָנגעטהאָן אין איהרע זונטאָגדיגע קליידער און האָט צונעצויגען אין איהר אָנקעל'ס קאַפע אַלע איבערגעבליבענע יונגעלייט.

— ווייסטו ניט, הייסט דאָס, וואו לואי איז? — פרעגט איבער דער מער.

— ניין, אָנקעל, איך ווייס ניט.

— אזוי, אזוי... — ברומט דער אלטער, — נו, רוף מיר שאַרל.

זשאַן לואזיר פערשווינדט דורך די טיר, וואָס פיהרט אין פאַרהויז. דער מער טרעט ווידער צו צו די בויערען. ער וויל מיט זיי פערפיהרען א פּאָליטישען געשפּרעך. אפשר וועט ער האָבען מעהר גליק מיט דעם דריטען בויער, ווי מיט מאַרטאַ און ראָס.

— אָלאָר, — זאָגט ער, — שערבוליאָן, זייט איהר צופריע־דען מיט אייערע באַשען?

שערבוליאָן, א נידריגער הויקער, מאַכט א סאַטירישע גרי־

עס זעהט אויס, ווי דער מער וואָלט זיך נאָך ארומגעקוקט, אום זיך צו ערקונדיגען וועגען וועטער. אין דער אמת'ען אָבער קוקט ער אוים אויף עפּעס אנדערש. דער מאיאָר האָט איהם מיט אַ האלבע שעה צוריק געשיקט אַן אָרדנאַנס אין פּראָנצויזיש, אַנזאָגענדיג איהם, אז ער וועט בעזוכען קאַפּע דיו רעיזען. פּיער בוניאָן האָט ניט קיין אהנונג וועגען דעם צוועק פון בעזוך, אָבער קיין גוטס קען מען שוין געוויס ניט ערוואַרטען, ווען אזא באָש וועט קומען צו פּאָטער בוניאָן.

ברעכענענדיג זיך דעם קאָפּ, וואָס נאָך דער מאיאָר וויל ביי איהם רעקוויזירען, — ווייל רעקוויזירען איז דאָך דאָס איינציגע, וואָס אזא באָש קען דאָ פערלאַנגען, — געהט ער אריין אין רעסטאָראַן.

ביי איינעם פון די טישען ביים פענסטער זיצען דריי בויערען און שפּיעלען אין קאָרטען. זיי שפּיעלען מיט אַזאַרט, ווי דאָס איז דער שטייגער דאָ אומעטום אויף'ן לאַנד.

— באָנזשור, מעסיע.

— באָנזשור, פּער בוניאָן. — די בויערען קערען זיך קוים אָב פון די קאָרטען.

זשאַן לואזיר, דעם מער'ס ניכטע, וואָס בעדיענט דאָ אין רעסטאָראַן, שטעהט הינטער דעם שענקטיש. זי ווענדט זיך צום אָנקעל מיט דער בעמערקונג, אז דער סידער אין קרוג געהט שוין אוים.

— וואַ אַן שערשע אַ לאַ קאַוו! — זאָגט פּער בוניאָן און זעצט זיך צו צו די בויערען. ער קוקט אריין צו זיי אין די קאָרטען און פערראויכערט דאָס אויסגעלאָשענע שטיקעל ציגאַרעט, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען צווישען די צייהן.

— טי אַ דע לאַ שאַנס (עס געהט דיר), מאַרטאָ.

מאַרטאָ, צו וועמען דאָס ווערט געזאָגט, הויבט ניט אויף די אויגען. ער זיצט, זיין אונגעראַזירט געזיכט אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט, און ברומט עפּעס אונפערשטענדליכעס, וואָס איז ניכער עהנליך צו פלוך, ווי צו אַ פערנינפטיגען פראַנצויזי-שען זאַץ.

— יע, עס געהט מיר, און אָט זיינען די באָשען אין דאָרף... דאָס איז אַלץ, וואָס מען קען פערשטעהן.

פּיער בוניאָן פרעגט אויף פראַנצויזיש:

— וויפיעל שטעהען דען ביי אייך איין, פּאָטער מאַרטאָ?

— זאָל זיי דער טייוועל נעמען, וויפיעל זיי זיינען, מאָן אַמי! — ענטפערט מאַרטאָ.

# דריטער טייל

## I

שוין זעקס יאָהר אין פּיער בוניאָן מער אין ראָזעי. אָבער פאר די גאַנצע זעקס יאָהר האָט ער ניט איבערגעלעבט אזוי פיעל אויפרעגונגען אין זיין קליינער געמיינדע, ווי פאר די לעצטע עטליכע וואָכען, זינט מען האָט ערהאַלטען אין פּאַריז די בעריהמטע בערלינער דעפּעש, און די דייטשען האָבען מיט צוויי טעג שפּעטער, צו דער ערשטוינונג פון דער גאַנצער וועלט, זיך אריינגעריסען אין בעלגיען.

פּיער בוניאָן איז אַן אלמן און איז אלט אונגעפעהר א יאָהר זעכציג. פאר דעם קליינעם ראָזעי איז ער פערהעלטניסמעסיג א גרויסער גרונדבעזיצער און האָט אויסער־דעם בעסטען, דאָס הייסט איינציגען, רעסטאָראַן אין ראָזעי, קאפע דיו רעיזען.

היינט שטעהט ער אונצופריעדען פאר דעם אריינגאנג אין זיין רעסטאָראַן און קוקט מיט האלב צוגעמאכטע אויגען אויף די זון, ווי א קאָטער, וואָס האָט נאָר וואָס ערוואכט פון שלאָף. איבער זיין ניט צו ריינעם ווייסען העמד טראָגט ער א בלויען קיטעל, אויף די פיס זיינען פילצפאַנטאָפעל, און א קליינע מיץ מיט א בלוי־ווייס־רויטען פראַנז איז נאכלעסיג אָנגעטהאָן אויף'ן כמעט גלאטען קאָפּ.

פּיער בוניאָן איז שלעכט געשטימט. דאָס געשעפט געהט שלעכט, זינט די גאַנצע יוגענד פון דאָרף איז גערופען געוואָרען אונטער די פאָהנען, און דער קריעג האָט זיך אלץ מעהר קאָנצענטרירט ארום ראָזעי, און בעזונדערס זינט איין באַטאַליאָן פון די „באָשען" איז אריין אין ראָזעי און האָט רעקווירירט אלץ וואָס איז געווען, און די בויערען מיידען אויס די קאפע דיו רעיזען, ווייל מען קען קיינמאָל ניט וויסען, ווען מען קען נאך דאָרט אמאָל איצט טרעפען.

יע, אין אזא צייט איז מאקי שווער, טראכט פּיער בוניאָן און קראצט זיך מיט אלע פינף פינגער פון זיין שווילינער האַנט דעם נאקעטען שארבען.

— אכטונג, פייער ! פיינדליכע שיצען... וויזיער 600... פייער !

דאָס געפעכט ווערט פאָרטגעזעצט.

לאַנגיאַם זינקט די נאַכט איבער דעם וואלד הינטער טראָיאַן. די זיעבענטע, די זעקסטע, די פינפטע קאָמפּאַניעס האָבען איינע נאָך דער אַנדערער זיך בעטייליגט אין דער שלאַכט. די פיינד־ליכע ארטילעריע און מאַשינגעוועהר האָבען אָנגעמאַכט א שרעקליכע בלוטבאָד און פערוויסטונג אין בערקערסבורג'ס באַ־טאַליאָן. ער אליין האָט אָבער וועגען דעם ניט די מינדסטע פארשטעלונג. ער רוהט אונטער דעם אוראַלטען בוק אויף דער עפנונג אין וואלד. זיין בעוואוסטזיין האָט זיך צו איהם אומגע־קערט, און ער הערט זיך צו. וועהרענד די בלייכע לבנה שטייגט שטיל און פייערליך ארויף דעם הימעל איבער די בוימער און ראַזעי'ס קירכטורעם, קערען זיך אום צו איהם די געדאַנקען. זיי טראָגען יזיהם אוועק ווייט, ווייט אין מזרח צו מעלאַניע, וועלכע זיצט איצט אין פאַלקענשטיין, לעבען ווערזשבאָלאָווא, הארט ביים רוסישען גרענעץ.

וואָס טהוט זיך דאָרט איצט ?

בערקערסבורג איז מיעד. איהם איז נאָך זעהר שווער צו דענקען. די אויגען שליסען זיך אליין צו. און דורך זיין וויסטען טרוים, אין וועלכען בלוט, טרערען, פייער, אייפערזוכט און ליעבע מישען זיך צונויף, קלינגט אונאויפהערליך די אונבעזיינליכע שטים פון אדאָלף, וואָס שרייט נאָך אלץ אוים די בעפעהלען פאר דעם רעשט פון זיין קאָמפּאַניע :

— אכטונג, פייער !... שיסען גלייך... וויזיער 600... פייער !

אזוי קלינגט אדאָלף'ס שטים אונאויפהערליך דורך בער־קערסבורג'ס טרוים.

דעם ווי די וואונד, פון וועלכער עס האָט געוואָלט ענטרינען, איז פערהאַלטען געוואָרען.

עס דויערט נאָך פינף מינוטען. בערקערסבורג עפענט די אויגען.

— וואו בין איך?

— אין זיכערהייט, בערקערסבורג!

— דו, אַדאָלף?

— יע, איך!

— וואו בין איך געוועזען?

— אויף דער פייערליניע!

— אך, יע... די געדאַנקען קערען זיך ווידער אום צו איהם.

— און דאַן?

— דאַן האָט דיר געטראָפען אַ גראַנאַטשפּליטער אין האַנט און האָט דיר געמאַכט אַ וואונד אויף דעם גרויסען אָדער. אַ גליק, וואָס דאָס איז געשעהן נאָהנט לעבען מיר!

— און דאַן האָסטו...

— יע, איך, בערקערסבורג, דאָס איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך.

— אַזוי... אַזוי... — מורמעלט דער מאַיאָר. דער שלוס פון זיין געדאַנק פערזינקט אין טיפען שווייגען, די שוואַרצע נאַכט פון אָהנמאַכט לעגט זיך ווידער אויף זיין געהירן און פערהילט מיט אַן אונדורכדרינגליכען שלייער די געגענוואַרט און די פערגאַנגענהייט. נאָר זיינע ליפּען שטאַמלען:

— וואַסער, וואַסער, איין זופּ וואַסער, איך ווער פערברענט!

ווי אַ ליעבענדע מוטער, טראָגט אַדאָלף צו די פעלדפלאַש, אָנגעפילט מיט שוואַרצען קאַפע, צו דעם מאַיאָר׳ס ליפּען און שטילט זיין פערצעהרענדען דורשט.

— גוט, גוט, — שטאַמלען די בלוטלאָזע ליפּען, און ווידער וויים דער קראַנקער ניט, ווער עס האָט אָבגעפרישט די פערטריקענטע ליפּען.

אַדאָלף שפּרינגט אויף.

— קומט, קאַם, דער הערר לייטענאַנט ווערט שוין אַכטונג געבען אויף דעם מאַיאָר!

כּוּרקעטיר און קאַפּיטאַן וואַרפען זיך צוריק צו דער שיי-צענליניע, און צו שלאָסער׳ס אויערען דערטראָגט זיך ווידער אַדאָלף׳ס אונערמידליכע שטים:

— בעפעהל, הערר קאפיטאן!

און צווישען די ווערטער הערט זיך א העפטיגע שיסעריי פון דער זיעבענטער קאמפאניע, דאן די קלאפעריי פון די מאשינ־געוועהר און דער פערשטיקטער קלאנג פון די פאלענדע גראנאטען און שראפנעלען און דער קראך פון די אויפגעריסענע פראיעק־טילען. ענדליך רופט קאם אויס:

— אט דא, הערר קאפיטאן, דא!

— וואו, קאם?

— דא, אויף דער רעכטער האנט, ביים גרויסען אדער...

— הויבט אויף די האנט און האלט זי הויך, זעהר הויך.

וועהרענד דער סאלדאט האלט מיט אלע קרעפטען מיט איין האנט די האנט פון מאיאר גאנץ הויך, און דריקט צו מיט דער אנ־דערער די וואונד, פון וועלכער דאס בלוט שפריצט ווי פון א פאנ־טאן, ווארפט אראלף אראב פון זיך דעם מונדיר. אומזיסט זוכט ער עפעס, מיט וואס מען וואלט געקענט פערבינדען די וואונד, אלץ איז שוין לאנג פערברויכט געווארען אונטען ביי דער פייער־ליניע. ער רייסט אראב פון זיך זיין לייווענטענע העמד, צורייסט עס אויף פאסען און שרייט:

— איצט האלט צו די וואונד, און איך וועל פערציהען מיט אלע קרעפטען, אבער האלט די האנט וואס העכער!

ער לעגט ארויף די שטרייפען פון לייווענט און פערציהט אזוי שטארק, ווי ער קען נאר. פלוצלונג, ווי דורך א וואונדער, טאפט ער אן מיט די פינגער אין דעם לעצטען מאמענט דעם בלוטענדען אדער. דער שפריצענדיגער בלוטשטראם שטעלט זיך אב. אויב די פערבינדרונג וועט זיין גענוג שטארק, איז דעם מא־יאר'ס לעבען געראטעוועט.

— א דאנק נאט, קאם! איצט וועלען מיר איהם פארזיכטיג ארויפטראגען אויבען צו דער עפנונג, דאס פייער האט נראד איצט אויפגעהערט.

אין א פערטעל שעה ארום לעגען קאם און אראלף אנידער דעם מאיאר צו די פיס פון זיין אדיוטאנט.

— וואס איז געשעהן? — שטאמעלט שלאסער.

— ער וועט ווידער קומען צו זיך, הערר לייטענאנט.

— איהר דענקט אזוי?

אויף די ביזהער טויטבלייכע באקען פון דעם מאיאר בע־ווייזט זיך א לייכטע, קוים בעמערקבארע פארב, דאס לעבען, דאס בלוט האט זיך ווידער אומגעקערט אין זיין סיסטעם, נאכ־

שיסערייַ, הויבט זיך אַדאָלף אויף און מיט דריי שפּרונגען איז ער שוין בײַ דער זײַט פֿון מאַיאָר.

— ביזטו פֿערוואונדעט, בערקערסבורג?

קיין ענטפֿער.

— אום גאָט'ס ווילען, רעדר דאָך, מענש, זאָג, ביזטו פֿער־וואונדעט?

אַדאָלף הויבט אויף זײַן פֿריינד און זוכט מיט די אויגען אַרום נאָך הילף. ענדליך בעמערקט ער זײַן מוסקעטיר, און ניט קלערענדיג וועגען דער געפֿאַהר, זאָגט ער:

— העלפֿט מיר, קאַם, דער הערר מאַיאָר...

קאַם דערקריכט ווי עס איז צו ביידע אָפֿיצירען. וועגען אויפֿ־הויבען זיך פֿון אָרט קען גאָר קיין רעד ניט זײַן, ווײַל דער האָגעל פֿון פֿײַנדליכע קוילען פֿאַלט אין וואַלד און רוישט אַרום, ווי אַ שטורעם אין פֿריהלינג. קאַם און אַדאָלף נעמען דעם בעוואוסט־לאָזען מאַיאָר.

— אַרויף צו דער עפֿנונג אין וואַלד, וואָס ווייטער פֿון פֿײַער, קאַם, — בעפֿעהלט אַדאָלף, — פֿאָרווערטס, מאַרש!

זיי קריכען אויף אַלע פֿיער איבער גראָז און וואָרצלען, ניט קלערענדיג וועגען קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר צו רעטען דעם קאָמאַנדיר פֿון באַטאַליאָן, ברענגען דעם פֿערוואונדעטען אין זיכערהייט.

קיין וואָרט, קיין קלאַנג קומט ניט פֿון בערקערסבורג'ס ליפּען. אַ גוואַלטיגער בלוטפֿערלוסט האָט באַלד אָבגענומען בײַ איהם דאָס בעוואוסטזײַן.

— מיר קענען צו דער עפֿנונג אויבען ניט צוקומען, זיר וועט שטאַרבען בײַ אונז אויף די הענט, קאַם! — שטאַמעלט אַדאָלף, — דאָרט הינטער דעם בוש וועלען מיר זײַן זיכער פֿון קוילען. קאַם!

— צו בעפֿעהל, הערר קאַפּיטאַן!

מיט די לעצטע קרעפֿטען ברענגען זיי ענדליך דעם אָהנמעכ־טיגען אונטער דעם בוש.

—וואו איז די וואונד? — אַדאָלף עפֿענט האַסטיג דעם גרויען פֿעלדמונדיר פֿון זײַן פֿריינד. — מען קען גאַרניט זעהן, קאַם, וואו איז די וואונד?

פֿערלאָרען קוקט אויף איהם דער סאָלדאַט. אַדאָלף'ס גע־זיכט ברענט ווי אין פֿיבער, אַ קאַלטער ציטער לויפֿט איהם איבער'ן רוקען, זײַנע קניה טרייסלען זיך.

— מיר מוזען איהם רעטען, קאַם!

פונקט דאַן רייסט זיך אויף א פיינדליכע גראַנאַט, שיינט אויף ווי אַ בליץ און וואַרפט אויף דעם ברעג פון וואלד אַ שוועבעלגעלע ליכט. אָבער עס איז שוין צו שפּעט. די פיגור פון דעם לויפענדען מאַיאָר בעווייזט זיך צווישען די בוימער און ווערט פערשוואונדען. און ארויף דעם בערגעל לויפט ווידער אהן אָטעם אַ סאָלדאַט פון דער אַכטער קאָמפּאַניע.

— וואָס ווילט איהר, מוסקעטיר?

קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם, שטאַמעלט דער סאָלדאַט:

— הערר קאַפּיטאַן אדאָלף בעט נאָכאַמאָל געהאָרכזאַמסט, מען זאָל שיקען פערשטאַרקונג. ווען איך בין אוועק, זיינען אונז געבליבען נאָר עלף מאַן.

א יובעלענדע „הורא!“ קומט ווי אַן ענטפער אויף דעם סאָלדאַט'ס מעלדונג. א שווערע לאַסט פאַלט אַראָב פון שלאָסער'ס האַרץ. די שיסערייע פון דער אינפאַנטעריע לעבט ווידער אויף. שלאָסער דערקענט די שטים פון דעם קאַפּיטאַן, וואָס איז געקומען מיט זיין קאָמפּאַניע פונקט אין דעם קריטישען מאָמענט. די זיבענטע קאָמפּאַניע האָט דערגרייכט די ליניע. די פערשטאַרקונג איז שוין דאָ.

— די פערשטאַרקונג איז שוין דאָ! — זאָגט שלאָסער מיט א מאָן פון ערלייכטערונג, און דער מוסקעטיר, איינער פון די עלף איבערגעבליבענע, לויפט באַלד צוריק צו דער פייערליניע. דערלויפענדיג, וואַרפט ער זיך אויף דער ערד און, ליגענדיג אויף'ן בויך, לאָדט ער אָן זיין ביקס און וויל שיסען. אָבער איידער ער שיסט אויס, דערזעהט ער מיט זיינע אייגענע אויגען, נאָר אָהן צווייפעל, די הויכע פיגור פון מאַיאָר, וואָס שטעהט אויף די קניה הינטער דער שיצענליניע. ער מאַכט די גרעסטע אַנשטרענגונגען צו ערמוטיגען די סאָלדאַטען, אָבער פּלוצלינג גיט ער זיך א קער און פאַלט אום.

— דער מאַיאָר! — נאָר דאָס איין וואָרט רייסט זיך ארויס ביי דעם סאָלדאַט. אָבער נאָך העכער דערהערט זיך איצט אדאָלף'ס הייזעריגער אויסגעשריי:

— אונטעראָפיציר!

א קאָפּ ריהרט זיך אין גראָז.

— נעמט איבער די קאָמאַנדע איבער דעם רעשט פון דער אכטער קאָמפּאַניע!

— בעפעהל, הערר קאַפּיטאַן!

און ניט אכטענדיג אויף דעם האָגעל פון דער פיינדליכער

בערקערסבורג בעמערקט, ווי א ציטער געהט דורך דעם שלאנקען קערפּער פון דעם יונגען לייטענאנט, וואָס וויל זיך בע־הערשען. און דער מאיאָר שמייכעלט. ער איז נאָך אלץ אימשטאנד צו שמייכלען איראָניש, אפילו איצט, ווען דער לעצטער סאָלדאט פון דער אכטער קאָמפּאניע ווערט אויפגעאָפּפערט. ער שטעהט ווירקליך איבער יעדער סיטואציאָן, דאָס ווייס שלאָסער זינט היינט נאָכמיטאג פון דעם מאיאָר'ס אייגענעם מויל.

ער בעוואונדערט איהם, ניין, ער איז איהם מקנא, ער איז אייפערזיכטיג אויף אזא קראפט ביי דעם מאיאָר. ער ווייס, אז דער מאיאָר איז פעהיג צוריקצואווייזען דעם אייזערנעם קרייז, וועלכען אנדערע ווילען אזוי שטארק ערקעמפען, מיט איין זאָרג־לאזער בעוועגונג מיט דער האנט, אין דעם שטאָלצען בעוואוסט־זיין, אז קיין פירשט אין דער וועלט קען איהם, בערקערסבורג'ען, ניט אויסצייכנען. ער, בערקערסבורג, קען קעגען דער אויגענ־שיינליכער, אונפערמיידליכער ווירקליכקייט, ביים פולען בע־וואוסטזיין פון זיינע אייגענע שוואכקייטען און פעהלערען, קאלט־בלוטיג אויפאָפּפערען אנדערע מענשען, וואָס גלויבען איינפאך אין זייער בערוף. ער קען אָבער פונקט אזוי קאלטבלוטיג אויפ־אָפּפערען זיך אליין און אָהן קיין ענטוזיאזם, דאָס וואָלט נאָר געווען ביי איהם א רעזולטאט פון א ריין שכל'דיגער ארבייט: ער וואָלט זיך נאָר געזאָגט, אז דער, וואָס האָט זיך געוויסענלאָז בענוצט מיט דעם פּארצונג פון א סיטואציאָן, דארף אויך זיין גרייט צו נעמען אויף זיך יעדע קאָנסעקווענץ, וואָס קומט פון דער סיטואציאָן ארויס.

וועהרענד שלאָסער איז פערטיפט אין אָט די געדאנקען און שטעלט זיך פאָר אָט דעם מענשען, וועלכען, לויט דעם געלונ־גענעם אויסדרוק פון קאָסינסקי, ער וואָלט געקענט זעהן אויף די רואינען פון קארטאגאָ, קערט זיך פלוצלונג דער מאיאָר ראש אום צו איהם. אין א הייזעריגער שטים, ווי עפּעס וואָלט איהם גע־שטיקט, גיט ער אָב זיין בעפעהל:

— נעמט אויף א ווײלע איבער די קאָמאנדע איבער דעם באטאליאָן, איך מוז געהן צו דער שיצענליניע א קוק טהאָן.

מעכאניש שטאמעלט שלאָסער אויך איצט זיין געוועהנליכע „צו בעפעהל, העררר מאיאָר!“. ער ווייס, פארוואָס דער מאיאָר וויל געהן א קוק טהאָן אויף די שיצענליניע. די שיסעריי פון דער אכטער קאָמפּאניע איז שטיל געוואָרען, און אדאָלף'ס קאָמאנדע הערט זיך שוין מעהר ניט... די שטילקייט פון א בית עולם איז דאָרט... נאָט! שלאָסער וויל צוריקהאלטען דעם מאיאָר, ווייל

לאַנקע הין און צוריק. און דאָס פייער פון דער אכטער קאָמפּאַניע ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער. מינוטענלאַנג הערט מען עס אינגאַנצען ניט. אָבער אַדאָלף׳ס שטים הערט זיך נאָך אַלץ, כאָטש אַ הייזעריגע:

— אכטונג, פיינדליכע אַרטילעריע פון רעכטס, פייער! וויזיער 1000.

ענדליך גיהט דער מאַיאָר נאָכאַמאָל צו צום האָרניסט:

— ווידערהאָלט דעם סיגנאַל, האָרניסט, די זיבעצנטע קאָמפּאַניע צום שטורעם, מאַרש, מאַרש!

און נאָכאַמאָל קלינגט אָב דער סיגנאַל דורך דעם וואַלד. און ווידער ענטפערט דער האָרניסט פון דער זיבעצנטער קאָמפּאַניע, דאָס מאָל פיעל נאָהנטער, פיעל פערנעמליכער פון דער טיף פון וואַלד.

בערקערסבורג אָטעמט אויף ערלייכטערט.

— אַ דאַנק גאָט, שלאָסער, — ווענדט ער זיך צום אַדיוטאַנט. — זיי קומען, זיי קומען! נאָך ניט צו שפּעט!

— ריכטיג, הערר מאַיאָר!

אָבער ווידער דערהערט זיך די קלאַפּעריי פון די מאַשינגעווערן, ווידער פּאַלען די גראַנאַטען אויף דעם בערג פון וואַלד, און פערבלאָנדזשעטע שראַפּנעלען טראָגען זיך איבער די קעפּ פון ביידע אָפיצירען.

— נאָך איין ציגאַר, הערר לייטענאַנט, די לעצטע!

— ניין, איך דאַנק, הערר מאַיאָר, איך קען מעהר ניט רויכערען.

— איהר בעהערשט שוין אויך ניט אייערע נערוועןָ?

שלאָסער וויל זיך בעהערשען און זאָגט:

— צו בעפעהל, הערר מאַיאָר!

דער יונגערמאַן, וואָס, לויט דעם מאַיאָר׳ס ווערטער, האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ דיכטער און געוואָלט שטודירען געשיכטע אין בערלינער אוניווערזיטעט פונקט אין דעם מאָמענט, ווען די מאָביליזאַציאָן האָט צושטערט אַלע זיינע גאָלדענע טרוימען, נעמט צוזאַמען זיינע לעצטע קרעפטען. אַלץ, נאָר ניט שלאַפּקייט, אָבגעלאָזענקייט אין דעם איצטיגען מאָמענט און פאַר די אויגען פון דעם מאַיאָר! זינט היינט נאָכמיטאָג ווייס ער, אַז דער מאַיאָר קען אַריינקוקען אין אַ מענשען׳ס זעל און ווענדט אָן צו אַלץ נאָר אַנאַנדער מאַסשטאַב ווי די, וואָס זיינען פאַרגעשריבען אין די רעגלען און אין דער דיענסטאָרדנונג, וועלכע ער ווייס דאָך אויסווענדיג. ניין, אַלץ, נאָר ניט שוואַכקייט!

ווערט פלוצלונג קלאָר, פאַר וועמען ער שטעהט און צוליעב וואָס ער איז אהער געקומען.

— הערר קאַפּיטאַן אדאָלף בעט געהאָרכזאַמסט פער־שטאַרקונג. אונז זיינען איננאַנצען געבליבען ניין און צוואַנ־ציג מאַן אין דער קאָמפּאַניע.

דעם מאַיאָר'ס געזיכט לעגט זיך אין מאַרמאָרנע פאַלבען. זיין פיגור רוקט זיך אביסעל ארויס:

— איהר וועט מעלדען דעם הערר קאַפּיטאַן, אז דער בע־פעהל פון הערר קאָמאַנדיר לויטעט: שפּאַרען, שפּאַ־רען ביז צום לעצטען מאַן!

— בעפעהל, הערר מאַיאָר!

דורך די טאַנען און בוקען לויפט דער פערוואונדעטער סאָלדאַט, איבערצוגעבען זיין קאַפּיטאַן דעם בעפעהל פון מאַ־יאָר. ער פערשווינדט.... בערקערסבורג זעהט איהם שוין ניט...

— אָבער אדאָלף'ס שטים קומט פון דער ווייט, נאָך אלץ אדאָלף'ס שטים:

— אכטונג, פיינדליכע ארטילעריע, גלייך, פייער! ווי־זיער 1000....

דאַן ווידער א פירבטערליכער שאָס און אַ קלאַפּ פון גראַ־נאַטען....

— פערדאַמט! — רייסט זיך ארויס פון מאַיאָר'ס מויל: אדאָלף'ס שטים לעבט איבער ד ע ם שאָס אויך. ענדליך ווענדט זיך דער מאַיאָר צום האָרניסט:

— בלאָזט דעם סיגנאַל: די זיעבענטע קאָמפּאַניע צום שטורם, מאַרש, מאַרש, האָרניסט...

— צו בעפעהל, הערר מאַיאָר!

דער בעטויבענדער קלאַנג פון דעם טראָמפּייט סיגנאַל צו־טראָגט זיך איבער'ן וואַלד, און אין אַ מינוט ארום ענטפערט דער האָרניסט פון דער זיעבענטער קאָמפּאַניע מיט דעמזעלבען סיגנאַל, צום צייכען, אז מען האָט פערשטאַנען דעם מאַיאָר'ס בעפעהל.

## XII

עס געהט אריבער נאָך א האַלבע שעה. אבער פאַר דעם מאַיאָר און זיין אדיוטאַנט ציהט זיך די צייט פיינליך לאַנג. די זיעבענטע קאָמפּאַניע שטעהט נאָך דערצו אזוי ווייט, דענקט דער מאַיאָר, און דורך דעם וואַלד איז דאָך גאָר קיין וועג ניטאָ. אונגעדולדיג מיט גרויסע, לאַנגע שריט געהט דער מאַיאָר איבער דער וואַלד־

קוים דריי הונדערט מעטער ווייט פון איהם און ווערען איינער נאָך דעם אנדערען אויפגעאָפּפערט אויף דעם ווילען פון דעם איינעם, וואָס שטעהט איצט דאָ פאַר איהם.

ווידער אדאָלף'ס שטים:

— אכטונג, פיער!... שיסען גלייך, וויזיער 300...

איין, צוויי, דריי, פיער, פינף שאָסען דערהערען זיך, אונ־זיכערע, איינער נאָך דעם אנדערען... דאן ווערט שטיל... א טיפע שטילקייט... נאָר דער פורכטבארער ענטפער פון די פיינדליכע מאשינגנעווער... און דאן איין שווערער שאָס...

— פיינדליכע ארטילעריע!

שלאָסער'ס ווערטער קלינגען אָב ווי דער געשריי פון א פערוואונדעטען טיער.

דאן דערהערט זיך א צווייטער, דריטער און פיערטער שאָס...

מען הערט, ווי די גראנאטען גראָבען אויף די ערד אין וואלד.

און ווידער אדאָלף'ס שטים:

— אכטונג, פיינדליכע ארטילעריע, גלייך, פייער! ווי־זיער 1200...

— ער קעמפט ווי א לייב, דער יונג! — קריצט דער מאיאָר מיט די צייהן, נאָך אלץ ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט.

ארויף דעם בערגעל לויפט א סאָלדאט פון דער שיצענ־ליניע, קוים כאפענדיג דעם אָטעם. בערקערסבורג איז אין די גערדאנקען ערגעץ אנדערשוואו, אין פייער, לעבען אדאָלף'ן, וואָס וויל נאָך אלץ ניט פאלען. דער מאיאָר שטעהט און קוקט אָן דעם אָנקומענדען, ווי עפּעס א נעשפענסט.

— וואָס דארפט איהר?

דער סאָלדאט האלט זיך קוים אויף די פיס.

— איהר זייט פערוואונדעט!

דער סאָלדאט פאלט אנידער.

שלאָסער כאפט ארויס זיין טאשענטיכעל, מיט דעם פער־בינדען זיי איהם די וואונד.

— א גאנץ לייכטע וואונד אויפ'ן שטערן, — מורמעלט שלאָסער. דער מאיאָר שאָקעלט בעשטעטיגענד מיט'ן קאָפּ.

— קענט איהר נאָך שטעהן? — די ווערטער רייסען זיך ארויס ביי דעם מאיאָר, ווי ביי איינעם, וואָס טרינקט זיך. דער סאָלדאט קומט צו זיך, און אין זיין אויסגעמאטערטען מאָרך

בעוויזען ארום זיין מויל. זיינע געדאנקען טראָגען איהם אוועק ווייט, ווייט צום אָסט־פּרייסישען גרענעץ, צו ווערזשבאָלאָווא און צום גוט פאלקענשטיין, וואו עס געפינט זיך איצט זי, זיין פרוי, און בענקט נאָך אנאנדערען. זי, וועלכע ער האָט געוואָלט ערלאָבערען, האָט דאָס אָבער ניט געקענט, ווייל ער האָט זי געקויפט, ווייל ער האָט א טעות געהאט אין מענשען, האָט זיך אין זיי אָבגענארט. יע, דאָרט געפינט זיך איצט זיין פרוי, און אין אָט דער מינוט שטעהט איהר פאָר א גרויס אומגליק... אן אומגליק מיט זיין מיטווירקונג!

מיט שרעק קוקט אויף איהם שלאָסער. ער קען כמעט לעזען די געדאנקען, וואָס בעהאלטען זיך הינטער זיין קאָמאנ־דיר'ס אונדורכדרינגליכען שטערן, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעדריקט דאָס, וואָס זיין מויל האָט ניט געוואָלט ארויסגעבען. שלאָסער'ן דוכט זיך, אז ער זעהט מיט זיינע אויגען די פערקערפּערונג פון א פורכטבארען ווילען, געווענדעט אויף א פערברעכען, וואָס קיין מענש וועט ניט קענען אויפווייזען. ענדליך שטאמעלט ער אויס:

— דאָס פייער פון דער אכטער קאָמפּאניע ווערט פער־רעכטיג שוואך. זאָל איך אפשר צוגעהן זעהן?

— בלייבט דאָ, שלאָסער!

דער הערשערישער טאָן, אין וועלכען די ווערטער ווערען געזאָגט און אין וועלכען דער מאיאָר האָט זיך ביזהער קיינמאָל ניט געווענדעט צו זיין אדיוטאנט, קלינגט ווי א בעפעהל, וועל־כען מען קען ניט ווידערשפּרעכען.

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר! — שטאמעלט שלאָסער. בערקערסבורג הערט זיך ניט צו צו איהם. ער פערגעסט פון דער ווייט די אזוי גוט בעקאנטע שטים פון אדאָלף, און ווייל ער הערט זי נ אָ ך, ציטערט ער אויף.

— אכטונג, שיסען גלייך, וויזיער 400, פייער!

א פּאָר שאָסען קלינגען אָהנמעכטיג אָב ביים ראנד פון וואלד.

— עס נעמט איהם קיין קויל ניט! — קריצט בער־קערסבורג מיט די צייהן.

— האָט דער הערר מאיאָר עפּעס געזאָגט?

— ניט צו אייך, הערר לייטענאנט! — ער שטעקט אריין זיין סאבעל אין די ווייכע, מיט מאָך בעדעקטע ערד.

שלאָסער קערט זיך אָב. א קאלטער שוויים בעווייזט זיך אויף זיין שטערן, דאָס איז א שרעק פאר די אלע, וואָס זיינען

מודה זיין!... מיר וועלן שוין פאר די פארטיזאנען מוזען געפינען אן אנדער נאמען, ווען זיי זאלען צופעליג זיך בעווייזען אויף דעם רעכטען ברעג פון רהיין, אנשטאט דעם לינקען. ווען אייער הויף ברענט, וועט איהר ניט קוקען, צי אויף אייער דאך איז צונגענעהט א רויטער קראגען, צי ניט, איהר וועט כאפען א ביקס און וועט שיסען, דא צי אין אירגענד וועלכען לאנד. אזוי איז געווען אין אלע צייטען, מיין פריינד. א דייטשער דיכטער האט געמאכט פאר א העלד איינעם, וואס האט פון א ווינקעל ערשאסען א לאנדפאכט און האט דערמיט בעפרייט זיין פא־טערלאנד פון א טיראן. דאס איז פעראייביגט געווארען, דאס ווערט געלערענט אויף אויסוועניג אין אלע פרייסישע גימנאזיען... איבריגענס...

ווידער דערהערט זיך א בעפעהל פון קאפיטאן אדאלף:

— אכטונג, גלייך שיסען, וויזיער 500, פייער!

בערקערסבורג ציטערט אויף.

— וואס איז דאס, שלאסער? איהר הערט, דאס איז דאך מאשינגעוועהר!

— יע, הערר מאיאר, מאשינגעוועהר!

געשפאנט הערען זיךביידע צו. קאפיטאן אדאלף'ס שטים דערטראגט זיך:

— אכטונג, גלייך שיסען, וויזיער 400, פייער!

די שיסעריי נאך די בעפעהלען ווערט אלץ שוואכער און שוואכער, און עס נעמט אלץ לענגער צווישען איין שאס און דעם אנדערען.

— די פיינדליכע מאשינגעוועהר טוען, ווייזט אויס, זייער ארבייט, — שטאמעלט שלאסער, בלייך ווערענדיג. בערקערס־בורג קוקט ערגעץ פאר זיך און בייסט שווייגענדיג די עקען פון ויינע וואנצעס. דעם אדיוטאנט ווייזט איצט אויס, ווי דער מאיאר וואלט זיך פלוצלונג געענדערט, און ער איז שוין מעהר ניט דערזעלבער מענש וואס פריהער, וואס האט געדעדט ווע־גען שילער און „דאן קארלאס", וואס איז געווען א „בירגער פון דער וועלט", וועלכען ער האט אזוי ווייניג געקענט פערשטעהן אין דער איצטיגער לאגע.

שלאסער איז גערעכט, בערקערסבורג איז איצט אן אנדערער. אין צוויי מינוטען איז ער פלוצלונג, אהן וועלכער עס איז אויסערליכער אורזאך, געווארען אנאנדערער. די גע־וועהנליכע הארטקייט און גרויזאמקייט, וועלכע ער האט פריהער געשיינט צו האבען ארא בגעווארפען פון זיך, האבען זיך ווידער

מיט די באַקאַנטען אויס'הרג'ענען, אַ שאָד צו פערלירען אויף זיי פולווער און בליי!

אויף בערקערסבורג'ס געזיכט בעוויזט זיך דערזעלבער שמייכעל, וואָס מען זעהט ביי איהם אין דעם איצטיגען קריעג ווען נאָר די סיטואַציאָן ווערט קריטיש, און ער קוקט אויף אַלץ רוהיג, אין דעם ליכט פון זיין אייגענער פילאָסאָפיע, די עקזיס־טענץ פון וועלכער קיינער האָט ביי איהם ניט פערדעכטיגט פאַר דעם קריעג.

— איהר זאָגט אַזוי, שלאָסער, ווייל איהר אויך... איהר וועט זיך ניט בעליידיגען, איהר האָט דאָך געוואָלט ווערען ריכ־טער־פילאָסאָף...

— ניין, ניין, הערר מאַיאָר...

— נו, מיט איין וואָרט, דערפאַר, ווייל איהר ווידערהאָלט דאָס, וואָס אנדערע האָבען אייך געזאָגט. איך קוק אויף דעם גאָר אנדערש!

— אנדערש, הערר מאַיאָר?

— יע, מיט אייער ערלויבניש, הערר לייטענאַנט!

— איך בעט אייך, זאָגט ווי, הערר מאַיאָר.

בערקערסבורג רעדט נאָכדענקענד:

— רעדענדיג וועגען אָט די בויערען, פערגעסט איהר גאָר, אז מיר געפינען זיך אין פיינדליכען לאנד, און ניט אומגעקערט.

— דאָס פערגעס איך ניט, הערר מאַיאָר.

— נו, אויב איהר פערגעסט דאָס ניט, איז... ביי אונז קענען קיין פּאַרטיזאַנען ניט זיין, ווייל אונזער בעפעלקערונג האָט נאָך ניט געליטען פון די שרעקען פון קריעג! נאָר אין דעם לאנד, אין וועלכען די קריעגספוריע האָט זיך צושפּיעלט, ווערען געבאָרען פּאַרטיזאַנען!

— און איהר גלויבט, אז אין דעם געגעבענעם פאַל קען דאָס אויך ביי אונז זיין אַזוי, הערר מאַיאָר?

— ניט נאָר גלויב איך, הערר לייטענאַנט, נאָר איך קען זאָגען, אז איך האַלט דאָס פאַר אונצווייפעלהאַפט...

שלאָסער קוקט אָן דעם מאַיאָר מיט אונבעשרייבליכער פערוואונדערונג.

— קוקט מיך ניט אָן אַזוי, הערר לייטענאַנט, וואָס איך האָב דעם מוט, אין אָט דער שעה פון ענטשיידונג איבער לעבען און טויט, איך, אַ קעניגליך־פּרייסישער אָפיציר, צו זאָגען אייך דעם אמת, קענען אַלע דיענסטפאָרשריפטען. געוויס איז דאָס אַ סוביעקטיווער אמת, ווי איך פיהל איהם. אָבער יעדער אמת איז דאָך סוביעקטיוו, אין דעם קענען מיר זיך דאָך איצט

מיט אן אייזיינער רוהינקייט ווענדט זיך איצט דער מאיאר צום האָרניסט:

— בלאָזט, האָרניסט, דעם סיגנאל פאר די אנדערע קאָמ־פּאניען זיך צונויפזאמלען!

— בעפעהל, הערר מאיאָר!

דער סאָלדאט טראָגט צו די טראָמפּייט צום מויל. שארף, רופענד, בעטויבענד קלינגען אָב די טענער ווייט אין וואלד, און צווישען זיי הערט זיך די שיסעריי פון דער ליניע, וואָס ליגט אין דעקונג ביים ראנד פון וואלד. א צווייטער, א דריטער, א פערטער האָרניסט ענטפערען ווייט אין וואלד, — א צייכען, אז די קאָמפּאניענפיהרער האָבען פערשטאַנען דעם סיגנאל.

ווידער אדאָלף׳ס שטים:

— אכטונג, שיסען פון לינקס, ריכטונג קירכטורעם פון ראָזעי, וויזיער 600, פייער!

— גוט טיוועל! — שעלט דער מאיאָר, — זיי קומען אָן, ווייזט אויס, פון אלע זייטען, שלאָסער!

— אזוי ווייזט דאָס אויס, הערר מאיאָר!

— לאָמיר פערהויכערען, שלאָסער, דאָס וועט בערוהיגען די נערוועןן! — בערקערסבורג רייכט דעם אדיוטאַנט זיין פולען פּאַרטסיגאר. יענער נעמט דאָס מאָל שווייגענדיג א ציגאר, בייסט אָב די שפּיץ און צינדט אָן.

— אכטונג, שיסען גלייך, וויזיער 500, פייער! — בע־פעהלט קאפּיטאן אדאָלף.

— ווי זיי זיינען דאָס אָנגעקומען ווי א שטורעם! אונבע־מערקט זיינען זיי צוגעקומען, כמעט אונבעמערקט, שלאָסער!

דער לייטענאנט צוקט מיט די אַקסלען:

— דאָ איז דאָך מיט זיי די גאנצע בעפעלקערונג, הערר מאיאָר! דאָס דאָרף זעהט נאָר אויס אזוי פריעדליך. די בויערען מאכען נארישע געזיכטער. אָבער ווער ווייס, וואָס אין יענע קליינע הייזער און הינטער די ווענט איז פערבאָרגען!

— איהר זייט גערעכט, שלאָסער, דאָס קען מען אין א פיינדליכען לאנד קיין מאָל ניט וויסען!

דער לייטענאַנט שפּייט אויס, און עס איז זעהר שווער צו זאָגען, צי איז דאָס איהם א שטיקעל דעקבלאט פון ציגאר גע־בליבען אין מויל, אָדער ער וויל מיט דעם שפּייען אויסדריקען פעראכטונג וועגען דעם, וואָס ער וויל זאגען.

— הינט זיינען זיי, הערר מאיאָר, אלע ביז איינעם פער־באָרגענע פעררעטער, וואו מען קוקט זיך נאָר ניט אום! מען וואָלט זיי נעדארפט אלעמען אויף די בוימער צוהענגען אָדער

פאן טראוטמאן וויל מעהר ניט אויספרואווען די סאלראטען. ער רופט אויס:

— א גוטען אווענד, קאמעראדען!

— א גוטען אווענד, הערר קאמאנדיר, — שאלט דער ענט־פער דורך דעם וואלד.

—א גוטען אווענד, הערר קאפיטאן!

—א גוטען אווענד, הערר קאמאנדיר!

פערטראכט נעהט טראוטמאן צוריק צו דער עפנונג אין וואלד... צום בירגער פון דער וועלט!... ער הייסט זיך געבען זיין פערד, שפרינגט ארויף אין זאטעל און מיט א שטומער בעגריי־סונג רייט ער אוועק. זיין פליכט פאדערט, אז ער זאל אויך בע־זוכען די אנדערע קאמפאניען פון זיין רעגימענט, וואס זיינען אין רעזערווע.

## XI

א גוטע האלבע שעה איז אריבער זינט דער קאמאנדיר איז אוועק. פלוצלונג דערהערט זיך פון דעם וואלדבערג די הילכינגע שטים פון קאפיטאן אדאלף:

— אכטונג! שיסען גלייך! וויזיער 800! פייער!

בערקערטסבורג ציטערט אויף.

— איז די געשיכטע דאך ניט געוועען קיין שווינדעל, — זאגט ער צו זיין אדיוטאנט.

די שלאנקע פיגור פון לייטענאנט גלייכט זיך אויס. קאמפסלוסט בליצט פלוצלונג אויף אין זיינע בלויע אויגען.

— אזוי זעהט דאס אויס, הערר מאיאר, — ענטפערט ער קורץ. דער פריהערינגער געשפרעך, די געשיכטע, די וו כענג־שאפטליכע קאריערע, די ירושה פון אנקעל, — אלץ ווערט איצט פערגעסען. דער איין געדאנק: „צושלאגען זיי!“ בעהערשט איצט די יונגע אפיצירען מיט דעמאנישער קראפט.

ווידער דערהערט זיך קאפיטאן אדאלף׳ס שטים:

— אכטונג, ריכטונג הויכע פאפעל, שיסען פון רעכטס, ווי־זיער 900, פייער!

די קלאפעריי פון די אינפאנטעריעגעוועהר איז איצט דער־כער פון יעדען אנדערען געראויש, העכער אויף פון דער שטים פון דעם קאמאנדירענדען. א דערשראקענער פליהט מיט א געשריי ארויס א פויגעל פון די הויכע צווייגען פון א טאנענבוים, וואס שטעהט לעבען דעם אוראלטען בוק, אונטער וועלכען דער מאיאר האט געמאכט זיין בעאבאכטונגספונקט. דער פויגעל פליהט טיפער אין וואלד.

דער סאָלדאַט איבערלעגט זיך:

— ווייזיער צוועלף הונדערט, הערר קאָמאַנדיר!

— ריכטיג, אונגעפעהר ריכטיג, און ווי אזוי ווייסט איהר דאָס?

— ווייל דער הערר קאפּיטאַן האָט פריהער בעפאָהלען, ווי־זיער צוועלף הונדערט, ווען פיינדליכע קאָלאָנען וועלען זיך בעווייזען ביי דער גרויסער פּאַפּעל, וואו דער פעלדוועג קומט זיך צונויף מיט דעם שאָסע, הערר קאָמאַנדיר! — ערקלערט דער סאָלדאַט אָפענהערציג.

דער קאָמאַנדיר געהט און זאָגט:

— א גוטען אָוועגד, מיין פריינד, גאָט זאָל אייך היטען!

— א גוטען אָוועגד, הערר קאָמאַנדיר!

פאַן טראוטמאַן געהט אין דער לענג פון דער רייהע און שטעלט זיך אָב לעבען אַנאַנדער סאָלדאַט. דער קערט זיך שוין ניט אום, ווען ער דערהערט דעם קאָמאַנדיר'ס: גוטען אָוועגד, מיין פריינד! ער איז פערשטענדליכער.

— זאָגט נאָר, מיין פריינד, ווען איהר נעמט ווייזיער צוועלף הונדערט, האלט איהר דאן אויף'ן מיטען פון ציעל?

— ניין, הערר קאָמאַנדיר!

— וואו דען?

— ווען עס האנדעלט זיך אום א מענשען, דאַרף איך ציעלען איבער דעם קאָפּ, הערר קאָמאַנדיר!

— וואָרום דען איבער דעם קאָפּ, מיין פריינד?

— ווייל אזוי וועט פליהען די קויל, הערר קאָמאַנדיר!

— וואָס מיינט איהר דערמיט, מיין פריינד?

— אויף דעם גרונד פון געזעץ פון פאלען, הערר קאָמאַנדיר!

— וואָס איז געוועזען אייער ציוויל בערוף, מיין פריינד?

— איך בין דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע, הערר קאָמאַנדיר!

דער קאָמאַנדיר בוינט זיך איין צום סאָלדאַט.

— הייסט דאָס א וואָלונטיר. און וואָס האָט איהר שטודירט?

— פיזיק, הערר קאָמאַנדיר!

איז דאָס, ווייזט אויס, דיזעלבע געשיכטע, ניט קוקענדיג אויף דעם גאַנצען דריל, אלץ דאָסזעלבע, טראַכט דער קאָמאַנדיר. און זיי, דאָרט אויבען, רעדען און שרייבען און דרוקען וועגען עפּעס א גייסט פון דער ארמיי... דער גייסט פון דער ארמיי... דאָס ווייזיער, וואָס דער הערר לייטענאַנט האָט בעפאָהלען!

מינוט שטעהט ער שוין הינטער דער שיצענליניע. קאפיטאן ארצאלף איילט צו איהם אנטקעגען.

— שטערט אייך ניט, איך בעט אייך, הערר קאפיטאן!

נאכדעם, וואס ער האט געהערט, האט דער קאמאנדיר מעהר ניט קיין לוסט צו פילאסאפישע געשפרעכען. די ארמיי בע־שטעהט שוין פון צופיעל פערשידענארטיגע עלעמענטען, דענקט ער. און וואס איז דען דער וואונדער? קענען דען אלע האבען איין גייסט? אזוי שרייבען נאר די צייטונגען טאג־טעגליך, און אזוי דענקט מען אין די נאר הויכע ספערען. אט די מענשען האלטען זיך אלעמאל פאר גרויסע מענשענקענער, זיינען דאס אבער קיינמאל ניט געווען.

ווער קען דעריבער נאך וויסען, מיט וואס אט דער ארצאלף קען אידם נאך טראקטירען? ביי אלע דייטשען אין קאפ געפינט זיך גיט איבערגעבריייטע פילאסאפיע... זיי אלע האבען פריהער גע־שיינט צו זיין גאר אנדערע, זיינען דאס אבער ניט געווען... א דאנק גאט, די סאלדאטען זיינען גאר אנדערש!

דער קאמאנדיר קומט צו צו א סאלדאט, וואס ליגט אויפ'ן בויך אין הויכען גראז, געוועהר אין האנט, און קוקט גלייך אויף דעם שאסעע.

— ווי רופט מען דיך, מיין זוהן?

דער סאלדאט קערט זיך ניט ווילענדיג אום.

— ליגט, ליגט, קערט זיך ניט אום! — זאגט דער קאמאנ־דיר מיט א ווייכער שטים, — איהר ווייסט דאך, אז די אינ־סטרוקציאנען פערבאטען זיך אומצוקערען.

— בעפעהל, הערר קאמאנדיר!

— וועלכע וויזיער וועט איהר נעמען, מיין פריינד, ווען פיינדליכע רייטער וועלען זיך פלוצלונג בעווייזען דארט אונטען אויפ'ן שאסעע, ביי דעם גרויסען בוים?

— ווי דער הערר לייטענאנט וועט בעפעהלען, הערר קאמאנ־דיר!

— ריכטיג, אבער עס קען דאך טרעפען, מיין פריינד, אז דער הערר לייטענאנט וועט ניט קענען אבגעבען קיין בעפעהל. עס קען דאך טרעפען, אז דער הערר לייטענאנט איז פערוואונדעט אדער געפאלען, וועלכע וויזיער וועט איהר דאן נעמען, ווען פיינדליכע רייטער וועלען זיך פלוצלונג בעווייזען דארט אונטען אויפ'ן שאסעע, ביי דעם גרויסען בוים!

— ביי וועלכען גרויסען בוים, הערר קאמאנדיר?

— ביי דער פאפעל, וואס שטעהט דארט אליין, וואו דער פעלד־וועג קומט זיך צונויף מיט'ן שאסעע, מיין פריינד!

אן אמאטער, א דילעטאנט, העכסטענס, אויף אלע געביעטען פון לעבען, ניט מעהר! דילעטאנט אין לעבען — דאס זאגט שוין מעהר ווי גענוג, אפשר צופיעל! דאס אבער בין איך. און פאר אזא זעלבסטבעוואוסטזיין דארף ניט פערמאכען די אויגען קיין מענש, הערר קאמאנדיר, בעזונדערס אין אזא מאמענט, ווי דער איצטיגער!

— אזוי... אזוי... מורמעלט דער קאמאנדיר אין זיין בארד. זיין געזיכט איז געווארען טיף ערנסט. איבריגענס, קלערט ער, דער מאיאר איז גערעכט: איז דען ניט אלץ איינס, וואס איינער פון אונז דענקט אין דער איצטיגער מינוט, ווען אפשר אין דער נעקסטער... אבער ניט גאנץ הויך ווידערהאלט ער פאר זיך די ווערטער:

— אלס בירגער פון דער וועלט... אינטערעסאנט... בירגער פון דער וועלט! זיינען מיר דאס איבערהויפט געווען, בירגער פון דער וועלט, ווען מיר קענען אזוי דענקען, ווי מיר דענקען איצט? ווען מיר קענען אזוי דענקען, זיינען מיר דען איבער־הויפט געווען בירגער פון דער וועלט? און דאס שטעהט אין „דאן קארלאס“, וואו עס רעדט זיך וועגען אלבא און די נידערלאנדען, וועגען פלאנדערן און בראבאנט, זאנדערבאר, ווי דאס איז געקו־מען אויפ'ן זין דעם מאיאר, און וואס ער האט דערמיט גע־מיינט!... בירגער פון דער וועלט!

בערקערסבורג האט קוים פערשטאנען וואס דער קאמאנדיר האט שטיל פאר זיך גערעדט. און עס קימערט איהם אייגענטליך זעהר ווייניג, וואס קאמאנדיר פאן טראוטמאן, מעג ער אפילו זיין א טיכטיגער סאלדאט, דענקט וועגען שילער און „דאן קאר־לאס“, וועגען איהם, אלס בירגער פון דער וועלט, וועגען פלאנ־דערן און בראבאנט, וואס רופען זיך איצט בעלגיען! דער קא־מאנדיר שיינט דאס צו פיהלען. ער ווענדעט זיך דעריבער צו בערקערסבורג'ען גאנץ קאנווענציאנעל, און לעגענדיג די האנט צום העלם, זאגט ער:

— איך דאנק אייך זעהר, הערר מאיאר! איך געה צו דער שיצענליניע.

— בעפעהל, הערר קאמאנדיר. דאס איז קיין דריי הונדערט מעטער ניט פון דאנען. קאפיטאן אדאלף פון דער אכטער, ווען דער הערר לייטענאנט...

— איך דאנק אייך, הערר מאיאר! א גוטען אווענד!

— א גוטען אווענד, הערר קאמאנדיר!

דער קאמאנדיר נעהמט דורך די ביימער און נאך קנאפע צעהן

קען וועגען שילער! אָבער לאָמיר ענדליך הערען אייערע געדאנ־קען, הערר מאיאָר!

ווידער דערזעלבער שמייכעל אויפ'ן געזיכט פון בערקערס־בורג, וועלכער ווייזט עפּעס איצט איהם, דעם קאָמאנדיר, אויס ווי א נייער מענש.

— יע, הערר קאָמאנדיר, אויף דער וועלט איז קיין זאך ניט אינטערעסאנטער ווי דער מענש. איינער וועט אין אזא מאָמענט דענקען וועגען זיין צואה, אנאנדערער — וועגען זיין געליעב־טער, און איך דענק וועגען שילער!

— מיר דאכט, אין אזא מאָמענט דארף מען פריהער פון אלץ דענקען וועגען פאטערלאנד, וועגען קעניג און וועגען אייגע־נעם פליכט, הערר מאיאָר!

— בעפעהל, הערר קאָמאנדיר! געוועהנליך דארף דאָס טאַ־קי אזוי זיין... און דאָך זיינען די מענשען גאר ניט אזוי, ווי מען שטעלט זיך זיי פאר, ווען מען לעזט די איצטיגע צייטונגען. לויט די צייטונגען קומט אויס, אז אלע האָבען איצט דיזעלבינע געדאנקען און מיינונגען, און דאָך...

דעם קאָמאנדיר דערעסט דער געשפּרעך. ער בענוצט זיך מיט דער געלעגענהייט איבערצושלאָגען און זאָגט:

— אָבער איהר האָט דאָך געוואָלט עפּעס זאָגען וועגען שילער, הערר מאיאָר!

— יע, וועגען שילער. ווען איהר האָט מיך געפרעגט וועגען אונטערשיד צווישען זיעבציגסטען יאָהר און איצט, האָב איך זיך דערמאָנט אן ארט אין „דאָן קארלאָס"...

— וועלכען ארט פון „דאן קארלאס", הערר מאיאָר? דאָס אינטערעסירט מיך איצט זעהר.

— ווי איז דאָס דאָרטען? אזוי אונגעפעהר: „מיין האר, דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך זיך ניט צוגעגרייט אויסצודרי־קען אין ווערטער פון אייערען אן אונטערטאן דאָס, וואָס איך האָב געטראכט אלס בירגער פון דער וועלט, ווייל, גלויבענדיג, אז איך בין שוין מעהר מיט דער קרוין ניט פערבונדען, האָב איך געמיינט, אז איך בין בעפרייט פון דער נויטווענדיגקייט אייך איבערצוגעבען די אורזאכען פון מיין האנדלונג!"

א לאנגע פּאוזע. ענדליך זאגט דער קאָמאנדיר:

— איך האָב אייך קיינמאָל ניט געהאלטען פאר אזא ליטע־ראט, הערר מאיאָר!

— בין איך דאָס נאר ניט, הערר קאָמאנדיר. איך בין נאר

זאָל דאָס נעמען, דאַן זיינען מיר דאָך אונטער אונזער פריץ געפלויגען ווי א שטורעם!

בערקערסבורג שמייכעלט איראָניש.

— אָבער דאַן איז אין דער שפּיץ פון דעם גאַנצען געשטאַנען איינער מאָלטקע, הערר קאָמאַנדיר!

— איהר מיינט ניט דערמיט, הערר מאַיאָר...

— ניין, ניין, ווי קען איך דאָס מיינען!... אבער דאַן, איהר געדענקט? איז דאָס געגאַנגען איינס נאָך דעם אנדערען... וויי־סענבורג, ווערט, סט. פּריוואַט, גראַוועלאָט, סעדאַן, פּאַריז... און איצט? מיר שלעפּען זיך מיט קוים בעמערקבארע טריט!

— אויב איהר דענקט אזוי, הערר מאַיאָר! — טראַוטמאַן שמייכעלט.

— ניין, איך בין מיט אייך איינשטימיג, הערר קאָמאַנדיר!

דער קאָמאַנדיר טראַכט זיך: איבינג דיזעלבע „שאַז"! ניין, איך בין מיט אייך איינשטימיג, הערר קאָמאַנדיר! ער האָט גאָר קיין אהנונג ניט, וועלכע זעלבסטשטענדיגע, אום ניט צו זאָגען רעוואָלוציאָנערע, געדאַנקען בעהאַלטען זיך אונטער דעם אונדורכדרינגליכען שטערן פון בערקערסבורג, וואָס ערפילט זיין דיענסט זעהר גוט זייט יאָהרען אין צעהנדליגער יאָהרען, און אין וועמעס זעל עס געפינען זיך זאכען, וואָס האָבען שוין לאַנג איבערגעלאָזען הינטער זיך אלע אָנגענומענע בעגריפען און מיינונגען.

— איז וואָס דענקט איהר וועגען דעם? פרעגט דער קאָמאַנ־דיר, אום ניט אבצוברעכען דעם געשפּרעך.

— אין דיענסט האָב איך א פּרינציפּ גאָר ניט צו דענקען, הערר קאָמאַנדיר!

— נו, און אויסער דיענסט?

בערקערסבורג שמייכעלט סאַרקאַסטיש. דער שמייכעל איז זעהר אונאַנגענעהם דעם קאָמאַנדיר, און ער זאָגט:

— איהר מעגט מיט מיר רעדען פריי, הערר מאַיאָר!

דער מאַיאָר טראַכט: — יע, דער טייוועל זאָל דאָס נעמען, היינט וואָלט מען איינמאָל פאַר אלעמאָל געקענט זיך דורכ־רעדען, אויב, נאַטירליך, אדאָלף'ס מעלדונג איז ניט קיין ליגען. אָבער וועגען דעם קען מען דאָך ניט זיין זיכער. איז שוין גלייכער צו שווייגען.

— נו. הערר מאַיאָר?

— איך האָב זיך דערמאָנט אָן שילער, הערר קאָמאַנדיר!

— דאָס איז טאַקי אן איינפאַל, הערר מאַיאָר, דאַ אין וואַלד הינטער טראַיאַן, ערווארטענדיג א שטאַרקערען פיינד, צו דענ־

## X

— גוטען אווענד, הערר מאיאָר!

די שטים פון קאָמאַנדיר פאָן טראוטמאַן קלינגט אב אין וואלד.

בערקערסבורג קערט זיך אום.

— איז דאָס ניט געווען די שטים פון קאָמאַנדיר, שלאָסער?

— ריכטיג, הערר מאיאָר!

בערקערסבורג וויל זאגען דעם אדיוטאנט, ער זאָל ארויס־געהן אנטקעגען און אנווייזען דעם קאָמאַנדיר דעם וועג, אָבער דאָ בעווייזט זיך דעם קאָמאַנדיר׳ס פערד צווישען די בוימער.

— אַזאַ שווערער וועג, ריכטיגער, דאָ איז גאר קיין וועג ני־טאָ צווישען די פערפלאָנטערטע צווייגען, — זאגט דער קאָ־מאַנדיר פון רעגימענט.

טראוטמאַן שפּרינגט אראָב פון פערד אזוי פלינק, אז קיינעם וואלט ניט איינגעפאלען. אז ער איז שוין אלט זעקס און פופ־ציג יאָהר.

— נעמט דעם הערן קאָמאַנדיר׳ס פערד! — בעפעהלט בערקערסבורג דעם הארניסט, וואָס שטעהט אונטער׳ן בוים מיט זיין טראַמפּייט:

דער סאָלדאַט פיהרט דאָס פערד אָב עטליכע טריט און לאזט עס אויפ׳ן גראז.

— איך האָב געוואָלט זעהן, וואָס דאָ טוט זיך ביי אייך, הערר מאיאָר.

— בעפעהל, הערר קאָמאַנדיר!

— קיין נייעס פון דער שיצענליניע, הערר מאיאָר? קיין מעלדונג?

— אבסאָלוט קיין נייעס, הערר קאָמאַנדיר!

— האָבען אונז אמאָל די לופטפליהער גאר ניט אָבגענארט, הערר מאיאָר?

— דאָס קלער איך אויך שוין, הערר קאָמאַנדיר! און הערר לייטענאנט שלאָסער טיילט אויך מיין אנזיכט...

— אזוי... מען קען אָבער קיינמאָל ניט וויסען אויף זיכער...

— געוויס קען מען ניט, הערר קאָמאַנדיר! איך געפין אָי־בערהויפּט, אז די הערען פראָנצויזען שפּיעלען זיך דאָס מאָל מיט אונז.

— איך האָב דיזעלבע מיינונג, הערר מאיאָר! אין יאָהר ויעבציג איז געווען גאר אנאנדער „שאַז"! אמת, איך ווייס דאָס אַליין נאָר פון דעם, וואָס מען דערצעהלט. אָבער, דער טייוועל

ערנסטען געשפרעך און אין אזא מינוט, אינטערעסירט איהר זיך מיט דעם, וואס מען רעדט אין קאזינא...

אין דער ווילדער אייפערזוכט, וואס בעהערשט דעם מא־יאר ביי שלאסער'ס פראגע, פערגעסט ער יעדע פארזיכטיגקייט און פרעגט:

— זאגט מיר איצט, שלאסער, אויף אייער עהרע און געוויסען, האט מען ווען אין קאזינא דערמאנט דעם נאמען פון מיין פרוי צוזאמען מיט הערן קאפיטאן אדאלף?

שלאסער קוקט אויפ'ן מאיאר מיט זיינע קלארע, גרויסע, טונקעלברוינע אויגען און ענטפערט אין אן איבערצייגענדען טאן:

— אויף דער פראגע קען איך דעם הערן מאיאר אויף מיין עהרע און געוויסען ענטפערען: ניין. קיינמאל האט מען אין מיין געגענווארט אין קאזינא ניט גערעדט וועגען דער פרוי פון מאיאר און הערן קאפיטאן אדאלף אין אירגענד וועלכען צוזאמענהאנג.

בערקערסבורג ציטערט אויף.

— זאגט איהר, אז קיינמאל ניט?

— אויף מיין עהרע און געוויסען, הערר מאיאר, קיינמאל ניט!

דער געשפרעך ווערט אונטערבראכען.

א הארניסט קומט צו מיט א מעלדונג:

— שפיעלמאן ווינקלער פון דער אכטער קאמפאניע איז קאמאנדירט צום שטאב פון הערן מאיאר פאן בערקערסבורג, אנשטאט דעם הארניסט שווייגלער.

—איהר זייט פון דער אכטער?

— צו בעפעהל, הערר מאיאר!

— איהר קענט דאן גאט דאנקען פאר דאס גליק אדער אונ־גליק, לויט אייערע פערזענליכע אנשויאונגען, וואס איהר זייט פון דער אכטער, און מען האט אייך קאמאנדירט אהער. שטעלט זיך אונטער יענעם בוים! דארט איז אייער פארגענגער געשטא־נען.

— בעפעהל, הערר מאיאר!

בערקערסבורג הויבט זיך אויף, נעמט דעם צאיס אין האנט און געהט אראב דעם בערגעל די פאר הונדערט מעטער ביז דעם ראנד פון וואלד. אין א ווײלע ארום קומט ער צוריק.

— מען קען אין ערגעץ גארניט זעהן, שלאסער! די פליהער־מעלדונג איז געווען ניט מעהר ווי א שווינדעל.

— און קאפיטאן אדאלף האָט אייך קיינמאָל ניט פערטרויט קיין סודות, הערר לייטענאנט?

— ניין, הערר מאיאָר, אזא זאך געדענק איך פון איהם ניט. אָבער מיר, אונפערהייראטע, שטעהען איבערהויפט אין נאָהנטע־רע פערבינדונגען צווישען זיך, ווי די פערהייראטע הערען אין רעגימענט. מיר עסען יעדען טאָג איין מאָל אין קאזינאָ, און דאָ טרעפט פון צייט צו צייט, אז מען האָט צווישען זיך אן אינטי־מען געשפרעך. אמאָל טרעפט אויך, מען ערלויבט זיך א וויץ, וועלכען עס וואָלט גלייכער און אנשטענדיגער געווען ניט צו זאָגען, דאָס איז אבער אלץ, הערר מאיאָר.

— וואָס מיינט איהר דערמיט, שלאָסער — א וויץ, וואָס איז ניט גאנץ אנשטענדיג?

— נו, איהר ווייסט דאָך, אז מען רעדט וועגען דעם, וועגען יענעם...

— און וועגען די דאמען פון רעגימענט אויך? — דער מאיאָר ווארפט אויף איהם און אויספרואווענדען, דורכפאָרשענ־דען בליק.

שלאָסער ענטפערט גאנץ אונשולדיג:

— דאָס איז דאך זעלבסטפערשטענדליך, הערר מאיאָר, וועגען די דאמען פון רעגימענט רעדט מען אויך פון צייט צו צייט ביים טיש פון די אונפערהייראטע... אָבער דאָס קען איך דעם העררן מאיאָר פערזיכערען... נאָר אין די רעספעקטפולסטע אויסדרוקען.

בערקערסבורג שמייכעלט:

— נאָר אין די רעספעקטפולסטע אוסדרוקען, שלאָסער?

— נו, גאנץ געוויס, הערר מאיאָר!

— ווי די יוגענד שיינט זיך דאָס צו פערבעסערען פון יאָהר צו יאָהר! — רעדט דער מאיאָר אזוי ווי צו זיך אליין. — אין מיין צייט, ווען איך בין נאָך געווען לייטענאנט, פלעגען מיר אויך רעדען. און זעהר גערן, וועגען די דאמען, אָבער איך קען אייך פערזיכערען, אז מיר האָבען פאר יעדער איינער נעהאָט עפּעס א צונאָמען.

— אָ, צונעמען גיבען מיר זיי איצט אויך, הערר מאיאָר!

— און איהר שליסט זיי אויך איין אין די רעספעקטפולסטע אויסדרוקען, שלאסער?

— אונטער אומשטענדען יע, הערר מאיאָר, ווען זיי זיינען נאָר אזוי אונשולדיג, ווי אונזערע צונעמען. אָבער אפשר האָט דער הערר מאיאָר א בעזונדערע פראגע אין זינען, ווייל נאָך אזא

אלביאָן, לויט דעם איצטיגען אפיציעלען אויסדרוק. דערביי פלעגט זי מאכען אזא בעזונדערען זשעסט, פלעגט אזוי צוריק־ווארפען די ארבעל פון איהר קלייד. איהר געדענקט, עפּעס אזוי...

— איך געדענק די גנעדיגע פרוי, נאָר דעקאָלטירט און מיט קורצע ארבעל, הערר מאיאָר! איך האָב זי איינמאָל געזעהן אין א שטאָהלגרויען קלייד מיט א שימערענדען איבערװאורף, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי א זילבערנער פאנצער אָדער א שלאנגענהויט!

— אזוי?... דעקאָלטירט נאָר... גנב וואָס איהר זייט! און שלאַנגענהויט.... דער פערגלייך איז א געלונגענער, ש.אסער, איך מוז אייך דאָס זאָגען, זעהר א געלונגענער!

דער מאיאָר ווערט אנשווייגען און זיצט א ווײלע פער־טראכט. ער בייסט זיינע וואנצעס, און שלאסער הויבט אן מורא צו האבען, אז ער האָט איהם מיט זיין פערגלייך בעליידיגט. ער פרעגט דעריבער בעשיידען:

— דאָס איז געװען א פערגלייך, וואָס איז מיר גראד נעקו־מען אויף די ליפּען, הערר מאיאָר, איך דאַף, אז דער הערר מאיאָר האָט דעם פערגלייך ניט פערשטאנען שלעכט.

— אך, וואָס רעדט איהר, שלאסער! פערגלייבען, וואָס רייי־סען זיך אראָב פון צונג, זיינען געוועהנליך גראד די ריכטיגע; ווער עס איבערלעגט זיך לאנג, דער געפינט קיינמאָל ניט דעם פּאסענדען פערגלייך. דערצו איז אייער פערגלייך גראד דער אמת, מיין טייערער!

ווידער שוויינט דער מאיאָר און קוקט פערטראכט פאר זיך אויפ׳ן גראז, וואו עטליכע פלייסיגע אמייזען לויפען אום הין און הער און שלעפּען אין זייער וואוינונג פיצעלעך האָלץ.

דאן ווענדט זיך דער מאיאָר ראש און דירעקט צו שלאָסער און פרעגט איהם פּלוצלונג:

— איהר זייט זעהר נאָהנט בעפריינדט מיט אדאָלף׳ן פון דער אכטער קאָמפּאניע?

ערשטוינט קוקט איהם אָן דער לייטענאנט.

— זעהר נאהנט בעפריינדט — דאָס איז אפשר צופיעל געזאָגט, הערר מאיאָר. זעהר נאָהנט בעפריינדט הייסט ביי מיר עפּעס אנדערש:

— וואָס דען הייסט ביי אייך א נאָהנטע פריינדשאפט, שלאָ־סער? —

— ווען, צוםביישפּיעל, מען פערטרויט איינער דעם אנ־דערען אלע סודות.

די אַלע ווייסען מיט אמאָל ניט פון קיין בעסערער זאַך, ווי זיך איבערצושיסען מיט טורקאָס פון נאָרד אפריקא! און דאָס אַלץ אין נאָמען פון אַן אידעע, אַ גרויסער, בעפרייענדער אידעע, אויב איהר ווילט. אַ גרויסע רעטעניש שטעהט דאָ פאַר אונז, שלאָסער!

— יע, דאָס איז אַ גרויסע רעטעניש, העדר מאיאָר!

— א גרויסע פסיכאָלאָגישע, פעלקערפסיכאָלאָגישע רע־טעניש. אזעלכע רעטענישען זיינען די ערגסטע און שווער־סטע, ווייל פערענטפערען זיי וועט נאָר די געשיכטע ערשט דאַן, ווען מיר וועלען שוין לאנג אויף דער וועלט ניט זיין. ערשט אונזערע אייניקלעך וועלען קענען ענטשיידען, וואָס אייגענטליך מיר ווילען איצט, אָדער ריכטיגער, וואָס אַנדערע ווילען דורך אונז. ווייל אין דער אמת'ען זיינען מיר פיעל פאסיווער, ווי מיר אליין דענקען. דאָס האָב איך אייך שוין פריהער געזאָגט מיט מיין ציטאַט פון געטהע'ס פאוסט. דאָך...

דער מאיאָר האָט געענדיגט זיין זופ און האָט אוועקגע־שטעלט דעם טעלער אויפ'ן גראָז.

— איהר ווילט א ציגאר, שלאָסער?

— איך וויל אייך ניט בערויבען, העדר מאיאָר.

— בערויבען? נארישקייטען! איך האָב א פולען פארטסי־גאר. מיין אלטער איז געקומען די גליקליכע אידעע צו שיקען מיר אהער מיינע בעליעבטע ציגארען; אידר, אַן אונפעריהייראטער, האָט גאר קיין אהנונג ניט, וואָס פאר א גליק עס איז צו האָבען אזא ליעב ווייבעל.

— ווענען דעם האָב איך ווירקליך ניט קיין אהנונג, העדר מאיאָר!

— זעהט איהר! און אויב אדאלף'ס מעלדונג איז אַן אמת. וועל איך היינט קוים צייט האָבען פארטיג צו ווערען מיט מיין פארטסיגאר. טהוט מיר דעריבער די נעפעליגקייט און העלפט מיר אין דעם, שלאָסער!

— מיט דעם גרעסטען פערגניגען, העדר מאיאָר!

— איך דערמאָן זיך איצט קלאָר, ווי איהר האָט מיט פער־גניגען געראויכערט אָט טאקע די ציגארען נאָך א מיטאג ביי מיין פרוי.

— זאגט, מיט ענטוזיאזם, העדר מאיאָר!

— נו, איך בין דאָך ניט קיין דיכטער!... אבער גוט זיינען דאָך געוועזען די מיטאָגען ביי מיין פרוי, ווען זי פלעגט אַליין צוריכטען דעם סאלאט. זי פלעגט אלע מאָל זאָגען, אז זי האָט זיך דאָס אויסגעלערענט אין ענגלאנד, אין דעם פערהעטערישען

— אין עטליכע רעגימענטען איז דאָס געווען אזוי, הערר מאיאָר...

אין עטליכע, זאָגט איהר? אין אַלע! איינס האָט אָנגע־שטעקט דאָס אנדערע. פון זינט אונזערע ניי געבאַקענע באַ־ראָנען און דאָרפּישע וואָל אַריסטאָקראַטען האָבען אָנגעהויבען זאָגען אַ רעה אין אונזער בעליעבטען פאָטערלאַנד, און זיין מאַיעסטעט איז געזעסען ביי איין טיש מיט די בערזען קעניגען פון האמבורג און פראַנקפורט, — איז דאָס ניט אמת, שלאָסער?

— דאָס איז געוויס אמת, הערר מאיאָר!

— און די אַלע רייזען, און די קיעלער וואָך, די קייזער־ליכע אַקציען־געזעלשאַפט, און די אַלע אַנדערע זאַכען! איהר מיינט אפשר, אז איך האָב אַ טעות, פערשטעה ניט אום וואָס דאָ האָט זיך געהאַנדעלט? דאָ האַנדעלט זיך ניט מעהר און ניט ווענינער, ווי וועגען וועלטהערשאַפט, אָדער ווי יענע העררען רופען דאָס, קאַפּיטאַליזם. דאָס אַלץ האָב איך פערשטאַנען, נאָכדעם ווי איך האָב וועגען דעם פיעל נאָכגעדענקט אין שטילע טעג, זיצענדיג אויף מיין פערד. דעריבער טאַקי האָב איך פריהער געערדט וועגען מיראַבאַ. ער האָט דאָך אויך אונטער געוויסע בעדינגונגען געוואָלט רעטען דאָס קעניגרייך פון לוד־וויג דעם זעכצעהנטען, ער האָט דאָך צייטענווייז געשפּיעלט די ראָל פון אַ פריינד פון מאַריע אַנטואַנעט, כאָטש ער איז געווען אידר געבאָרענער פיינד... און דאָך...

— און דאָך, הערר מאיאָר?

— איך שטעה און וואונדער זיך און שטוין, וועלכע קראַפט עס האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען פון די טיפסטע טיפען פון פאָלק, אַ פאָלק, וואָס קעמפט איצט. איך האָב מורא, פאַר זיין עקזיסטענץ!

— פאַרוואָס האָט איהר מורא, הערר מאַיאָר?

— דאָס איז מיין פּריוואַטע מיינונג, שלאָסער, און איהר דאַרפט דאָס קיינעם ניט זאָגען, אפילו ווען די געלעגענהייט דערצו וועט זיך מאַכען.

— איך וועל מיך היטען, הערר מאיאָר!

— יע, איך בעט אייך! אָבער זעהט נאָר, ווער אונזערע נאָהנטסטע מיטאַרבייטער זיינען! זעהט, וועלכע אונגעוועהנליכע גייסטיגע, מאָראַלישע און אַרטיסטישע קרעפטען עס שטעקען אין אָט די יונגען! איהר זייט אַ דיכטער, האַמאַן איז כמעט אַ מאַלער, אַדאָלף איז אַ געבאָרענער מוזיקער און קאָמפּאָניסט! דאָס פאַלען מיר נאָר צופעליג איין דריי אין איין איינציגען באַטאַליאָן. איז דאָס ניט זאָנדערבאַר, שלאָסער? און אָט

— אויסגעצייכענט, — זאָגט לייטענאַנט שלאָסער.

דער מאַיאָר שמייכעלט.

— יע, מיין ווירדיגער קאַמעראַד, ווען מען האָט פון אַכט אין דער פריה ביז פּינף נאָכמיטאָג קיין זאַך ניט געהאַט אין מויל, קען אַפּילו אַרבעסוואורשט מיט שוויינענפעטס זיין אַ גוט געריכט. יע, יע... איבריגענס, דאָס איז דאָך איינפאַך אונגלויבליך! כאָטש דעם אמת זאָגענדיג, זיינען אונזערע יונגען מייסטער, זיי פערשטעהען ווי צו קאָכען ניט ערגער פון די שעפען אין די בולוואַר־רעסטאָראַנען, אין וועלכע מיר וועלען נאָך, מיט גאָט'ס הילף, קומען! אויב ניט מ י ר, איז אַנדערע!...

און דאָך איז דאָס איינפאַך אונגלויבליך, שלאָסער!

— וואָס מיינט דער הערר מאַיאָר?

— וואָס מען קען ביי דעם לוקסוס, וואָס האָט געהערשט אין דער אַרמיי, נאָך פערעסען אַזעלכע זאַכען.

— דענקט דען ווירקליך דער הערר מאַיאָר, אַז דער לוקסוס אין דער אַרמיי איז געווען אַזוי גרויס?

— איך גלויב אַזוי, שלאָסער! איך רעד דאָ נאַטירליך ניט וועגען אייך, די אָנוועזענדע זיינען דאָך, ווי איהר ווייסט, אַלעמאָל אויסגעשלאָסען. דערצו זייט איהר נאָך אַ קינד פון בערלין, און דאָס אַליין קען שוין ענטשולדיגען פיעלע זאַכען אויף דעם געביעט. אָבער אַנדערע! זיין מאַיעסטעט האָט גענוג געפּרעדיגט געגען לוקסוס. דאָס האָט אָבער ווייניג געהאָלפען, און דאַן, ווי בעקאַנט, פּערדאַרבען דאָך שלעכטע ביישפּיעלען די גוטע זיטען. איהר דאַרפט אויף מיר ניט פאַראיבעל האָבען, וואָס איך רעד היינט מיט אייך אַזוי אָפענהערציג, אין דער איצטיגער שעה! אָבער דאָס אַלץ איז ריכטיג!

— וואָרום זאָל איך אויף אייך פאַראיבעל האָבען, הערר מאַיאָר?

— יע, ריכטיג, שלאָסער!... אַזוי איז דאָך טאַקע געוועזן! קיין לאָקאַל איז דאָך ניט געווען גענוג רייך, קיין וויין צו טייער, קיין פרוי צו פיין! און די אויטאָמאָבילען און די הייראַטען!

— דער הערר מאַיאָר אורטיילט זעהר שטרענג.

— שטרענג, מיין ליעבער, שטרענג, דאָס הייסט ביי אייך שטרענג! — זאָגט בערקערסבורג מיט אַ הויכען געלעכטער. — ניין, ניין, דאָס אַלץ האָב איך אַליין געזעהן, און מיינע אויגען וועל איך אויף קיין זאַך אין דער וועלט ניט פערבייטען, שלאָסער. ווער עס האָט ניט געקענט אריינכאַפּען ערגעץ וואו אַ פערמעגען, דער איז טאַקי געבליבען אַן אַלטער בחור. איז דאָס אַזוי געווען אָדער ניט, שלאָסער?

הײנט צום ערשטען מאָל אזוי פּפענהערציג... וואַרשײנליך דערפאַר, וואָס איהר שטודירט געשיכטע, און דאָס וועט אײך, צוליעב דער טײוועלשער סטראַטעגישער לאַגע אין טראַיאַנער וואלד, ניט געלינגען. דעריבער רעד איך מיט אײך, אײן טויט־קאַנדידאַט מיט אַנאַנדערען, אַזוי אָפּענהערציג. האָט דער מיראַבאָ, דערצעהלט מען, אין דער שעה פון זײן טויט געזאָגט צו זײן אַלטען דיענער: „האַלט מיר מײן קאָפּ, ער איז דער שטאַרקסטער אין גאַנץ פראַנקרײך!" אָבער אויך ער האָט גע־האַט אַ טעות. אויך איהם האָט די געשיכטע אומגעוואָרפען, און טאַקי דערפאַר, וואָס ער האָט געמײנט, אַז ער בעוועגט אַנדערע, און איז צום סוף אלײן געשטויסען געוואָרען. און זײט יעגער צײט, הערר לײטענאַנט, איז דאָס דער וויץ, די אירעָניע פון דער גאַנצער געשיכטע.

— איך פערשטעהע אײך ניט גוט, הערר מאַיאָר!

— גלויב איך אײך, גלויב איך אײך אויף אײער וואָרט... און צו מאַכען דאָס קורץ... מאַראַט, דאַנטאָן און ראָבעספּיער זײנען דאָך געווען שטאַרקער פון איהם, בעזונדערס דער אונ־בעשטעכליכער מאַקסימיליאַן ראָבעספּיער, און ער וואלט גע־קומען מיט אָדער אָהן מיראַבאָ, מײן ליעבער, ווײל דער גאַנג פון געשיכטע לאָזט זיך ניט אָבשטעלען, און ווײל מיראַבאָ האָט אָנגעהויבען, און נאַפּאָלעאָן האָט געענדיגט! דאָס האָב איך אײך געוואָלט זאָגען. מיר, מיר שטעהען נאָר בײם אָנהויב..., נאָר בײם אָנהויב פון דער גרעסטער, לאָמיר זאָגען אָפען, פון דער גרעסטער אויפטרײסלונג, מעהר אין אַ געאָלאָגישען, ווי אין אַ פינאַנציעלען זין, מײן קלוגער פרײנד!

— מײנט איהר דאָס ווירקליך, הערר מאַיאָר?

— גלויבט מיר, איך וואָלט אַנדערש ניט פערלאָרען קײן צײט דאָס אַלץ אויסצוברענגען, און נאָך אײך, דעם צוקונפ־טיגען פּראָפעסאָר פון געשיכטע! נײן, אין ווערסאַל האָט מען דאָך ניט געהאַט די בלײכסטע אַהנונג אפילו וועגען פלאַס דע לאַ רעוואָלוסיאָן, ווען מען האָט זיך געוויצעלט איבער דעם גרוי־מען רוסאָ!... נו, אָט קומט שוין דער זופּ. גוטען אַפּעטיט, הערר לײטענאַנט!

IX

אַ סאָלדאַט ברענגט די בײדע אָפיצירען זײער עסען אין צינערנע טעלער, — אויסגעקאָכטע ארבעסוואורשט מיט שוויי־נענפעטס.

וועלט איז דאָס היינט אַזוי. זיי מיינען אַלע, אַז זיי בעווענען עפּעס, צום סוף בעוועגט מען נאָר זיי. גלויבט מיר, געהיימ־ניספּולע קרעפטען ארבייטען דאָ, קרעפטען, וועגען וועלכע זעהר וועניג מענשען האָבען אַ בלייכע פאָרשטעלונג, קרעפטען פון וועלטגעשיכטע, וואָס בעצוועקען גאָר עפּעס אנדערש, ווי דאָס, וואָס מיר האָבען פאָרגענומען און פאַר וואָס מיר ווילען קעמ־פען, מיין ליעבער! אַזוי איז אייגענטליך אַלעמאָל געווען. שאול איז אַרויס צו געפינען זיין פאָטער'ס עזלען, און האָט געפונען אַ קעניגרייך אין יהודה... כאַ, כאַ, כאַ! איך לאַך פון זיך אַליין, מיין טייערער, איך האָב אַן אייגענע פערפלוכטע פילאָסאָפיע, מיין ליעבער. איך ריכט צו די וועלטגעשיכטע אויף מיין אייגענעם שטייגער. איהר גלויבט אפשר ניט?

— איך בין העכסט ערשטוינט, הערר מאַיאָר!

— דאָס גלויב איך אייך גערן, שלאָסער! דאָס אַלץ קומט מיר אויפ'ן זין, ווען איך זיץ אַזוי אויפ'ן פערד, מיט ציגאַר אין די צייהן, און שלעפּ זיך פאַר מיין באַטאַליאָן אַ גאַנצען טאָג איבער דעם שמוציגען וועג אין פיינדליכען לאַנד. דאַן זאָג איך צו זיך אַליין: דאַרף דאָך דאָס אַלץ האָבען עפּעס אַ זין, אין איינקלאַנג מיט די נאַטורגעזעצען און מיט די אור־פּרינציפּען פון געשיכטע! שלאָסער, איהר פערשטעהט מיך גוט?

— יע, הערר מאַיאָר!

— איהר זאָגט: יע! און הויבט נאָך אַלעמען ניט אָן צו פערשטעהן. נאָר אַזוי ווי איהר האָט געוואָלט שטודירען געשיכטע און ווערען אַ דיכטער, וועל איך אייך ערקלערען. האָט איהר אמאָל געהערט פון מיראַבאָ, הערר לייטענאַנט? איהר שטודירט דאָך געשיכטע.

— געוויס, הערר מאַיאָר!

— ער איז געווען בעקאַנט פאַר דעם גרעסטען שטאַאטס־מאַן אין אייראָפּאַ ביים אויסברוך פון דער פראַנצויזישער רע־וואָלוציאָן, אַ מין פראַנצויזישער ביסמארק, נאָר אויף אייניגע צאָלען גרעסער פון דעם בעריהמטען אייזערנעם קאַנצלער, און־געפעהר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל נאַפּאָלעאָן איז געווען גרעסער פון דעם אַלטען פריץ...

— איך מיה מיך נאָכצופאָלגען אייער געדאַנק, הערר מאַיאָר.

— טהוט דאָס, מיין פריינד, עס וועט אייך געוויס ניט שאַדען! איבריגענס, איך קען אייך פערזיכערען, אַז איך רעד

טעכניקער, יוריסטען, קינסטלער, א. א. וו... זעהט איהר, און אונזער איינער?... אָבער איך וויל רעדען וועגען אייך און עטליכע אַנדערע.. וואָס האָט איהר גערעכענט צו טהאָן, הערר לייטענאַנט?

— איך האָב זיך געוואָלט פערשרייבען אין בערלינער אוניווערזיטעט און שטודירען געשיכטע.

— און איצט מאַכט איהר געשיכטע, און נאָך וואָס פאַר געשיכטע! דאָס איז דאָך אויך עפּעס!

— דאָס פערשטעהט זיך דאָך, הערר מאַיאָר!

— יע, דאָס פערשטעהט זיך! ווייסט איהר, איך האָב דאָך אויך עפּעס געלעזען אין די פרייע שטונדען, שלאָסער, מיינט ניט, אַז איך בין שוין אַזאַ, ווי איך זעה מעהרסטענס אויס, איהר דאַרפט זיך ניט איינבילדען, אַז אונזער איינער איז שוין אין גאַנצען פערבויערט, אפילו ווען ער איז נאָר צווען אין גומבינען און אין פּאָרבאַך...

— ניין, הערר מאַיאָר, ווער דענקט דען...

— ניין, ניין, איך ווייס... איך, דאַרפט איהר וויסען, האָב אויך אַזאַ זאַך, ווי אַ ליעבלינגסבוך. זאָגט דעם אמת, אייך וואָלט זיך דאָך קיינמאָל ניט גע׳חלומ׳ט, אַז ביי אַזאַ שינדער, ווי בערקערסבורג, זאָל זיין אַ ליעבלינגסבוך?

— אָבער הערר מאַיאָר!

— וואָס וועטען מיר, אַז איהר וועט ערשטוינט ווערען, ווען איך וועל אייך אָנרופען דעם נאָמען פון בוך! דאָס איז ניט קיין בוך וועגען דער פרומער העלענא, ניין, דאָס איז ניט קיין לייכטערע זאַך, ווי פּאָוסט. און דאָרט האָב איך געפונען אַן אָרט, וואָס מיר אַלע האָבען איצט נעדאַרפט האָבען אין זינען...

— מיך אינטערעסירט דאָס זעהר, הערר מאַיאָר!

— איך גלויב אייך דאָס גערן, שלאָסער, געוויס אינטערעסירט איהר זיך, ווען איהר ענטדעקט פּלוצלונג אין אייער קאָמאַנדיר אַזעלכע טאַלאַנטען. יענער אָרט אין בוך איז געווען: „דו מיינסט, אַז דו בעוועגסט, אָבער מען בעוועגט דיך“. דאָסזעלבע איז מיט אונז היינט! ניט נאָר מיט אונזער רעגימענט און מיין באַטאַליאָן, שלאָסער, וועלכע האָבען נאָך היינט אין דער פריה ניט גע׳חלומ׳ט אפילו וועגען דעם, וואָס זיי שטעהט איצט וואַרשיינליך פאָר אין וואַלד הינטער טראַיאָן! אַ ניין! מיט דער גאַנצער אַרמיי, מיט גאַנץ דייטשלאַנד, מיט דער גאַנצער

פון אונז וועט פערלאָזען דעם וואלד א לעבעדיגער, אויב, נאָר פירליך, די מעלדונג איז ניט געוועזען קיין שפּיצעל

— איך וויים, ווי צו שעצען די עהרע, הערר מאיאָר!

— אך, צו וואָס רעדען די אלע נארישקייטען, מיין פריינד! ווער עס האָט אזא קאפּיטאל, וויל ווערען א דיכטער און האָט נאָך פאר זיך זיין גאנץ לעבען... ווי אלט זייט איהר דען אין גאנצען, לאָסער?

— איך ווער פיער און צוואנציג, הערר מאיאָר.

— גאנצע פיער און צוואנציג, און מוזט זיין דאָ אין וואלד הינטער טראָיאָן... נאָר לאָמיר וועגען דעם ניט רעדען. ווי האָט איהר גערעכענט איינצואָרדנען אייער צוקונפט, הערר לייטענאנט? דאָס אינטערעסירט מיך, אָפען גערעדט, זעהר שטארק, און איך וועל אייך זאָגען פארוואָס. איך ווער באלד פופציג, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך האָב געקענט זיין אייער פאָטער, הויב איך ניט אָן צו פערשטעהן עפּעס אין לעבען, אָפען גערעדט. און פון וואנען, ליעבער גאָט, זאָל אונזער איינער עפּעס וויסען? דיענסט און ווידער דיענסט, יאָהר־איין, יאָהר־אויס, און אזוי דאָס גאנצע לעבען לאנג! צוערשט א לייטענאנט, שפּעטער א קאָמפּאניע־שעף, דאן א מאיאָר! אלץ איינס און דאָסזעלבע ליעד! דער פאָטער איז געוועזען א סאָלדאט, און סאָלדאטען זיינען געוועזען אלע אורעלטערען ביז צו די צייטען פון דעם גרויסען קורפירשט. איהר וועט זאָגען, דאָס איז שוין אין בלוט... [illegible], דער טייוועל זאָל דאָס נעמען! ווען אָבער דער טאָג פון אָברערנונג קומט ענדליך אָן, און מען דארף מאכען די אונטערשטע שורה, ווילט זיך דאָך א קלער טהאָן וועגען זיך אויך, יונגער פריינד! ערצוינגען אין קאדעטענקאָרפּוס, דאן אין גומבינען, דאן אין פאָרבאך! קען מען שוין עפּעס פערשטעהן אין לעבען נאָך דעם? די פרוי — פון דעמזעלבען קלאס, די מוטער — אויך. ווי קען דען זיין אנדערש?... איהר שטאמט דאָך פון בערלין, הערר לייטענאנט, אויב איך האָב קיין טעות ניט?

— יע, הערר מאיאָר, איך שטאם פון בערלין.

— און געוועזען אין גימנאזיום?

— יע, אין א פראנצויזישען גימנאזיום, הערר מאיאָר.

— אין א פראנצויזישען! זעהט איהר, דאָ איז טאקע דער גרויסער אונטערשיד. בערלין, א שטאָדט מיט טויזענדער פערשידענע אָנרעגונגען, גימנאזיום, מיטשילער מיט הונדערטער פערשידענע אינטערעסען. זיינען אלע מסתמא איצט ארצטען,

ערשטווינט קוקט שלאָסער אָן זיין מאיאָר.

— וואָרום דענקט איהר אזוי, הערר מאיאָר?

— זעהר איינפאך. שוין לאנג, הערר שלאָסער, ווי איך בעאָבאכט איך. איך זעה, ווי איהר שרייבט אַלץ און שרייבט, אום צו פערטרייבען דעם אומעט און לאנגווייליגקייט. אזוי טהוען דאָך נאָר דיכטער.

— איך ווייס ווירקליך ניט, הערר מאיאָר, צי איך קען פרעטענדירען אויף אזא הויבען טיטול.

— הויבען טיטול — דאָס איז גוט געזאָגט, שלאָסער, זעהר גוט, אויסגעצייכענט! איהר דארפט אייער ליכט ניט בעהאַל־טען, איך בין דאָך זעהר גוט אינפאָרמירט...

— ווען דער הערר מאיאָר מיינט...

— ניין, מיין ליעבער, דאָ איז ניט די פראגע, וואָס איך מיין, מיין פולמאכט נעהט דאָך ניט אזוי ווייט, אז איך זאָל אייך קענען ערקלערען פאר א דיכטער פאר אָרדר דע מופטי. אין באטאַליאָן אָבער זינגט מען א ליעד, וועלכע, ווי מען זאָגט מיר, איז פון אייך פערפאַסט געוואָרען, און א גאנץ גוטע ליעד איז דאָס. קערנער אליין וואָלט זיך מיט דעם ניט געשעהמט! זאָגט מיר נאָר, שלאָסער, איז דאָס אמת, אז קורץ פאר דער מאָביליזאציאָן האָט איהר געהאט די אבזיכט אראָבצונעמען פון זיך דעם מונדיר און בייטען אייער קאריערע?

— דאָס איז ריכטיג, הערר מאיאָר.

— זעהט איהר, און איהר האָט געוואָלט ווערען א דיכטער, אָנזאָטלען פעגאזוס, נאָר ווי קאמעראַד פאָן לאוף?

— ווענען דעם האָב איך קוים נעקענט קלערען, הערר מאיאָר.

— וואָס דען, מיין ליעבער, האָבענדיג אזא טאלאנט?

— דער הערר מאיאָר ווייס דאָך, אז איך האָב געהאט דאָס גליק צו בעקומען א ירושה איידער דער קריעג האָט אויס־געבראָכען. דאָס איז מיר געקומען פון אן אָנקעל אין מעק־סיקאָ, וועגען וועלכען איך האָב שוין לאנג פערגעסען. דאָס איז א סומע, וואָס פערזיכערט מיר מיין מאטעריעלע אונאָב־הענגיגקייט.

— איהר זייט א גליקליכער, וואָלט איך געזאָגט ביי אנדערע אומשטענדען, ווען איהר וואָלט ניט געהאט די עהרע צו זיין אדיוטאַנט אין צווייטען באטאַליאָן און שטעהן דאָ אין וואלד הינטער טראָיאָן. איך צווייפעל זעהר שטארק, אויב איינער

— וויפיעל איז דער זייגער, הערר לייטענאנט ?
— פינף פינף און פערציג, הערר מאיאר.
— ווייזט אוים, ווידער געוועזן א פאלשער אלארם. איך האב באלד געטראכט, אז אט די פליהערמעלדונג איז געוועזן ניט מעהר ווי א שפיצעל פון פיינד. זיי קענען דאך אזוי גוט די אלע קונצען.
— דאס איז גאנץ מעגליך, הערר מאיאר.
— דאן גיט אב א בעפעהל, מען זאל בלאזען נאך די קוכער. די מענשען דארפען דאך עפעס עסען.
— איך דענק אויך אזוי, הערר מאיאר.
— פון דעם ארויסטרעטען ביז איצט האבען זיי נאך גאר ניט געגעסען. און זיי האבען דאך ארויסמארשירט היינט אכט אזייגער אין דער פריה.
— בעפעהל, הערר מאיאר !
אדיוטאנט שלאסער געהט צו שווייגלער, דעם הארניסט, וואס שטעהט ניט ווייט אונטער א קליינעם בוים און ווארט אויף דעם מאיאר'ס בעפעהלען.
— בלאזט דעם סיגנאל צו קאכען, הארניסט !
— בעפעהל, הערר לייטענאנט !
דער סיגנאל קלינגט אב אין שטילקייט פון וואלד. אנ־דערע סיגנאלען ענטפערען אין א ווייטע ארום, א צייכען, אז מען האט דעם סיגנאל פערשטאנען ביי די אנדערע רעזערוו־קאמפאניען.
— הערט נאר, לייטענאנט !
— וואס וועט דער הערר מאיאר בעפעהלען ?
— הם... — בערקערסבורג ווענדט זיך צוערשט צום שטאלקנעכט : — געהט צו אייער קאמפאניע עסען, באומאן ! איהר אויך, שווייגלער ! זאגט דעם העררן פעלדפעבעל שטום, ער זאל מיר שיקען אנאנדערען אויף אייער ארט. דער הערר לייטענאנט און איך וועלען דערווייל אליין אכטונג געבען אויף די פערד.
— בעפעהל, הערר מאיאר !
— בעפעהל, הערר מאיאר !
די צוויי סאלדאטען לויפען האסטיג, צו ערפילען דעם בעפעהל. אין זייערע מאגענס ברומט שוין לאנג.
— זאגט נאר, הערר לייטענאנט !
— וואס איז דער בעפעהל, הערר מאיאר ?
— איהר זייט א ריכטער אין ציווילבערוף, ניט אמת ?

קלאַנגענר, בעטענד קלינגט דער קירכענגלאָק פון ראָוזי איבער די פעלדער, וואָס זיינען אָנגעפילט מיט העררבסט תבואות. דער קיורע, קען זיין, בעטרעט איצט דעם אלטאר. אין קירך געפינען זיך ווייניג מענשען, נאָר אלטע פרויען און קינדער. און דער קיורע וועט רעדען אין אַ שפּראַך, וועלכע די, וואָס ליגען דאָ, קענען ניט פערשטעהן, אָבער ער וועט רעדען דאָס זעלבע, וואָס דער פאסטאָר אין דער ווייטער היימאַט, אין דעמזעלבען זין:

— גאָט זאָל אייך בענשען און געבען אייך פריעדען!

דער גלאָק ווערט אנשוויגען. די זון שטעהט שוין טיף אויפ'ן האָריזאָנט און וואַרפט קרומע שטראַהלען אויף דעם וואַלדברעג. איבער אַ בלימעל שוועבט אום און זומט אַ ביהן, דאַן וואַרפט זי זיך שנעל אין די בלויע לופט און טראָגט אוועק דעם זיסען זאַפט אין האָניגשטאָק פון אַ וועלכען עס איז בויערען הויף אין ראָזוי. און ווידער איז שטיל. קיין זאַך איז ערגעץ ניט! קיין זאַך ניט אויפ'ן וועג! א ו ז  ד י  ס אָ ל ד אַ ט ע ן  ו ו אַ ר ט ע ן.

## VIII

ניט ווייט פון ברעג פון וואַלד, וואָס ליגט הינטער טראַיאָן, געפינט זיך אַ קליינע עפּענונג. מיט פיעלע יאָהרען צוריק האָט מאַרקיז ד'אַרמאַנטיער דאָ געהייסען אויסהאַקען די בוימער, אַבריינינגען דעם אָרט און אויפשטעלען אַ יעגערביידעל. אָבער זינט דאַן איז שוין די עפענונג ווידער פערוואַקסען און בערעקט מיט אַ גלאַנצענדען גרינעם טעפּיך. אין מיטען פון דער עפּע־נונג, אויף אַ וועלענאַרטיגער דערהויבונג, שטעהט אַן אלטער בוק. זיינע בלעטער פליסטערען אין דעם זאַנפטען ווינטעל פון דעם זומערדיגען אָוועגד. אָט דעם בוק האָט מאַיאָר פאָן בערקערסבורג אויסגעקליבען פאַר זיין אָרט, פון וועלכען ער האָט געקענט אָנפיהרען די שלאַכט און שיקען די קאַמפּאַניען איינע נאָך דער אַנדערער. פון דאַנען איז נאָר עטליכע הונ־דערט טריט ביז דעם ראַנד פון וואַלד און דער ליניע פון דער אַכטער קאָמפּאַניע.

לעבען איהם שטעהט לייטענאַנט שלאָסער. זיין אדיוטאַנט. די פערד פון ביידע אָפיצירען עסען פריעדליך דאָס גראָז. אויף די פערד ניט אַכטונג דער שטאַלקנעכט באַומאַן, וועלכער האָט פרייוויליג פערלאָזען דעם גאַרניזאָן און האָט נאָכגעפאָלגט דעם מאַיאָר אין שלאַכטפעלד.

נאָקל גיט אַ זיכערערע בילד, ווי די אויגען פון די ווארטענדע, וואָס ווילען אזוי שטארק דערזעהן דעם פיינד. צעהן מינוטען נעהען אזוי אריבער אין דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון נערווען און מוסקולען. דאן פאלען די הענט אראָב פון די ביקסען. מיעד שמייכלען זיי איינער צום צווייטען. דאָס איז גאָר קיין זאך ניט געווען. אַ פוהר, געשלעפט פון אָקסען, ציהט לאנגזאם און פריעדליך איבער דעם שאָסעע און פאָהרט דאן אריין אין דאָרפסגאס פון ראָזוי. און דאָס איז געווען אלץ, וואָס האָט צוויי הונדערט און פופציג מענשען געהאלטען איבער אַ פערטעל שטונדע אין דער העכסטער אויפרעגונג.

זיי קענען נאָך אלץ ניט שיסען, זיי מוזען ווארטען און ווארטען.

ציטערענדע מעטאלענע טענער דערטראָגען זיך צום וואלד. זיי קומען פון דעם רויטען קירכטורעם אין ראָזוי. פיעלע שטונדען זיינען שוין אריבער, פון מיטאָג איז שוין געוואָרען אָוועגד. פיעלע סאָלדאטען דערמאָנען זיך, אז היינט איז דאך זונטאָג, און דעריבער קלינגט מען דאָט אין ראָזוי. אָבער די טענער פון דעם קירכענגלאָק אין ראָזוי דערגרייכען ניט די הערצער פון די, וואָס ווארטען דאָ. זיי וועקען נאָר עראינערונגען, טונקעלע עראינערונגען, וואָס פערשווינדען אין איין אויגענבליק.

איבריגענס, אין דער זעל פון אייניגע שוויםט נאָך ארויף אַן עראינערונג פון דער קירך אין זייער היימאַטסדאָרף. די קירך, אין וועלכע מען איז אָפטמאָל געצוואונגען געווען צו געהן, ווייל די מוטער האָט געפאָדערט, דער פאָטער האָט געצאָרענט און דער פאסטאָר האָט געווארענט. די קירך, ביים ארייננאנג פון וועלכער מען פלעגט אָבווארטען אַ שעהן מיידעל, איינצו־לאדען זי צו טאנצען, נאָכדעם ווי די אָנגעלאָדענע וואנענס ווע־לען פערשווינדען אין די טויערען פון די שפייכלער. די קירך, אין וועלכע מען איז געגאנגען צום ערשטען מאָל צו קאָמוניאָן, מיט גלויבען און מיט דעם פעסטען ענטשלוס צו ווערען אַ גוטער מענש, מיט די צעהן געבאָטען פון גאָט אין הארצען, מיט דעם פינפטען צווישען זיי: „דו זאָלסט ניט טויטען!“ און איצט ליגט מען דאָ ביים ראנד פון וואלד, אָבווארטענדיג דעם פיינד, דעם ביקס צוגעדריקט צום באק, די לינקע האנט ביים לויף, די רעכטע אויפ׳ן שלאָס, מיט פאטראָנען אין לעדער־טאש, אין די שטיוועל, אין אוניפאָרם, מיט דעם איין געדאנק צו פערניכטען!

זעקלעך, אוניפאָרמען. ווייל אַט די פּאַטראָנען זיינען דער לעצטער שלום פון ווייזהייט אין דער איצטיגער שעה פון פער־ניכטונג, פון זיעג אָדער פון טויט!

די זון, וואָס האָט די גאַנצע צייט געברענט די פעלדער, דאָס דאָרף און דעם ווייסען וועג, ווערט אויף איין אויגענבליק פערדונקעלט. אַ ווייס וואָלקענדעל ציהט פערביי איהר און וואַרפט זיין שאָטען אויפ׳ן שאָסעע, צווישען די פּאַפּעלען. דאָס איז אַ גרויסע ערלייכטערונג פאַר די אויגען, וואָס קוקען די גאַנצע צייט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג אויף דעם איין ציעל! איין אויגענבליק ווייזט אויס, ווי די לופט ארום אין דעם הויכען גראָז וואָלט ניט געוועזן אזוי שטיקענד. אָבער דאָס ווייזט נאָר אויס אזוי אויף איין אויגענבליק.

דאָס וואָלקענדעל ציהט פערביי, און דאָס ווייסע בילד ברענט ווידער אָהן רחמנות אין די אונגעשיצטע אויגען. אַ דין ווייס וואָלקענדעל פון שטויב הויבט זיך אויף ווייט אויפ׳ן שאָסעע. גאַנץ ווייט, וואו דער וועג דרעהט זיך אויס, און די פּאַפּעלען פערשווינדען אויף דעם האָריזאָנט. אַלע אויגען זיי־נען ברייט געעפענט, און די הערצער קלאַפּען אזוי שטאַרק, אַז דער קראַגען פון מונדיר ווערט ענג. מעכאַניש טאַפּען די פינגער אָן דעם ביקס, כאָטש דער קאַפּיטאַן, וואָס קוקט נאָך אַלץ אין זיין שטאַרקען בינאָקל, האָט נאָך ניט געגעבען קיין בעפעהל. זיי ווילען שיסען, אַלע ווילען זיי שיסען און פער־ניכטען, פערניכטען אום יעדען פּרייז! וואָס איז דאָס פאַר אַ שטויב? ער קומט אַלץ נאָהנטער און נאָהנטער.

טויט, טויט, טויט... דאָס איז זייער איינציגער געדאַנק איצט. שיסען, שיסען, שיסען אום יעדען פּרייז. אָבער דער קאַפּיטאַן גיט ניט קיין בעפעהל.

מיט צוזאַמענגעדריקטע צייהן ליגען זיי. ווען ער וואָלט שוין געפאַלען, דער ערשטער, ערלייזענדער, נערוועןאָבשפּאַנענ־דער שאָס! אָבער ער פאַלט ניט, ער וואַגט ניט פאַלען, ווייל דער קאַפּיטאַן שווייגט נאָך אַלץ.

און נאָהנטער, אַלץ נאָהנטער קומט דער שטויב אויפ׳ן שאָסעע. אין זייער פאַנטאַזיע ווערט ער פערגרעסערט צעהן טויזענד מאָל. זייערע אויגען זעהען שוין קאַלאָנען נאָך קאַ־לאָנען, דעם פיינד אין איבערוועלטיגענדע צאָהלען. אָבער קיין האַרץ ציטערט ניט, דען זיי אַלע זיינען איבערפילט מיט דעם איין פערלאַנג צו פערניכטען.

אָבער אומזיסט, דאָס איז נאַרגיט. דעם קאַפּיטאַן׳ס בי־

ניכטען. און אין דער פיעבערהאַפטער אויפרעגונג פון וואַר־טען פליהען אוועק די מינוטען, פערוואנדלען זיך אין שעה'ן, און די וואָס ליגען בעמערקען דאָס גאָר ניט. אלע געדאַנקען פון פערגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט ווערען פערטרונ־קען אין א ים פון בלוט. אין זייער פאַנטאַזיע זעהען זיי שוין, ווי דער רייטער, וואָס פיהרט דעם פיינדליכען אוואַנגאַרד דאָרט אונטען אויפ'ן וועג, פאַלט פון פערד, געטראָפען פון זייערע קוילען. און דאָך זעהט מען דאָרט גאָרניט! אין ערגעץ קיין זאַך ניט! נאָר זון און וויסער, ווייסער שטויב, וואָס בלענדט די אויגען.

און זיי וואַרטען און וואַרטען. דאָס איינציגע, וואָס זיי קענען טהאָן, אויסער וואַרטען, איז רויכערען. דאָס בערוהיגט די נערווען און רעגט זיי ווידער אויף. און וואויל איז דעם, וואָס האָט מיט זיך א ליולקע, א ציגאַר אָדער ציגאַרעטען! דען דער טאַבאַק איז ווי ברויט אויפ'ן שלאַכטפעלד. אומעטום איז דאָס אַזוי, אין די גראָבענס, און דאָ,ביים ברעג וואַלד, ביים פיינד און ביי די אייגענע. דער טאַבאַק! וואָס וואָלטען זיי אָהן איהם געטאָן! און זיי רויכערען און וואַרטען, ליגען אין הויכען גראָז מיט ליולקע, ציגאַר אָדער ציגאַרעט צווישען די צייהן, די לינקע האנט ביים מויל פון ביקס, די רעכטע אויפ'ן שלאָס, דעם ביקס צוגעדריקט צום באַק... זיי רויכערען און וואַרטען... ווען זיי וועלען קענען פערניכטען, אום מען זאָל זיי אליין ניט פערניכטען.

דען די פערניכטונג פון פיינד, וועלכען זיי קענען ניט, וועלכען זיי האַסען אָבער, איז דער לעצטער ציעל, וואָס ווערט דיקטירט פון זייער מענשליכער ווירדע.

זיי האַלטען פאַטראָנען אין זייער לעדערטאַש, אין ברויט־זעקעל, אין די שטיוועל, אומעטום אין זייער גרויען אוניפאָרם, פינף שטיק אין יעדער הילז, פינף שטיק אין ביקס, צו שפּרייטען טויט. ווייל פערניכטונג איז איצט זייער אלעמענס ציעל!

די פאַטראָנען זיינען אין אָט דער מינוט טייערער, ווי ברויט און וואסער, ווי דער שלאָף, די ליעבע, די פריינדשאַפט... שפּאָרען, שפּאָרען, האָט קאַפּיטאַן אַראַלף זיי אָנגעזאָגט... שפּאָרען די פאַטראנען, יעדער שאָס מוז טרעפען אין ציעל. יעדער שאָס מוז איינעם פון פיינד קאָסטען דאָס לעבען, יעדערער פון די אלע טויזענדער פאַטראָנען, וואָס זיי האָבען אזוי זאָרג־פעלטיג מיטגעבראַכט אין די לעדערטאַשען, שטיוועל, ברויט־

ער קען אָבער גאָרניט זעהן אַרום. די הייסע מיטאָגזון ברענט מיט איהרע שטראַהלען די פעלדער, ראָזעי מיט זיינע דעכער און דעם שטויביגען וועג מיט די פּאָפּעלען אויףביידע זייטען.

מעהר זעהט מען גאָרניט. מען הערט אַרום דאָס איינטאָניגע האַמערען פון אַ בוימהאַקער. די סאָלדאַטען ליגען אַזוי שטיל, לויערענדיג אויף דעם פיינד, אַז דער פויגעל ווערט ניט גע־שטערט אין זיין ארבייט.

מען זעהט ניט קיין זאַך. אַזוי ציהען זיך שטונדען...

און אין אָט די לאַנגע, איינטאָניגע שטונדען פון וואַרטען פליהען די געדאַנקען ביי די אָפיצירען און דער מאַנשאַפט פון איין זאַך צו דער אַנדערער, אין דער נאָהנטער און ווייטער פער־גאַנגענהייט, ווייל אין אַזעלכע שטונדען ווערט דאָס גאַנצע לעבען דאָס געוועזענע און דאָס צוקונפטיגע, צונויפגעדרענגט אין קאָנקרעטע בילדער, אין וועלכע עס שווימען דאָך ארויף די קלענסטע דעטאַלען.

איבער צוויי הונדערט און פופציג מענשען ליגען דאָ מיט איבער צוויי הונדערט און פופציג פערשידענע שיקזאַלען און אינטערעסען. און זיי אַלעמען מאַטערט איין אונגעדולדיגע ערוואַרטונג, אַ ראָמאַנטישע ערוואַרטונג: וואָס שנעלער ווילען זיי זיך וואַרפען אויפ'ן פיינד!

פאַר וועלכען צוועק? דאָס ווייסען זיי אליין ניט. זיי האַסען די מענשען, וואָס דאַרפען זיך באַלד בעוויזען אונטען אויף דעם וועג און וועמען זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהן; יענע מענשען האָבען קיינעם פון זיי קיינמאָל גאָרניט געטאָן, און דאָך האַסען זיי זיי פון עהרליכער און טיפער איבערצייגונג.

זיי אַלע האָבען איבערגעלאָזען אין דער היים פריינד און קרובים און געליעבטע און זייער פערמעגען, און זיי בענקען נאָך דעם יעדען טאָג, יעדע שעה. אָבער זיי ווילען פערניכטען דעם פיינד, דאָס איז איצט זייער איינציגער געדאַנק, די איין אידעע, וואָס האַלט צוזאַמען דאָס גרויסע גאַנצע. פערניכטען, פערניכטען אום יעדען פּרייז, אָדער אַליין שטאַרבען!... דאָס רויבטיער האָט ערוואַכט אין זייער ברוסט, אַלע שלעכטע אינ־סטינקטען האָבען זיך פאַנאַנדערגעשפּיעלט... פערניכטען, פער־ניכטען, פערניכטען אום יעדען פּרייז! אום מען זאָל זיי אַליין ניט פערניכטען!

די אויגען ליכטען, דער פּולס שלאָגט, די שלייפען ברענען. זיי פיהלען ניט קיין הונגער, דורשט אָדער מיעדקייט, זיי פיה־לען ניט די שרעקליכע היץ, זיי ווילען נאָר איין זאַך — פער־

טען, פערוואקסענעם וואלד. די איבריגע קאָמפּאַניען געהען נאָך אויף אַ בעשטימטער דיסטאַנץ. דאָס ערשטע און דריטע באַטאַליאָן אָבער וועלען קומען פיעל שפּעטער, ווייל וועגען דורכפיהרען דאָ גרויסע קאָלאָנען קען גאָר ניט זיין קיין רעד. מען דערצעהלט, אַז די פראַנצויזען האָבען אין אַזעלכע וועלדער זיך בענוצט מיט די בוימער, ווי מיט דעקונגען, און האָבען גע־שאָסען פון זיי אַין פיינד. דעריבער מוז מען דאָ זיין זעהר פאָרזיכטיג.

אָבער וועהרענד דעם מאַרש, וואָס האָט געדויערט אַרום זיעבען שטונדען, איז קיין זאַך ניט פאָרגעקומען, וואָס זאָל ער־וועקען אַ פערדאַכט. דער וואלד איז נאָך, ווייזט אויס, פריי געוועזען פון פיינד, וועלכער האָט זיך איצט געמוזט בעוועגען פון ערגעץ הינטער ראָזעי. ענדליך האָט די שפּיץ פון דער אַכטער קאָלאָנע דערגרייכט דעם וועסטליכען זוים פון וואלד. קאַפּיטאַן אדאָלף ניט אַ בעפעהל: זיך צושפּרייטען! הינטער די בוימער פון וואלד זעהען זיך די פעלדער אַרום ראָזעי, בע־דעקט מיט גראָז, און פון די קוימענס פון די אָרימע קליינע היי־זער שטייגען זיילען פון רויך אַרויף אין די לופט און זאָגען אָן, אַז עס איז מיטאָגצייט.

— זיך לעגען!

די שיצענליניע פון קאַפּיטאַן אדאָלף צושפּרייט זיך ווייט איינער פון צווייטען איבער דעם גאַנצען ראַנד פון וואלד. די מיילער פון די ביקסען זעהען זיך קוים אַרויס פון צווישען דעם הויכען שילפגראָז, וואָס וואַקסט דאָ געדיכט אויף דעם זומ־פּיגען באָדען און מאַכט פון דעם אָרט אַן אידעאַלע דעקונג פאַר אַ שיצענליניע. די סאָלדאַטען ליגען אויף דער ערד און וואַר־טען, און וואַרטען...

מען זעהט אָבער גאָר ניט אַרום, אויסער גרינע שטרייפען לאַנד, וואָס צאַמען אַרום די בעאַרבייטע פעלדער, וועלכע ליגען ווייטער הינטער זיי. מען זעהט גאָר ניט, אויסער די מיט שטרוי געדעקטע קליינע ברוינע הייזער און דעם רויטען צינעל־נעם קירכענטורעם פון ראָזעי. מיפער אונטען אין טהאָל ווייסט זיך דאָס ווילבערבאַנד פון מאַאס און עס שטרעקט זיך אַ לאַנ־גער, ווייסער, שטויביגער וועג, אויף וועלכען עס וועלען באַלד, וואַרשיינליך, זיך בעווייזען די פיינדליכע קאָלאָנען.

קאַפּיטאַן אדאָלף שטעהט אויף די קניה אין דעם הויכען גראָז הינטער זיין שיצענליניע, מיט זיין צאַיסבינאָקל אין האַנט.

האָבען זיך אַלץ נעזאָגט, אַלץ אויפגעקלערט אין דער לעצטער שעה דאָרט, אין נאָרגיזאָן, פאַר'ן ארויסטרעטען אין פעלד, צו וואָס איצט?

דער ווייזער אויפ'ן זיינער אויף דעם מאַרמאָרקאַמין רוקט אַוועק איין מינוט נאָך דער אַנדערער, וועלכע וועלען שוין ניט קומען צוריק. דער ווייזער האָט זיך דאָ נעדרעהט אין פרעה־ליכע צייטען, ווען שאַמפּאַניער האָט געשוימט אין די באָקאַלען, און מאַרקיז ד'אַרמאַנטיער האָט דערצעהלט זיין אויסגעקליבע־נער געזעלשאַפט אַנעקדאָטען פון דעם הויף פון לעצטען אָרלעאַן. איצט בעוועגט זיך אויך דער ווייזער, בעוועגט זיך אָהן רחמנות, קלערט אַראָפּ.

אַ גרויסער טומעל אין דער ווייט פיהרט איהם פּלוצלונג אַרויס פון זיינע געדאַנקען. מעכאַניש נעמט ער זיין צאַים־בינאָקל אין האַנט. די מויערען פון איין פּאָרט פון טראָיאָן זינקען אַראָב מיט אַ קראַך. די מערזער האָבען געטאָן זייער אַרבייט, ווי דער מאַיאָר האָט דאָ ניט לאַנג נעזאָגט. און איצט הערען זיך נעצויגענע טראָמפּייטענטענער אונטען פאַר דעם שלאָס:

אַלאַרם! אַלאַרם!

## VII

דער געדיכטער וואַלד, וואָס ציהט זיך אויף אַ פּאָר מיילען הינטער טראָיאַן, איז געוועזען פאַר מאַרקיז ד'אַרמאַנטיער אַ פּאַרק פאַר יאַגד, וועלכען, אַ דאַנק דעם פּאַבעלהאַפּטען רייכטום פון מאַרקיז, קיין האַק האָט ניט אָנגעריהרט אין פערלויף פון צעהנד־ליגער יאָהרען. ביי דעם וועסטליכען ארויסגאַנג פון וואַלד ליגט דאָס עלענדע דערפעל ראָזוי. דער וואַלד איז אַזוי פער־וואַקסען, אַז ער איז כמעט אונדורכדרינגליך. קיין שטעגען זיינען דאָ ניטאָ, און אויב זיי זיינען אמאָל געוועזען, זיינען זיי שוין לאַנג פערוואַקסען מיט הויכען גראָז און בעדעקט געוואָרען מיט אַ טעפּיך פון מאָך, וואָס צוואַוואַקסט זיך זעהר שנעל אין דער פייכטקייט. אין די לעכער פון אוראַלטע בוימער זיינען די נעסטען פון איילען, און אַ סך אַנדערע וואַלדפייגלען שלאָגען זיך אויף די אַלטע טאַנענבוימער איבער די רייפע פרוכט פון הערבסט.

מיט פאַשינענמעסער אין די הענט, האָט נאָך פיעלע שטונדען פון שווערער אַרבייט די אַכטע קאָמפּאַניע פון קאַפּי־טאַן אָדאָלף זיך ענדליך דורכגעלעגט אַ וועג דורך דעם געדיכ־

— זיי געזונט, אדאָלף!

דאַן דערהערט דער מאַיאָר איבער זיין אויער די ווערטער:

— זיי גוט צו מעלאַניע, איך בעט דיך, דו הערסט מיך?

קיין ענטפער. דער מאַיאָר געהט אוועק.

אדאָלף געהט צו צום פענסטער. דאָס ברענענדע טראַיאַן! די אנדערע זעצען זיך אַרום טיש און שרייבען, ווי פריהער די הערדען פון שטאַב און די אדיוטאַנטען.

די „קענעלקוגעל" האָט אַ קליין מיידעל אין גארניזאָן, דאָס ווייס די גאַנצע קאַזאַרמע. איין טרייסט נאָך זיינע פיעלע דורכ־פאַלען. זי איז איהם טריי און האָט איהם אַלעמאָל גוט אויס־פערריכט זיינע העמדער, זי איז געוועזען אַ נייטאָרין. איהר שיקט ער זיין לעצטען גרוס אויף אַ פעלדפּאָסטקאַרטעל.

ברענערט דאַרף פאַר אַזוי פיעל זאַכען בעטען פערצייהונג ביי זיין לונגענקראַנקער פרוי. מען דאַרף אויך עפּעס שרייבען די אונפערזאָרגטע קינדער. נאָך אַלעמען איז דאָך די קראַנקע פרוי ניט אין אַלץ שולדיג, קלערט ער אין דער שעה פון אָברעכ־נונג, אָבער עס איז איהם אַזוי שווער צו געפינען די פּאַסענדע ווערטער, נאָך אין אָט דער שעה! ער איז קיינמאָל אין זיין לעבען ניט געוועזען קיין מייסטער פון וואָרט. און עס קומען ביי איהם אַרויס די געוועהנליכע פראַזען פון קאַזינאָ... גאַלגענ־הומאָר... פלאַכע וויצען, וואָס זיינען גאָר קיין וויצען ניט, ווייל דאָס זיינען וויצען פון דער שעה פון טויט!

נאָר דער „ווינטהונט" פיהלט איצט גוט. ער האָט אַן אַלטע טאַנטע אין בערלין, מיט אַ ירושה. זאָנדערבאַר, אָבער וועגען איהר דערמאָנט ער זיך אין דער לעצטער שעה. ער פּי־לאָסאָפירט גערן, עס איז אין איהם אויך פאַראַן אַ פּאָעטישער אָדער. ער איז אַלט זעקס און דרייסיג יאָהר, זיין טאַנטע — זיעבען און זיעבעציג. נאָך דער מענשליכער אויסרעכנונג... דאָס איז אויך אַ מין פילאָסאָפיע... אָבער אין אַזאַ צייט... ער בעדעקט דאָס קאַרטעל מיט פערזען, און ווי גלאַט זיי קומען דאָס היינט אַרויס פון זיין פעדער! קיין שפּור פון יענער גע־מאַטערטקייט פון זיינע פערזען! וויציג ערקלערט ער דער טאַנטע, וואַרום אַ פרוי פון זיעבען און זיעבעציג האָט איצט גרעסערע שאַנסען צו לעבען לאַנג, איידער אַ מאַן פון זעקס און דרייסיג. „ניט גוט אפשר! — שרייבט ער אונטער, — אַלע גראַמען זיינען גלאַטע. ווייס גאָט, ווי לאַנג דאָס האָט שוין ניט פּאַסירט!"

נאָר אדאָלף האָט ניט וועמען צו שרייבען. ער וואָלט געווים געקענט שרייבען אין באַלקענשטיין. אָבער צו וואָס? זיי

אָבער צוויי פּאָר אויגען בויערען זיך איצט איין איינם אין דאָס צווייטע: די וואַסערבלויע פון מאַיאָר, פאר וועלכע מע־לאַניע האָט שטענדיג מורא געהאַט, און אַ בליק פון טויטליכען טריאומף, און די טיפבלויע אַדאָלף׳ס אויגען, וועלכע מעלאַניע האָט געליעבט, מיט דעם אויסדרוק פון גרויזאַמען וויסען.

דער מאַיאָר ווידערהאָלט:

— די אַכטע קאָמפּאַניע פון דעם הערן קאַפּיטאַן אַדאָלף מאַכט דעם אָנהויב. האָט איהר מיך פערשטאַנען, הערר קאַ־פּיטאַן?

— צו בעפעהל, הערר מאַיאָר!

ווי אַן אורטייל פון אַ ריכטער קלינגען די ווערטער: „צו בעפעהל, הערר מאַיאָר!“ און די אויגען פון מאַיאָר מיידען אויס אַדאָלף׳ס קלאָרען און פעסטען בליק.

דאַן קומען נאָך דער רייה ריקווערטס די זיעבענטע, די זעקסטע און דאַן די פינפטע קאָמפּאַניע.

— צו בעפעהל, הערר מאַיאָר — קומט ווידער פון מויל פון די דריי קאַפּיטאַנען, ווי עפּעס, וואָס איז זעלבסטפער־שטענדליך.

— ביי דער קוואַליטעט פון מיין באַטאַליאָן, מיינע הער־רען, האַלט איך פאַר איבריג נאָך וואָס צוצולעגען צו מיין בע־פעהל. איך וויס, אַז די מאַנשאַפטען זיינען פונקט אַזוי מוטיג, ווי מיינע אָפיצירען.

— בעפעהל, הערר מאַיאָר!

— און איהר, הערר קאַפּיטאַן אַדאָלף?

— בעפעהל, הערר מאַיאָר!

— איך שליס מיט דעם רוף: הורא פאַר זיין מאַיעסטעט!

— הורא פאַר זיין מאַיעסטעט!

— און איהר, הערר קאַפּיטאַן, אַדאָלף?

— הורא פאַר זיין מאַיעסטעט!

בערקערסבורג הויבט זיך אויף.

— די הערען האָבען מעגליך וועלכע עס איז געשעפטען צו בעזאָרגען. איך גלויב, מיר האָבען נאָך אַביסעל צייט, ביז דער הערר קאָמאַנדיר וועט הייסען בלאָזען אַלאַרם. גוטען אַפּעטיט, מיינע הערען!

— גוטען אַפּעטיט, הערר מאַיאָר!

די אָפיצירען שפּרינגען אויף פון די ראָקאָקאָ שטוהלען אין עסצימער פון מאַרקיז ד׳אַרמאַנטיער.

אַדאָלף גערט צו צום מאַיאָר און רייכט איהם די האַנט:

— זיי געזונט, בערקערסבורג!

— און איהר, הערר קאפּיטאַן אדאָלף?

בערקערסבורג פערגעסט אין דער מינוט אבזיכטליך דאָס פריינדשאפטליכע „דו“. ער איז איצט אין גאנצען אָפיציעל. אדאָלף נעמט אָן א מיליטערישע שטעלונג און זאָגט, גלייך נאָך די אנדערע:

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר!

דאַן וואנדערט זיין בליק ווידער אוועק פון מאיאָר און די אַנדערע. דער גאָבעלען איבער דער פלינעל־טיר, דיאנא מיט די נימפען, וואָס אנטלויפען פון פאַן, פערנעמט איצט זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט.

איצט שפּיעלט בערקערסבורג זיין טרומף, וועלכען ער האָט נאָך אָנגעגרייט פאר אדאָלף׳ען אין דער ערשטער מינוט פון קאָמאנדיר פאָן טראוטמאַן׳ס מיטטיילונג. ער זאָגט:

— אויף דעם בעפעהל פון דעם הערר'ן קאָמאנדיר, וועלען מיר געהן קאָמפּאניענווייז. שפּאָרען, שפּאָרען, שפּאָרען, ביז צום לעצטען מאַן און צו דער לעצטער קויל — אזוי האָט בעפאָהלען דער הערר קאָמאנדיר. ווען איין קאָמפּאניע איז אין גאנצען פערניכטעט, דאַן ערשט טרעט אריין די אנדערע. — בערקערסבורג שווייגט א וויילע.

עס קאָסט איהם דאָך א געוויסע אָנשטרענגונג צו זאָגען און קלאָר מאכען דאָס, וואָס ער האלט אָנגעגרייט פאר אדאָלף׳ען, נאָך מעהר צוליעב דעם, וואָס גראָד איצט דער־פיהלט ער אויף זיך דעם פעסטען בליק פון אדאָלף׳ס קלאָרע אויגען, עס קומט איהם פאָר, ווי אדאָלף וואָלט גאָר קיין אנדער זאך ניט ערווארט פון זיין מויל. און זאָנדערבאר! פּלוצלונג לויפט איהם דורך א גאנץ ווייטע עראינערונג פון דער רעליגי־אָנס־שטונדע אין קאדעטענקאָרפּוס, ביי דעם „ציוויל־פעלדפּע־בעל“, דעם „הללויה־רעהר“, ווי די קאַדעטען פלעגען רופען דעם קאַנדידאט פון טעאָלאָגיע, ווען זיי האָבען זיך איבער אידם לוסטיג געמאכט. זיי האָבען אַלעמאָל יענע שטונדע געהאלטען פאר גאנץ איבערפליסיג. ווי זאָנדערבאר, וואָס אזא זאך קען ווידער קומען אויפ׳ן זינען נאָך גאנצע דרייסיג יאָהר! אָבער ־ער מאיאָר דערמאנט זיך: „און דוד האָט געשריבען צום פעלד־הויפטמאַן: שטעל דעם אוריה אין די ערשטע רייה“... און דאַן די געשיכטע פון ־עם געריכט פון נתן הנביא.

אָבער דער מאיאָר פאסט זיך מוט און זאָגט:

— די אכטע קאָמפּאניע פון דעם הערר'ן קאַפּיטאַן אדאָלף מאכט דעם אָנהויב.

ער קען מעהר ניט רעדען.

האָט אַלעמען געווירקט אויף די נערוועז. אין זיין פייערליכער איינלאַדונג צו זעצען זיך איז געווען עפּעס, וואָס איז ניט עהנ־ליך געווען צו דעם מאַיאָר'ס געוועהנליכער איינלייטונג אויף בעראַטונגען. אַלע האָבען דאָס באַלד דערפיהלט.

אַדאָלף האָט זיך ניט געזעצט. ער שטעהט ביים פענס־טער און קוקט אַרויס אויף דאָס ברענענדע טראַיאַן. ער ווייס, וואָס דער מאַיאָר וועט פאַרברענגען.

בערקערסבורג ווערט נערוועז.

— ווילסטו זיך ניט זעצען, אַדאָלף ?

— נעוויס.

מעכאַניש פאָלגט ער דעם מאַיאָר'ס אויפפאָדערונג. דער מאַיאָר זאָגט :

— מיינע הערען ! אויף דעם בעפעהל פון דעם הערן קאָמאַנדיר דאַרף איך אייך דאָס פאָלגענדע בעקאַנטמאַכען. הערר קאַפּיטאַן אַדאָלף האָט געבראַכט דעם הערן קאָמאַנדיר אַ פליהער־מעלדונג, וואָס ענדערט אין גאַנצען אַלע דיספּאָזי־ציאָנען פון דעם רעגימענט.

די דריי קאַפּיטאַנען קוקען מיט פרעגענדע בליקען אויף דעם מאַיאָר.

נאָר אַדאָלף'ס בליק וואַנדערט איבער דעם פריהשטיקסזאַל פון מאַרקיז ד'אַרמאַנטיער און פאַלט ענדליך אויף דעם זייגער, וואָס שטעהט אויפ'ן מאַרמאָר־קאַמין. אויף דעם ציפערבלאַט פערשווינדען אָהן רחמנות, איינע נאָך דער אַנדערער, די לעצטע שטונדען פון לעבען.

דער מאַיאָר זאָגט :

— קורץ גערעדט, מיינע הערען, דער הערר קאָמאַנדיר האָט אונזער אויפגאַבע אָנגערופען „איינפאַך און מראַגיש". מיר דאַרפען בעזעצען דעם וואַלד הינטער טראַיאַן, אין וועלכען מען האָט בעמערקט די בעוועגונג פון פיינדליכע קאָלאָנען. מיר מוזען דאָס האַלטען אַזוי לאַנג, ביז אונזער לינקען פליגעל וועט געלינגען אַרומצוצינגלען די בעזעצונג פון טראַיאַן, ווען דאָס זאָל אפילו דויערען אַן אייביגקייט, ווי דער הערר קאָמאַנ־דיר האָט געזאָגט. איך האָב ביים הערן קאָמאַנדיר געבעטען דעם פאַרצוג אַרויסצוטרעטען דער ערשטער מיט מיין באַטאַל־יאָן, און! איך ווייס, אַז איהר זייט מיט מיר אין דעם איינשטי־מיג, מיינע הערען !

— צו בעפעהל, הערר מאַיאָר !

ווי פון איין האַלז קומט די פערזיכערונג פון דעם מויל פון די דריי קאַפּיטאַנען.

מיט טיפע קנייטשען, קנייטשען זיינען אויך ארום די פּעסט געשלאָסענע ליפּען. ער האָט אין דער היים פיער קינדער און א לונגענקראנקע פרוי אין אראָזאַ. די קינדער וואקסען ווילד אונטער דער שוואכער אויפזיכט פון א הויזדאמע, אויף וועלכע מען קען זיך ווייניג פערלאָזען, ווייל די קינדער פיהלען, אז זי איז נאָר א דיענסט אין הויז, און זי קען דעריבער אויף זיי קיין איינפלוס ניט האָבען.

מעלער ווידער איז א בילד פון בליהענדער געזונדהייט. ער איז די „קעגעלקוגעל" פון באטאליאָן. ער איז ווירקליך אזוי רונד, און עלאסטיש ווי גומי, און כמעט אזוי ברייט ווי לאנג. ביי די פּאראדען האָט ער אלע מאָל געשפּיעלט א מיזעראבעלע ראָל. עס איז געוועזן א מאטערניש מיט איהם, ווען ער איז נאָך געוועזן אויבערלייטענאנט און לייטענאנט און פלעגט מוזען שטעלען מיט זיינע קורצע פיס דריי טריט אין פראָנט — אין פּאראד! ער פלעגט קאָמפּראָמעטירען די גאנצע קאמפּאניע. פון ריכטונג און האלטונג האָט ער ניט אָנגעהויבען צו וויסען. אָבער ער איז א טרייער חבר. מעלער איז אַן אלטער בחור צוליעב דער איינפאכער אורזאך, דאָס אלע רייכע און מעהר אָדער ווענינער פּאסענדע כלות אין גארניזאָן פלעגען איהם אָבזאָגען, ניט קוק־קענדיג אויף זיין גאנצע פּאָרזיכטיגקייט אין אזעלכע זאכען. איצט האָט ער אין גאנצען אויפגעהערט זוכען כלות, איז מיט לייב און לעבען פערטאָן אין קאזינאָ־לעבען, האָט דאָס ער־קלערט פאר א מין פערפעטואום און פיהלט זיך זעהר גוט. אמת, פון די פיעלע „עכטע" ווייינען ווערט איהם פון יאָהר צו יאָהר אלץ שווערער אויסצוקלייבען זיך א פערד. די מלחמה איז דעריבער פאר איהם איינפאך א גליק, וואָס איז מעהר ווערט, ווי זיעבען קורען אין מאריענבאד.

זיין היפּוך אין יעדער בעציהונג איז לאכמאן. די סאָל־דאטען פון זיין קאָמפּאניע רופען איהם „ווינטהונט". ער איז לאנג און דאר, ווי א שטעקען, זעהט אויס ווי אַן ענגלישער טעניס־שפּיעלער און האָט אין זיין יוגענד געוואוינט אין האמ־בורג די שווערסטע מאטשעס. ער טראָגט ניט קיין באָרד און רייט אויף א רויטען פערד, וואָס שטאמט אָב פון א דערבי־זיעגער.

מיט דער ציגאר צווישען די צייהן זאָגט דער מאיאָר:

— איך בעט אייך, מיינע הערען, זיך זעצען!

די „קעגעלקוגעל" ווייל, ווי געוועהנליך, זאָגען עפּעס א וויץ, אָבער דער וויץ בלייבט אויף זיינע ליפּען. בערקערסבורג האָט ארויסגערעדט די פריינדליכע ווערטער מיט א טאָן, וועלכער

— יע, אנדערע, בערקערסבורג: די איצטיגע צייט, אין וועלכער מען קעמפט דאָך נאָר פאר מאטעריעלע זאכען, האָט מיך געמאכט גלייכגילטיג צו אלץ, וואָס איז מאטעריעל. בעזיץ איז פאר מיר א בעגליקענדע אידעע געוואָרען, ליעבע — נאָר א שטימונג פול זעליגקייט, פריינדשאפט — גליק, וואָס ליעגט אין מיר אליין. קענסטו דאָס פערשטעהן, בערקערסבורג? אלץ איז נאָר א קוואל פון נייע טענער, נייע מעלאָדיען! און דאָס, וואָס איך קען דאָס ד י ר זאָגען, בערקערסבורג, ד י ר, אין אנגעזיכט פון די מיט רויך בעדעקטע רואינען פון טראָיאַן, דאָס איז דאָס אייגענטליך גרויסע אין דער איצטיגער שרעק־ליכער צייט, וועלכע איך וואָלט אַנדעריש ניט געקענט פערטראָ־גען. און נאָך מעהר! איך ליעב דאָס לאַנד, אין וועלכען מיר צינדען דאָס פייער פון קריעג, אויף וועמעס ערד מיר דארפען הייגט פאלען. איך קען אין זיך ניט געפינען די קראפט פון דאָס, און דעריבער בין איך אזוי גליקליך, פערשטעהסטו מיך?

— איך מיה מיך דיך נאָכצופאָלגען.

— טו דאָס, טו דאָס, בערקערסבורג! עס וועט זיך לוי־גען, אויב דאָס שיקזאל וועט וועלען, אז דו זאָלסט נאָכאמאָל זעהן די היימאט. וואקס אריבער זיך אליין, בערקערסבורג, דאָ, אויף דעם מיט בלוט פערטרונקענעם באָדען פון דעם לאַנד, וואָס איז געוועזען די וויעגע פון אלע גרויסע אידעען פון דער מענשהייט! אויך מיר וועלען דאָך נאָר פערזעעט ווערען אויף דעם באָדען, דו פערשטעהסט מיך?

דער מאַיאָר שווייגט. אדאָלף׳ס עקסטאז אינטערעסירט איהם ניט. דעם אמת, וועלכען ער וויל דערגעהן, קען ער ניט ערפאהרען פון אָט דעם מויל, קען ניט איבערלעזען אויף אָט די געזיכטסצוגען. ער דערפרעהט זיך, ווען ער דערהערט טריט אויף די טרעפ פון מאַנמירואר, דאָס זיינען די טריט פון די קאַ־פּיטאַנען, וועלכע דער אדיוטאַנט האָט געבראכט אהער צו א קורצער בעראטונג. די קאפּיטאַנען קומען אריין, מעלער פון דער פינפטער קאָמפּאַניע, ברענערט פון דער זעקסטער און לאַכ־מאַן פון דער זיבענטער.

## VI

די קאַנדידאטען פון טויט פון דעם צווייטען באטאַליאָן קומען אריין מיט דיזעלביגע פאָרמאַליטעטען, ווי פריהער די הערען פון שטאַב. אמת, זיי האָבען נאָך קיין אהנונג ניט וועגען דעם, וואָס זיי שטעהט פאָר: ברענערט, דער עלטסטער, האָט ניט קיין האָר אויף זיין קאָפּ, און זיין שטערן איז בעדעקט

בורג'ען. אין דעם בעשטעהט דאָך בערקערסבורג'ס טראגעדיע, דאָס הייסט, זיינע, איהרע און זיין אייגענע, וואָס בערקערס־בורג איז אזא מענש, און ניט קיין אנדערער, אויף דעם גרונד פערצייהט ער איהם איצט זיין ליעד.

— נו, פילאָסאָף?

— אויב דו ווילסט מיך אזוי רופען, בערקערסבורג...

— ביטע, איך בין די אויפמערקזאמקייט אליין.

— דו טוסט מיר צופיעל עהרע! איך בין נאָר א קינסט־לער, אדער קוים א קינסטלער, א דילעטאנט אין בעסטען פאל, בערקערסבורג, אָבער איך ליעב מיין קונסט!

— איך וויים: טאלי, טאלי...

— אויב דו קענסט ארומנעמען קונסט אין אזוי ווענינ טענער, בעוואונדער איך דיך, בערקערסבורג... איך בין אזוי דאנקבאר, וואָס איך קען היינט ניט זיין אין כעס.

— וועמען ביזטו דאנקבאר? אפשר מיר? אדער דער סי־טואציאָן, אין וועלכער מיר געפינען זיך היינט? רעד!

— דעם לעבען בין איך דאנקבאר, בערקערסבורג, און דעם שיקזאל! דעם לעבען דערפאר, וואָס ער האָט מיר נאָך גע־געבען היינט, דעם שיקזאל, ווייל עס האָט מיך געבראכט אהער, אין אָט דאָס לאנד און אין דעם איצטיגען קריעג!

— איך בין אויף דעם העכסטען גראד געשפאנט, פילאָ־סאָף, אונזער איינער דארף נאָך זעהר, זעהר פיעל לערנען, צום לערנען איז דאָך גאָר קיין גרענעץ ניטאָ! ביטע, רעד ווייטער אין דעמזעלבען טאָן!

— אויב דו ווילסט דאָס!

— איך זאָג דאָך דיר!

— ווערסטו מיך פערשטעהן, בערקערסבורג, ווען איך זאָג דיר, אז אָט די צייט האָט אין מיר פערזאכט אן איבערראש־צונג פון אלע ווערטען?

— דאָס איז פאר מיר צו הויך, אדאָלף!

— ווען דו וואָלסט זיך נאָר נענעבען די מיה ווענען דעם נאָכצודענקען! איך האָב אמאָל געהאט א וואונש, בערקערס־בורג. איצט, אין דער לעצטער שעה פאר'ן טויט דארף איך דאָס ניט פערשווייגען.

— וואָס מיינסטו? — פרעגט דער מאיאָר מיט א פער־שטיקטען קול, — איבריגענס, איך וויים וואָס דו מיינסט!

— נאָך בעסער! מיינע וואונשען, און בעזונדערס יענער וואונש, זיינען די לעצטע וואָכען געוואָרען אנדערע?

— אנדערע?

פּאַניע איז אין גאַנצען פערניכטעט, דאַן ערשט טרעט אריין אַן אַנדערע. מיר מוזען דעם פיינד אָבנאַרען וועגען אונזערע קרעפטען, ער זאָל גלויבען, אַז אונזער מאַכט אין וואַלד איז זעהר גרויס. איין סאָלדאַט נאָך דעם אַנדערען, איין שאָס נאָכ'ן צווייטען, ניט מיט אַמאָל, אום מיר זאָלען זיך קענען האַלטען וואָס לענגער!

— יע, איך פערשטעה דיך זעהר גוט, בערקערסבורג, און איך בין גרייט.

ווידער דער זוכענדער, פאַרשטענדער בליק פון די וואַסער־בלויע אויגען פון מאַיאָר, דער בליק וויל אַריינדרינגען אין דעם קאַפּיטאַן'ס נשמה, אָבער אויף זיין געזיכט זעהט מען גאָרניט: קיין שרעק, קיין אנגסט, קיין ליידענשאַפט! ניט פרייד אָדער צופרידענהייט, ניט מוט און ענטשלאָסענהייט, ניט קאַמפּס־לוסט, — גאָרניט, גאָרניט! ער איז איינפאַך גרייט, ווי ער זאָגט, און מעהר גאָרניט.

דער מאַיאָר גיט ענדליך אויף דעם פערזוך איבערצולעזען וואָס אין די געזיכטסצוגען פון קאַפּיטאַן, וואָס זיינען ווי פער־שטיינערט. אָבער זאָל ער זאָרגען וועגען זיך! איהם, בערקערס־בורג'ען, ווענען איבערבלייבען די אַלע טאָרטורען פון צווייפעל, ווען יענער וועט אַוועקטראָגען זיין געהיימנים מיט זיך אין קבר, און ער אליין וועט דעם טאָג איבערלעבען. אָבער צו וואָס דאָס איבערלעבען? א טייוועלשע בייזקייט כאַפּט איהם פּלוצ־לונג ארום. איינענטליך, יע, ער דאַרף דאָס איבערלעבען, אום צו ברענגען איהר די נאַכריכט פון זיין טויט, אום איהר צו קו־קען אין די אויגען, ווען ער וועט איהר זאָגען: דאָרט, אין פראַנקרייך'ס פרעמדער ערד, אין וואַלד הינטער טראַיאַן, אין א מאַסענגרוב, רוהט צוזאַמען מיט הונדערטער און הונדערטער אַנדערע... דיין פריינד!

איינענטליך, יע... ווען... אָבער קאָמפּאַניענווייז, דאָס גאַנצע באַטאַליאָן, ביז צום לעצטען מאַן, ביז צום מאַיאָר — ביז צו איהם אויך...

ער זאָגט מעהר קיין וואָרט ניט. ער פייפט צווישען די ציינער:

שטיוועל שטיוועל, דו מוזט שטאַרבען.
און ביזט נאָך אזוי יונג, יונג, יונג —

אזא ליעד פּאַסט צו איהם, צו זיין שטימונג און צו זיין אָבשאַצונג פון מענשען!

אַראָלף שוידערט אויף, אזא ציניזם רופט ביי איהם ארויס עקעל, אָבער נאָר אויף איין אויגענבליק. ער קען בערקערס־

— איך האַלט מיך צוריק פון יעדער קריטיק, בערקערס־בורג! איך קאָנסטאַטיר נאָר פאַקטען. די ענטשיידענדע פאַק־טאָרען זיינען דאָ פאַנצערטורעמס און מערזער, ניט מוט און קראַפט, און װעניגער פון אַלץ געניאַליטעט.

— אַזוי...

— יע... און דעריבער בין איך גרייט! דאָס איז אַ שפּיעל, ניט מעהר. אָבער די איינזאַצען זיינען פערשידען, ווייל איין לעבען איז ניט גלייך צו אַ צווייטען!

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— נו, דאָס זאָל שוין דיין שאַרפזין ענטשיידען. דער הינדו און דער טורקאָ, דער דייטשער געלעהרטער און דער מיט־גליעדער פון פּאַריזער אַקאַדעמיע, וועמען מען האָט דאָ בעוואַ־פענט און געשטעלט איינעם געגען דעם צווייטען, זיינען, דוכט מיר, ניט קיין גלייכע איינזאַצען. איך ווער ניט בעגייסטערט פון אַ שפּיעל, אין וועלכער איינער שטעלט איין אַן אַרבעס, און דער אַנדערער — אַ גאָלדשטיק. אָבער צו דער זאַך! הייסט דאָס, שטעהט היינט פאָר צו שטאַרבען, זאָגסטו?

— יע, די מעלדונג...

— וועלכע איך האָב געבראַכט?

— גאַנץ ריכטיג, די מעלדונג, וואָס דו האָסט געבראַכט, דערצעהלט, אַז אונזער אויפקלערונגסדיענסט האָט בעמערקט אַ בעוועגונג פון שטאַרקע פיינדליכע קאָלאָנען הינטער דעם וואַלד פון טראָיאָן. אונזער רעגימענט האָט בעקומען אַ בעפעהל צו בעזעצען דעם וואַלד און אויפצוהאַלטען דעם פיינד, ביז אונזער לינקער פליגעל וועט אַרומרינגלען די פעסטונג פון טראָיאָן. אַפילו ווען דאָס זאָל דויערען אַן אייביגקייט, אַזוי האָט דער אַלטער געזאָגט. פערשטאַנען?

— פאָלשטענדיג, בערקערסבורג!

— איך האָב געבעטען די ערלויבניש אָנצוהויבען מיט מיין באַטאַליאָן די בעזעצונג פון וואַלד, אַדאָלף!

— דו האָסט גוט געטאָן. איך וואָלט אויף דיין אָרט אויך ניט אַנדערש געהאַנדעלט. ו ו ע ן די אָדער אַן אַנדער צאָהל וועט אַרויסשפּרינגען פון קעסטעל, איז דאָך, אין גרונד גענו־מען, אַלץ איינס. זי שפּרינגט אַרויס פריהער אָדער שפּעטער, דאָס איז אונז גענוג צו וויסען און זיך מיט דעם רעכנען, בער־קערסבורג.

— מען וועט מוזען שפּאָרען, זאָגט דער אַלטער, שפּאָרען ביז צום לעצטען מאַן, ביז צו דער לעצטער קויל. קאָמפּאַניען־ווייז וועלען מיר געהן, פערשטעהסט, אַדאָלף? ווען איין קאָמ־

— ער וואָלט זיך דערשראָקען, — טראַכט דער מאַיאָר, — ווען ער וואָלט געווען מיט איהר פערבונדען, אָדער וואָלט גע־האָפּט אויף איהר ליעבע, געטרוימט צוריקצוקומען אין איהרע אָרעמס. ער וואָלט זיך דאַן זיכער דערשראָקען, ווי האַמאַן האָט זיך דערשראָקען און האָט געציטערט, ווען ער האָט א טראַכט געטאָן וועגען זיין יונגער פרוי. אָדער איז ער אַזאַ מייסטער אין דער קונסט פון פערשטעלען זיך? אָדער האָט ער נאָך האָפ־נונג? אפשר גלויבט ער מיר גאָר ניט? — דער מאַיאָר ווידער־האָלט:

— דער טויט שטעהט פאַר, אַלטער פריינד! נאָך היינט!

— ווידער ווארפט ער אויף איהם אַן אויספּרואוועגדען בליק.

נאָר אדאָלף ענטפערט קאַלט און רוהיג:

— איך האָב דיך זעהר גוט פערשטאַנען, בערקערסבורג, דער טויט שטעהט פאַר, און איך בין גרייט. דאָס ווייס דאָך יע־דערער, דערצו איז דאָך יעדערער גרייט, וואָס איז געקומען געוואָרען אין דעם איצטיגען קריעג.

— אין דעם א י צ ט י ג ע ן? איז דער איצטיגער קריעג פערשידען פון אנדערע, אדאָלף?

— יע, דער איצטיגער קריעג איז אַן אַנדערער.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— איך מיין מיט דעם אָט וואָס: אין דעם איצטיגען קריעג איז וויכטיג די צאָהל, ניט דער מוט און די קראַפט.

ערשטוינט קוקט דער מאַיאָר אָן דעם קאַפּיטאַן.

— נאָר די צאָהל?

— דו האָסט מיך ריכטיג פערשטאַנען, בערקערסבורג, מיר אַלע זיינען נאָר צאָהלען. די ערשטע צאָהלען שטעהען אויף דעם פערלוסט־קאָנטאָ, אפשר וועלען די לעצטע צאָהלען קומען אויף דאָס קאָנטאָ פון זיעג. אַלץ וועט אָבהענגען פון דעם, ווער עס וועט האָבען אָט די לעצטע צאָהלען.

— אַזוי פערשטעהסטו דאָס, אדאָלף?

— אַזוי און נאָר אַזוי. ווער עס וועט האָבען די לעצטע רעזערווען, דער, און נאָר דער וועט זיעגען אין דעם קריעג. טראַ־יאַן ברענט, ברענט דורך עפּעס א מאַשין. מאַשינען דארפען ניט קיין העלדען, זיי דארפען נאָר צאָהלען. דאָס איז מיין מיי־נונג. קריעג געגען מאַשינען איז שוין אליין אַן אונזיניגע זאַך, בערקערסבורג.

דער מאַיאָר ווערט אויפגערעגט:

— מיר דארפען דאָ ניט קריטיקירען, אדאָלף!

## IV

— דו האסט געענדיגט? — פרעגט דער מאיאר אין עט־ליכע מינוטען ארום.

— יע, — ענטפערט אדאלף, צופרידענדיג דעם בריעף פונקט ווי ער האט איהם גענומען פון מאיאר.

— נו?

— איך בין זעהר גליקליך!

— ווירקליך, אדאלף?

— יע, בערקערסבורג. איך פרעה מיך, וואס זי נעמט אלץ אן, ווי עפעס, וואס איז בעשערט. דאס איז דאך דאס איינציגע, וואס מיר קענען טאן אין אזא לאגע. מיך פרעהט אויך, וואס זי איז אריין אין לעבען דארט אין פאלקענשטיין.

— המ... און וואס די רוסען האבען נאך דארט ניט אבגע־שטאט זייער וויזיט?

— דאס פרעהט מיך אויך. אבער וועגען דעם זארגט שוין הינדענבורג.

— דאס ווייזט טאקי אזוי אויס. אבער די הויפטזאך איז, אז ד ו ביזט גליקליך, דאס איז דאך געווען דער צוועק פון איהר בריעף. אדער ניט אפשר?

דער מאיאר האט שארף בעטאנט דאס ווארט „דו". ווידער האט זיך אין זיינע וואסערבלויע אויגען בעוויזען עפעס לויערנ־דעס. אבער אדאלף האט דאס אין זיין גרענצלאזען צוטרויען צום עלטערען פריינד און אין דעם בעוואוסטזיין פון זיין פאל־שטענדיגער אונשולדיגקייט ניט בעמערקט. דער מאיאר בייסט די עקען פון זיינע גרויסע וואנצען. פלוצלונג רייסט זיך ביי איהם ארויס:

— ה י י נ ט ש ט ע ה ט א ו נ ז פ א ר ד ע ר ט ו י ט!

איין אויגענבליק קוקט איהם אדאלף אן מיט אן אונגלויבינען, פרעגענדען בליק: דאן זאגט ער איינפאך:

— איך בין גרייט!

ביי די ווערטער קוקט דער מאיאר אויף איהם מיט אן אויספרואווענדען בליק, ווי וועלענדיג אריינדרינגען אין זיין הארץ, דאס איז א בליק, וואס זוכט אין דער טיף פון דעם צווייטען'ס נשמה, א בליק, מיט וועלכען דער מאיאר פרואווט אויס זיינע אונטערגעגעבענע, וועלכע מען האט פאר איהם רע־קוויזירט. אדאלף קען דעם בליק גוט. קאלט און מיט א שמייכעל בעגעגענט ער איהם.

איך האָב בעקומען א בריעף פון מעלאניע'ן, דו האָסט זיך וועגען דעם געוויס דערוואוסט אויף דער פעלדפּאָסט און ביזט צוליעב דעם געקומען, ניט אמת?

— געוויס בין איך צוליעב דעם געקומען!

העל און פריינדליך בליצען אויף די קלאָרע, ווארימע אויגען פון דעם קאפּיטאַן, און א לויערענד פייערעל לויפט דורך אין די וואסערבלויע אויגען פון דעם מאיאָר.

— ווילסטו מיר ווייזען דעם בריעף?

— אָבער מיט דעם גרעסטען פערגניגען. מעלאניע און איך האָבען קיין געהיימניסען ניט פון דיר, קיין צערטליכקייטען... ניין, ניין... מיר זאָלען האָבען סודות פון דיר...

— דו ביזט היינט אזוי זאָנדערבאר, בערקערסבורג!

— ווירקליך? ניין, נו האָסט א טעות!

— עס איז דאָך אזוי נאטירליך, דאָס איך, דיין אלטער קאמעראַד און פריינד פון דיין הויז, וואָס האָט געהאט די עהרע צו פערקערען מיט אייך כמעט יעדען טאָג, זאָל זיך אינטערעסירען מיט נאכריכטען, וואָס קומען אָן פון פאלקענשטיין. געפינסטו דען ניט, אז דאָס איז גאנץ נאטירליך, מיין ליעבער בערקערסבורג?

— נו, געוויס האלט איך דאס פאר גאנץ נאטירליך! וואס דען מיינסטו?... אָט, לעז! אָבער שנעלער, באלד וועט מען קומען. איך האָב גערופען אהער די הערען פון מיין באטאַליאָן, וועגען אַ מעלדונג, וואָס דו, אראָלף, האָסט אזוי דיענסטאייפריג געבראכט...

— איז די מעלדונג ווירקליך געווען אזוי וויכטיג?

— פון דער גרעסטער וויכטיגקייט! מיר וועלען באלד וועגען דעם רעדען, אבער איצט לעז. דעם אָרט וועגען די היהנער און טויבען, וואס זי פיטערט איצט אין פאלקענשטיין, מעגסטו אויסלאָזען. א ריינע אידיל! אויף פאלקענשטיין מיט דעם היהנערהויף און דעם אלטען, וואָס ליידט פון פּאָדאגרא!...

— דו דארפסט זיך פרעהען, בערקערסבורג, וואָס זי איז פרעהליך און געזונט און מונטער!

— דאס פרעהט מיך טאקי!

אראָלף פערטיפט זיך אין בריעף, און דער מאיאר געהט ווידער צום פענסטער און שטעלט אָן זיין בינאקל אויף דאס ברענענדע טראיאָן.

פערזיכטיג צוהערן צו אַט די טריט! דאָס זיינען אדאָלף׳ס טריט.

— גוטען מאָרגען, בערקערסבורג!

— גוטען מאָרגען, אדאָלף!

ניט קוקענדיג אויף דעם אויטערשיעד אין יאָהרען און ראַנג, זאָגען זיי זיך ביידע „דו״... זיי האָבען אמאָל אין א פרעהליכער מינוט געטרונקען ברודערשאַפט. שולדיג אין דעם איז געווען דער מאיאָר, וועלכער האָט דאן, אונטער דער ווירקונג פון וויין, אנגעבאָטען דעם חבר דאָס פערטרויליכע „דו״.

— איך האָב דיך דאָ געזוכט, בערקערסבורג!

— זעהר שעהן פון דיר!

— יע, דער אַלטער האָט דאָך אהער גערופען דעם שטאַב, האָב איך געמיינט, אז דו ביזט נאָך דאָ.

— זעהר ליעבענסווירדיג! ריכטיג, דער אלטער האָט אויף זיעבען היינט גערופען אהער זיין שטאַב... ווילסט אפשר טרינקען?

— ניין, א דאנק!

— נו, ווי דו ווילסט... אָבער מיר האָבען דאָס דאָ גענוג און ביליג. ווערסט אפשר מעהר אזא ביליגען סעקט ניט טרינקען, אַלטער קאַמעראַד!

— דאָס קען זיין! — זאָגט דער קאפּיטאַן אין א רעזיגנירטען טאָן.

האָט ער שוין עפּעס דערהערט? ניין, ער האָט שוין אזא עלעגישע נאַטור... א מוזיקער, א ליריקער, קלערט בערקערסבורג און צוקט מיט די אַקסלען.

— זעה! טראַיאַן ברענט!

— ברענט?...

— קענסט אַליין זעהן! נעם מיין בינאָקל.

אדאָלף שטעהט ביים פענסטער לעבען מאיאָר. ער בעטראַכט די גאַנצע געגענד. און דאָס ברענענדע טראַיאַן שטייגט פאר זיינע בליקען ווי אַן אָפּפּעראַלטאַר.

— אונזערע ברומער האָבען דאָס אויפגעטהאָן!

אדאָלף שווייגט. ער וויל געפינען אַנאַנדער טעמא פאר דעם געשפּרעך און זאָגט:

— ווי רייך דאָס שלאָס מאָנמירוואַר מיט זיין פּאַרק!... מען קען דאָ שטונדענלאַנג טרוימען וועגען ווערסאַל, טריאַנאָן און די לודוויגען...

— ביזטו געקומען אהער, אדאָלף, אום דאָס מיר צו זאָגען?

בענגראָבען אונטער זיך דעם גאַנצען גאַרניזאָן. וויפיעל קענען דאָרט זיין? צוויי הונדערט און פופציג, ניט ווייניגער, — שמייכעלט ער מיט צופריעדענהייט. מיט דעם שאָס וועלען מיר שוין דעקען די קאָסטען, ווען דער טורעם וועט איינפאַלען, אמת, אביסעל טייער, צו הונדערט מארק א מאַן, אָבער דער טורעם איז דאָך אויך עפּעס ווערט!

דער אריינקומענדער לאַביש אונטערברעכט זיינע חשבונות. ער טראָגט אויף א זילבערנער פּלאַטע א פלאַש שאַמפּאַניער און א באָקאַל פון בעהמישען קריסטאַל. לאַביש גיסט אָן דעם באָקאַל, און דער מאיאָר טרינקט אויס אין איין אָטעמצוג. עס איז איהם איצט, ווי ער וואָלט דאָס ווערגעניש אראָבגעשלונגען צוזאַמען מיט דעם וויין. לאַביש גיסט נאָכאַמאָל אָן און געהט צום טיר.

— וואַרט, מיין פריינד, אַזוי געהט ניט!

לאַביש קערט זיך אום ביים טיר.

— איהר פערלאַנגט וואָס, מאָנסיע? נאָך א פלאַש?

— ניין, ניין, — אָבער מיר בעצאָהלען פאַר אַלץ, נאַט, נעמט, מיין פריינד! — ער גיט איהם פינף פראַנק.

— א גרויסען דאַנק, מאָנסיע!

אויף דער מטבעה איז דאָס בילד פון לואי פיליפּ, דעם בירגער קעניג! ווי אָפט דאָס בייטען זיך די רעגירונגען אין פראַנקרייך, קלערט דער מאיאָר, פראַנקרייך בייט זיי, ווי מען בייט די זאָקען. לואי פיליפּ, דער בירגער קעניג. ווי לאַנג צוריק איז דאָס געווען?

לאַביש איז שוין ארויסגעגאַנגען.

דער מאיאָר וויל זיך דערמאָנען אַלץ וואָס ער האָט געלערענט אין קאַדעטען קאָרפּוס. לואי פיליפּ, דער בירגערקעניג, דאָס האָט געמוזט זיין אין מיטען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, בעשליסט ער. אָדער נאָך פריהער? ריכטיג, אין די דרייסיגער יאָהרען. איבריגענס, דאָס איז דאָך אַלץ איינס. יעדענפאַלס, פריהער איידער נאַפּאָלעאָן האָט געמאַכט זיין שטאַאטסשטרייך און די צווייטע אימפּעריע איז געגרינדעט געוואָרען, מיט וועלכער מיר זיינען פאַרטיג געוואָרען ביי סעדאַן. די פראַנצויזישע נאַזקלאַנגען קלינגען פאַר דעם מאיאָר ווי פאַנפאַרען... זיין בליק וואַנדערט ווידער איבער דעם ברענענדען טראָיאַן.

פּלוצלונג דערהערט ער טריט אין דרויסען אין דאָן אין קאָרידאָר פון שלאָס. ער קען די טריט צו גוט! ווי אָפט פלעגט ער אין הייטישען גאַרניזאָן, אין זיין ווילא אויפ'ן רהיין זיך איי־

קעשענע פון מונדיר. רוהיג וויל ער זיין, אויספאַרשען די זאַך גרינדליך און דאַן האַנדלען.

אַראַלף וועט דאַך זיכער קומען. ער האָט געוויס נאָכגע־פּרעגט ביים וועלאָסיפּעדיסט, וואָס האָט געבראַכט דעם בריעף, צי עס איז ניט געווען וואָס פון פאַלקענשטיין, און ער וועט קו־מען. ביז דאַן, — רוהיג זיין. און דאַן וועט ער שוין האַנדלען. דאָס לעבען פון נאַנצען באַטאַליאָן איז דאָך היינט אין זיינע הענט! דאַן, דאַן!

מעכאַניש געהט ער צום טיר און דריקט דאָס עלעקטרישע גלעקעל. עס איז איהם טרוקען אין האַלז, ניט גויסצוהאַלטען. דער קעלער פון שלאָס מאָנמירוואַר איז פול מיט די בעסטע ווייּ־נען, דאָס האָט איהם קאָמאַנדיר פאָן טראַוטמאַן אליין דער־צעהלט, פאָן טראַוטמאַן, ווען עס איז פערבאָטען צו טרינקען וויין, צוליעב זיינע גאַלשטיינע־, נאָר פאַבינגער, פאַבינגער האָט מען ספּעציעל פאַר איהם מיטגענומען אין באַנאַזשוואָגען.

אין א ווײלע אַרום קומט אַריין לאַביש.

— וואָוז אוועי סאָנעי, איהר האָט געקלונגען, מאָנסיע?

— יע, איך האָב געקלונגען.

דער מאַיאָר רעדט פראַנצויזיש מיט אַזא שרעקליכען אַק־צענט, אַז דאָס ווירקט אויף די נערוועז פון דעם אָרימען לאַביש. נאָך אַזאַ רעדען, קלערט ער, איז דעם אונטעראָפיציר'ס געבראָ־כענער פראַנצויזיש אַן אמת'ע ערהאָלונג. דעם מאַיאָר'ס פראַנ־צויזיש האָט דעם האַרטען טאָן, וועלכען זיין שטים האָט גע־מוזט אָננעמען נאָך אַזוי פיעל יאָהרען אויף די איבונגספּלעצער און אין די קאַזאַרמען.

דער מאַיאָר נעהט אַרויס פון זיין ראָל. ער פערגעסט, וואו ער געפינט זיך און מיט וועמען ער רעדט. זיינע געדאַנקען זיינען שוין ווידער ביי אַראַלף'ן און מעלאַניע'ן און דעם פאַלשען בריעף, וואָס ער האָט היינט בעקומען פון פאַלקענשטיין.

— האָט איהר סעקט, מיין פריינד?

— איך פערשטעה ניט, מיין הערר! סעקט! וואָס איז דאָס אַזוינס — סעקט?

— שאַמפּאַן, שאַמפּאַן, מאָן אַמי!

— אַ געוויס, מאָנסיע, איך וועל געהן זוכען.

לאַביש געהט אַרויס.

דער מאַיאָר שטעהט ווידער ביים פענסטער. טראַיאַן ברענט, ברענט מיט אַ העלען פייער, דאָס איז אַביסעל געווען אַ שאָס! אַ רויך בעווייזט זיך פון פאַנצערטורעם. ער וועט צופאַלען און

זער. דער מאַיאָר איז זעהר שטאָלץ אויף אַט די צושטערונגס
מאַשינען, ווי ער וואָלט אַליין געווען דער גייסטיגער פאָטער
פון דער אידעע צו שאַפען אַזעלכע קאַנאָנען, וואָס קענען צו־
האַסען די דיקסטע ווענט פון בעטאָן און די שטאָהלפּלאַטען פון
פאַנצערטורעמס.

ער איז דאָך אַליין געשטאַנען אונטער ליעזש און האָט גע־
זעהן, ווי לאַנסען איז צופאַלען אין שטויב.

צוויי און דרייסיג טויזענד מארק קאָסט איין איינציגער
שאָס.

ווי אַ דונער טראָגט ער זיך איבער דער ערד. אין די דערפער,
וואָס זיינען עטליכע קילאָמעטער ווייט, ווערען די פענסטער־
שויבען אויסגעקלאַפּט, און די מאַנשאַפט, וואָס בעדיענט די
מערזערען, ווערט נאָך עטליכע אַזעלכע שאָסען טויב.

פון אַט דער קאָלאָסאַלער אַרבייט דענקט מאַיאָר פאָן בער־
קערסבורג, שטעהענדיג ביים פענסטער פון שלאָס מאַנמירוואַר
און בעטראַכטענדיג די געגענד דורך זיין צאַים. ער שטעלט אָן
די גלעזער אויף דעם לינקען פאַנצערטורעם פון איין פאָרט פון
טראַיאָן.

— דאָס איז געוועזען אַביסעל אַ שאָס! — דעם מאַיאָר'ס
הארץ ווערט איבערפילט מיט פרייד, ווען ער קאָנסטאַטירט דעם
שרעקליכען פאַקט.

טראַיאָן ברענט. אַ גרויסע פרייד נעמט ארום זיין נשמה.
אָבער פלוצלונג כאַפּט ער זיך צו זיין מונדיר און וויל עפנען דעם
קראַגען. עס איז צום דערשטיקט ווערען, ווי עפּעס אַן אומזיכט־
באַרע האַנט וואָלט איהם געוואָרגען, ניט קוקענדיג אויף די
יובעלענדע פרייד, וואָס האָט איהם ארומגענומען, ווען ער האָט
דערזעהן, אַז טראַיאָן ברענט.

ער שטעלט אַוועק זיין בינאָקל אויפ'ן פענסטער. מיט דער
רעכטער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטען דאָס פעלדגלאָז,
נעמט ער זוכען אין די קעשענעס פון זיין מונדיר. מיט ציטע־
רענדע הענט נעמט ער ארויס אַ בריעף, לויפט דורך נאָכאַמאָל
מיט די אויגען און רעדט ארויס צווישען די ציינער:

— עס איז אוממעגליך צו גלויבען, אוממעגליך, ווען מען
זעהט דאָס ניט מיט די אייגענע אויגען! פרויען... פרויען...

ער וויל מעלאַניע'ס בריעף צוזאַמענקנוילען און אוועקוואַר־
פען ווייט פון זיך אין טהאָל פון מאאַס, דאָרט, וואו די דערפער
ברענען. דאַן אָבער בעדענקט ער זיך, לייגט איהם זאָרגפעלטיג
צונויף, לייגט איהם אַריין אין קאָנווערט און בעהאַלט איהם אין

איז, אָבער דריי יאָהר, ווי ער, אַ ניין!... ווען מען איז צוואנציג יאָהר עלטער פון דער אויסערוועהלטער, און מען לייהט דעם פערשולדיגטען שוויגערפאָטער געלט...

—איהר האָט ניט צו וועמען צו שרייבען, פּריצעוויץ? — פרעגט ער.

— ניין, הערר מאיאָר!

— איך אויך ניט!

מאיאָר בראון הויבט זיך אויף און זאָגט:

— זייט איהר פארטיג, מיינע העררען?

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר!

— דאן בעט די הערען קאפּיטאנען קומען צו מיר אין מיין קווארטיר.

— און איהר בעט מיינע קאפּיטאנען צו מיר, הערר לייטע־נאנט, — זאָגט האטיננער.

— צו בעפעהל, הערר מאיאָר!

— איהר קענט בעטען מיינע הערען אהער, הערר לייטע־נאנט, דאָס איז דאָס איינפּאכסטע, — ענטשיידט בערקערס־בורג.

— גוטען אפּעטיט! — מיט דעם קאזינאָ גרוס געהט מען זיך פאנאנדער. מאיאָר פאָן בערקערסבורג בלייבט אליין.

V

דער מאיאָר נעמט דעם צאים־בינאָקל, וואס הענגט ביי איהם אלעמאָל איבער'ן אקסעל אין א געלען לעדערנעם שיידעל אויף א געלען רימען, און געהט צום פענסטער. פון דאנען קען מען ווייט זעהן דעם שעהנעם טהאָל פון מאאס. די אויסזיכט פון שלאָס מאנמירוואר האָט אלעמאָל ענטציקט מארקיז ד'ארמאנ־טיער און זיינע געסט. בעזונדערס אין די שעהנע הערבסט טעג, ווען די זון ראנגעלט זיך פון אין דער פריה מיט א לייכטען נע־בעל, וואָס שטייגט ארויף פון טייך, און קומט דאן זיעגרייך ארויס פון דעם ים פון נעבעל און ווארפט בינטלעך שטראהלען אויף די גאָלדענע בלעטער אין די וועלדער פון די ארומיגע בערג־לעך. אָבער דאָס אויג פון מאיאָר, פערשארפט דורך די שטארקע גלעזער, זעהט ניט דעם רייץ פון דער וואונדערבארער געגענד, וועלכע קען אין איהר הערבסט שעהנקייט בעגייסטערען א דיכ־טער צו אן אָדע אין סטיל פון אנאקרעאָן. פון אזעלכע זאכען דענקט ניט דער מאיאָר. זיין אויג זוכט די פעסטונג פון טראָיאָן, וועלכע שטעהט איצט אונטער דעם פייער פון די שווערע מער־

האָט ערשט ערהאַלטען פון זיין מאַטילדאַ, וואו זי שרייבט איהם וועגען אלערליי שעהנע האָפנונגען און וועגען דער האָפנונג צו גאָט. און דאָ — איז נאָר די אויפגאַבע איינפאַך און טראַגיש!

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אויפגעהויבען. ער דריקט אלע הערצען די האַנט. דאַן געהט ער צום טיר און רופט אונטער־אָפיציר וואָלף און הייסט איהם ברענגען זיין „באַק". אזוי רופט קאָמאַנדיר פאָן טראַוטמאַן אלע פערד אין דיענסט.

— די זאַך וועט זיך נאָך אביסעל פערציהען,—זאָגט מאַיאָר פאָן בערקערסבורג, נאָכדעם ווי דער קאָמאַנדיר איז ארויס־געגאַנגען. — מיר ווייסען פון דער ערפאַהרונג, אַז אזעלכע מעל־דונגען קומען אָן צו פריה, אויב זיי שטעלען זיך איבערהויפט ניט ארויס פאַר לינען.

ביי דער בעמערקונג אטמען אייניגע לייכטער אָב.

— איהר האָט דעריבער נאָך צייט, אויב איהר ווילט שיקען אַהיים אַן אנזיכטס קאַרטעל. דאָ האָט איהר קאַרטען און טינט, ווי איהר זעהט, זעהר פיעל. איך ווילט זיך ניט, הערר האַמאַן?

— איך שרייב שוין, הערר מאַיאָר!

—ביטע, גריסט פון מיר אייער יונגע פרוי, הערר לייטע־נאַנט!

— איך דאַנק ערגעבענסט פאַר די עהרע, מאַיאָר!

— ווי לאַנג זייט איהר דען געוועזען פערהייראַט, הערר האַ־מאַן, ווען דער קריעגסבעפעהל איז געקומען?

— פונקט א וואָך, הערר מאַיאָר!

— ריכטיג, ריכטיג. מיין פרוי און איך זיינען דאָך געוועזען אויף דער האָכצייט. ווי אזוי האָב איך דאָס גאָר געקענט פער־געסען! גריסט אייער פרוי!

— א דאַנק, הערר מאַיאָר!

אויך די אַנדערע האָבען זיך אַנידערגעזעצט צו שרייבען. נאָר דער קליינער פריצעוויץ שטעהט ביים קאַמין טיף פער־זונקען אין געדאַנקען און בעטראַכט דעם זייגער.

מאַיאָר פאָן בערקערסבורג געהט צו איהם צו. ער פיהלט ניט דעם מינדסטען פערלאַנג צו שרייבען נאָכאַמאָל אַהיים, כאָטש ער האָט ערשט היינט אין דער פריה ערהאַלטען א לאַנגען בריעף פון פאַלקענשטיין. „גרים אדאָלף'ען", — איז געשטאַנען אין פּאָסטסקריפּטום. אזוי ווי ער וואָלט נאָר ניט געוואוסט, אז איהר לעצטער געדאַנק וועט זיין וועגען אדאָלף'ען, ניט וועגען איהם, נאָכדעם ווי ער האָט צוגעזעהן דאָס, וואָס ער האָט גע־זעהן... א וואָך, זוי האַמאַן, דאָס, דענקט ער, איז נאָך ווי עם

— צו בעפעהל, הערר קאָמאַנדיר!

— איך ווידערהאָל: די הויפּט זאַך איז — שפּאָרען, מיינע העררען, ביז צום לעצטען מאַן!

דער קאָמאַנדיר מאַכט אַ לאַנגע פּאַוזע און בייסט די ווייסע וואָנצעס. דאָס טהוט ער אַלעמאָל, ווען ער מוז זאָגען ווערטען עס איז עפּעס, וואָס איז ניט אָנגענעהם. די אָפיציערען קענען שוין די געוואוינהייט זיינע. אַזוי טהוט ער אַלעמאָל, ווען ער דאַרף ווערטען אויסריידען אָדער קריטיקירען. נאָך אַ לאַנגען שווייגען זאָגט ער: — דאָס ערשטע באַטאַליאָן, וואָס ווערט אויסטרעטען, ווערט, לויט אַלע וואהרשיינליכקייטען, זיין פערלאָרען, מיינע העררען!

ווידער ווערט ער אַנטשוויגען. דאַן הויבט ער אָן לאַנגזאַם, ווי איינער, וואָס איז געצוואונגען אַרויסצוזאָגען אַ טויט־אורטייל:

— דאָס... דאָס...

מאַיאָר פאָן בערקערסבורג אונטערברעכט איהם פּלוצלונג. ער רעדט שנעל, ענטשלאָסען און אָהן הקדמות:

— איך בעט געהאָרזאַמסט, הערר קאָמאַנדיר, דעם פאָרצוג אַרויסצוטרעטען דער ערשטער מיט מיין באַטאַליאָן!

אַ גליקליכער שמייכעל בעווייזט זיך אויף דעם קאָמאַנדיר'ס געזיכט. דער מאַיאָר האָט מיט זיין ראַשען בעשלוס איהם בעפרייט פון אַן אויפגאַבע, וועלכע איז פאַר איהם געווען זעהר שווער און אונאַנגענעהם.

— אויב איהר בעט מיך וועגען דעם אַליין, הערר מאַיאָר, וועל איך מיט פערגניגען ערפילען אייער ביטע. דאָס צווייטע באַטאַליאָן פון הערר פאָן בערקערסבורג מאַכט דעם אָנהויב. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז דאָס ערשטע און דאָס דריטע וועלען זיין ניט ווייניגער מוטהיג און ענטשלאָסען.

— צו בעפעהל, הערר קאָמאַנדיר!

— צו בעפעהל, הערר קאָמאַנדיר!

דאָס איילען זיך די מאַיאָרען בראַון און האָטינגער צו געבען דעם קאָמאַנדיר זייער פערזיכערונג.

— ווערט נאָך דעם צווייטען באַטאַליאָן געהן דאָס ערשטע, דאַן דאָס דריטע! און איצט, מיינע הערען, הורראַ פאַר זיין מאַיעסטעט!

— הורראַ! הורראַ! הורראַ!

דאָס הורראַ פון דעם טויט פון דיזע קריגער האָט מען קלינגען אַביסעל דין. גראַד איצט דענקט ער וועגען אַ קאַרטעל וואָס ער

קאמאנדיר אביסעל אויפגערעגט. מאיאר פאן בערקערסבורג בעמערקט דאס און ווערט אנטשוויגען.

— די זאך שיינט מיר צו זיין פון דער העכסטער וויכטיגקייט, מיינע העררען, — זאגט דער קאמאנדיר, און ווידער ווערען די נעזיכטער ערנסט און געשפאנט. — די מעלדונג דערצעהלט, אז מען האט בעמערקט שטארקע פיינדליכע קאלאנען, די צאהל ווערט ניט אנגעוויזען, וואס בעוועגען זיך אין דער ריכטונג פון טראיאן. אונזער אויפגאבע, מיינע העררען, איז פערהאלטען דעם שונא, ביז אונזער לינקער פליגעל וועט קענען ארומרינגלען די פעסטונג פון טראיאן. אונזער רעגימענט, ווי איהר ווייסט, מיינע העררען, איז דער איינציגער רעזערוו פאר דעם צוועק, ווייל אלע אנדערע טיילען זיינען פערנומען אין דער שלאכט ארום טראיאן.

— ריכטיג, הערר קאמאנדיר!

— אונזער אויפגאבע איז איינפאך און טראגיש, מיינע העררען.

ביי דעם ווארט „טראגיש" נעהט א לייכטער ציטער דורך די שלאנקע פיגור פון לייטענאנט האמאן. דער בעפעהל וועגען מאבילוזאציאן האט איהם געטראפען אין מירען אויף זיין האכצייטרייזע, ווען ער איז געווען פערהייראט ערשט א וואך. און אזא לאנגע האט דאס ווארט „טראגיש" פאר איהם א ביטערען נאכגעשמאק.

— מיר מוזען דעריבער בעזעצען דעם וואלד פון טראיאן, — זאגט דער קאמאנדיר ווייטער אין א זעהר רוהיגען טאן, — און פערהאלטען דעם פיינד אזוי לאנג, ביז די פעסטונג פון טראיאן וועט אין גאנצען ניט זיין ארומגערינגעלט, ווען דאס זאל דויערען אפילו אן אייביגקייט, מיינע העררען!

— צו בעפעהל, הערר קאמאנדיר!

— מען דארף דעם פיינד פיהרען צו דער איבערצייגונג, אז אונזערע פאזיציאנען זיינען פיעל שטארקערע. אין דעם וואלד וועט עס זיין גאנץ לייכט צו טהאן.

— צו בעפעהל, הערר קאמאנדיר!

— דאס הייסט, מיינע העררען, אז מיר מוזען שפארען, שפארען ביז צום לעצטען מאן און צו דער לעצטער קויל! אין אויפגעלעזטע שיצענליניען, מיט גרויסע שטרעקען צווישען, און שפארען, שפארען, שפארען... מיר טרעטען ארוים קאמפאניענוויז... צוערשט איין קאמפאניע... ווען זי איז פערניכטעט, טרעט אריין אנאנדער קאמפאניע! פערשטאנען, מיינע העררען?

גענגען דעם, — זאָגט דער קאָמאַנדיר, ארויסנעמענדיג פון פּאָרט־סיגאַר א גוטע האוואַנא. יעדערער איילט צו געבען איהם פייער, אָבער דער קליינער פּריצעוויץ איז פלינקער פון אלעמען. ער איז פריהער געווען א קאַוואַלעריסט, נאָר מ'האָט איהם בעשטראָפט פאַר געוויסע שולדען, איבערפיהרענדיג איהם אין אינפאַנטעריע.

די ציגאַרען און ציגאַרעטען ברענגען און פילען אָן מיט רויך דעם זאַל פון דעם מאַרקיז ד'אַרמאַנטיער, אין וועלכען עס איז געווען שטרענג פערבאָטען צו רויכערען. ווען לאַביש וואָלט דאָס געזעהן! אָבער לאַביש זיצט מיט זיין אַלטער אונטען אין קיך און שאָקעלט מיט'ן גרויען קאָפּ.

ווען די הערען פון שטאַב זיינען אריין אין צימער, איז אונטעראָפיציר וואָלף, אויף א וואונק פון קאָמאַנדיר, ארויסגע־גאַנגען.

— מיינע הערען, — זאָגט דער קאָמאַנדיר, — די גאַנצע לאַגע האָט זיך מיט איין מאָל גרינדליך געענדערט, און אלע בעשלוסען, וואָס מיר האָבען געבטען אָווענד אָנגענומען, פער־לירען זייער ווערט.

אלע קוקען געשפּאַנט אויף דעם קאָמאַנדיר. ביים קליינעם פּריצעוויץ פאַלט דאָס מאָנאָקל ארויס פון דעם לינקען אויג. א גליק, וואָס דאָס הענגט ביי איהם אויף א שמאָלען זיידענעם שנור. פון גרויסער ערשטוינונג און צומישונג נעמט ער ארויס פון קעשענע די נאָגעלפייל און נעמט זיך נערוועז צו זיינע פינגער. ער קען איבערהויפּט ניט פערטראָגען קיין קריעגסראַט, און איצט קלערט ער ליעבער וועגען זיין פערד. מען האָט איהם, א דאַנק גאָט, איבערגעלאָזען א פערד, ווען מען האָט איהם בעזעצט צווישען די „זאַמדהאָזען", ווי זיינע אולאַנען פלעגען רופען די אינפאַנטעריסטען.

— יע, אלץ ווערט גרינדליך געענדערט, — ווידערהאָלט דער קאָמאַנדיר, — קאַפּיטאַן אדאָלף פון דער אכטער האָט מיר געבראַכט אָט דעם קאַרפּוס בעפעהל.

— קאַפּיטאַן אדאָלף? — פרעגט איבער מאַיאָר פאָן בער־קערסבורג.

— יע, הערר מאַיאָר, קאַפּיטאַן אדאָלף. דאָס וואונדערט אייך?

— די פיינדליכע פאַרפּאָסטען וואָלטען דאָך ניט דורכגעלאָזען קיין מעלדונגס רייטער ביז וויטרי. די מעלדונג איז וואהר־שיינליך געקומען דורך א לופטפליהער.

— עס ווייזט אויס אזוי, הערר מאַיאָר, — ענטפערט דער

אוינען. זאָל דאָס מעגליך זיין, אז קאַפּיטאַן אדאָלף פון דער אַכטער זאָל ברענגען אזא אויסערגעווענליך וויכטיגע מעל־דונג? א מעלדונג, צוליעב וועלכער דער קאָמאַנדיר האָט פער־געסען אָן זיינע גאַלשטיינער! נו, געוויס, אויב די מעלדונג קומט דורך א לופטפּליהער פון דער אויפקלערונגסדיענסט, דאן מוז זי טאַקי זיין זעהר א וויכטיגע!

דער קאָמאַנדיר ווענדט זיך צו וואָלף:

— איך האָב געהייסען די אָפיצירען פון שטאַב קומען אהער אום זיעבען?

— אום זיעבען, הערר קאָמאַנדיר!

— און וויפיעל איז איצט?

— דריי מינוט פאַר זיעבען, הערר קאָמאַנדיר.

— מיר דוכט, איך הער שוין זייערע טריט.

— דאָס זיינען די הערען.

III

דער רעגימענט שטאַב קומט אריין. זיי געהען אין שטרענגער ארדנונג נאָך דעם דיענסטאַלטער. אפילו דאָ אין פעלד, שטעה־ענדיג אנטקעגען דעם שונא! צוערשט קומט מאיאָר פאָן בער־קערסבורג פון צווייטען באַטאַליאָן, דאן בראון פון ערשטען, דאן האָטינגער פון דריטען. הינטער זיי געהען די אדיוטאַנטען: אויי־בערלייטענאַנט פאָן שענער, רעגימענטס אדיוטאַנט, און די לייי־טענאַנטען האמאַן, שלאָסער און פּריצעוויץ. זיי אלע פערנייגען זיך פאַר דעם קאָמאַנדיר.

— גוטען מאָרגען, מיינע הערען!

— גוטען מאָרגען, הערר קאָמאַנדיר!

— גוט געשלאָפען?

— א דאנק, הערר קאָמאַנדיר!

— מיר האָבען זיך געפיהלט איינפאַך ווי גאָט אין פראַנק־רייך, — האָט זיך מאיאָר פאָן בערקערסבורג, אלס עלטסטער אין דיענסט, ערלויבט א וויץ.

דער שטאַב האָט זיך אויסגעזעצט נאָך דער ארדנונג פון ראַנג: בערקערסבורג צו דער רעכטער האַנט פון קאָמאַנדיר, בראון — צו דער לינקער; דאן האָטינגער, פאָן שענער, האמאַן, שלאָסער און גאַנץ אונטען ביים טיש דער קליינער פּריצעוויץ, וועמעס לינקע אויג איז ווי צוזאַמענגעוואַקסען מיט'ן מאָנאָקל, וואָס ער טראָגט אויף איהם.

— אויב די הערען ווילען רויכערען, האָב איך גאָר ניט

געבליבען, ווי זיי זיינען געווען, ווען זייערע אורעלטערען האבען באקומען זייער אדעלסבריעף פון די הענט פון דעם זיעבעגטען קארל און האבען בייגעוואוינט זשאן ד'ארק'ס צוג נאך ריימס.

אבער וואס זאל אונטעראפיציר וואלף ווערפען וויסען, וואס פון דער אכטער קאמפאניע פון ביבעריך, וואס ווארט נאר אויף זיין ציווילפענסיאן, און וואס וואלט געלאזען פראנקרייך צורוה, ווען מען הייסט איהם ניט שיסען אויף די הויטע הויזען! ער זעהט נאר דאס געבורטיגע ברויט, די וויינפעקאכטע אייער און דעם טהיי. אויף דעם דארף ער אכטונג געבען, דען דער קאמאנדיר ליידעט פון גאלשטיינער, און דער הערר שטאבסארצט האט איהם פעראָרדענט א שטרענגע דיעט. ווען אזא גאלשטיין לאזט פון זיך וויסען, איז וועה צו דעם גאנצען רעגימענט! דאס גאנצע איינגעמען פון טראיאן קען נאך צוליעב אזא גאלשטיין שענדליך דורכפאלען, דענקט אונטעראפיציר וואלף.

זיינע געדאנקען ווערען איבערגעריסען, ווען ער דערהערט די שטים פון דעם קאמאנדיר פון דערבייאיגען צימער:

— אונטעראפיציר!

— הערר קאמאנדיר?

— עבעס נייעס? איז דא ווער געווען? מיר דוכט, איך האב דא וועמען געהערט רעדען.

— קאפיטאן אדאלף פון דער אכטער.

— וואס האט דער הערר קאפיטאן געוואלט?

— ער האט געבראכט א מעלדונג, הערר קאמאנדיר.

— א מעלדונג? גיט דאס מיר גלייך אהער!

דורך די ראהם פון טיר זעהט זיך די האגערע האנט פון קאמאנדיר. ער האט נאך ניט אנגעטאן זיין מונדיר.

דער אונטעראפיציר לויפט צום טיש, וואו אדאלף האט אוועקגעלעגט די מעלדונג, און לויפט דערמיט צוריק צום טיר.
אנגעטאן און נעמט זיין טהיי. זיינע אויגען קענען זיך ניט אבריסען פון דעם פאפיר, וואס קאפיטאן אדאלף האט געבראכט. ער האט היינט, ווייזט אויס, אין גאנצען פערגעסען אן זיינע גאלשטיינער. דאס ברויט איז דאך טאקי ניט גענוג געברוינט, און דער הערר קאמאנדיר בעמערקט דאס גארניט, קלערט אונטעראפיציר וואלף.

פלוצלונג רייסט זיך ארויס פון דעם קאמאנדיר'ס ליפען:

— אבער דאס ענדערט דאך מיט איין מאל די גאנצע סיטואציאן!

אן ערשטוינטער הויבט אונטעראפיציר וואלף אויף זיינע

קיינמאָל נים!

פאַרזיכטיג שטעלט ער די קליינע זאַך צוריק אין די וויט־רינע. זיין אויג איז איצט געווענדט אויף דעם זייגער, וואָס שטעהט אויפ׳ן קאמין. דאָס איז א מיניאַטור פון גאָלדבראָנז, וואָס שטעלט פאָר מערקור, דעם האַלבגאָט, אַנטהוענדיג זיינע פליגעלשיך, און יופּיטער, וואָס שיקט איהם מיט א בליצענוואונק אראָב אויף דער ערד. אויף דעם פּעדעסטאַל, אויף א גאָל־דענעם באַנד איז אַ דעוויז פון דעם גרויסען קעניג פון פראַנקרייך.

ענדליך רייסט זיך אדאָלף אָב פון דעם קונסטווערק. ער דערמאָנט זיך, אז ער דארף נאָך אין וויטרי אָבגעבען די טאָג־בעפעהלען. ארויסגעהענדיג, ווענדט ער זיך נאָכאמאָל צום אונטעראָפיציר:

— האָט איהר מיך גוט פערשטאַנען, אונטעראָפיציר?

— פאָלשטענדיג, העהר קאַפּיטאַן, — זאָגט וואָלף און קלאַפּט אזוי שטארק מיט די קנאַפּעל, אז דער פּארקעט אין מארקיז ד׳ארמענטיער׳ס עסצימער קרעכצט.

קאַפּיטאַן אַדאָלף איז אוועק.

לאַביש האָט דערווייל צוגעגרייט דעם טיש פאר דעם קאָ־מאנדיר׳ס פריהשטיק. וואָלף בעטראַכט אלץ: יעדע זאַך אויף אַן אָרט, קיין זאַך פעהלט ניט, אלץ איז ווי דער הערר קאָמאַנדיר וויל. עס איז גוט טאַקי, וואָס ער האָט נעבטען אָוועגד ווידער איינגע׳טענה׳ט מיט דעם אַלטען האַנער און ביז דער קלענסטער קלייניגקייט. וואָלף האָט נאָכאַמאָל בעטראַכטעט דעם געגרייטען טיש. ווען ער וואָלט געווען קאַפּיטאַן אדאָלף, אָבער דאָס, צום גליק פאר דעם פּרייסישען אונטעראָפּיצירשטאנד, איז ער ניט.

דאָס שניווייסע טישטוך פון באטיסט, די טהיישאָל פון בינעזישען פאָרצעלאַן, די שווערע זילבערפּלאטע מיט די אראַ־בעסקען און דער פאמיליען־קרוין פון ארמאַנטיער, דער פאַ־מיליע, וואָס איז פאר דורות און דורות געבליבען שטרענג קאָ־טויליש און טריי צום קעניג ביז׳ן מארד פון די ביינער, וואָס בענוצט נאָך איצט די ליליע פון די בורבאָנען פאר א סימ־וואָלישע בעציערונג.

דאָך, וויפיעל מלחמות און רעוואָלוציאָנען פראַנקרייך האָט דאָס פאר דער צייט איבערגעלעבט! זיי האָבען געמאכט פון א קעניגרייך א רעפּובליק, פון א רעפּובליק אַן אימפּעריע, פון דער אימפּעריע נאָך צוויי מאָל א קעניגרייך, א נייע אימפּעריע און ענדליך א נייע רעפּובליק. אָבער די ארמאַנטיערס זיינען

סער פערשרייבט זיך דאָס, אויב איהר קענט ניט געדענקען דעם פראנצויזישען נאָמען, ווען דער הערר קאָמאנדיר וועט פרעגען.

— וויטרי, הערר קאפיטאן, צו בעפעהל.

— גוט. די מעלדונג האָט א לופטפליהער אראבגעוואָרפען פון א טאובע, און מיינער א סאָלדאט האָט דאָס געפונען. איך האָב זי געבראכט אהער אליין, ווייל איך האלט זי פאר זעהר וויכטיג. ניט דאָס אלץ איבער דעם העררן קאָמאנדיר, אונטעראָפיציר! און גאָבאמאָל, געדענקט דאָס, איך שטעה אין וויטרי.

אדאָלף קוקט זיך מעהר ניט אום אויף דעם אונטעראָפיציר. זיין אויג, וואָס האָט אזוי פיעל געזעהן אויף זיין רייזע אין איטאליען, וואָס ער האָט געמאכט כדי צו בעקענען זיך מיט איטאליענער קונסט, האָט מיט גרויס פערגניגען איצט געוואנ־דערט איבער דעם זאל. ניט ווילענדיג האָט ער אויסגערופען:

— ווי גוט דאָס איז דאָ ביי אייך, אונטעראָפיציר!

אדאָלף שטעהט פאר דער וויטרינע, פון וועלכער וואָלף האָט ארויסגענומען זיין סאָלדאטען ברויט און מעסער, און בע־טראכט די קונסטזאכען, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אין שראנק פון פאליסאנדערהאָלץ.

— גאָט מיינער, דאָס איז דאָך עכטע געגאָסענע ארבייט פון 17טען יאָהרהונדערט! — רייסט זיך ביי איהם ארויס.

— וואָס זאָגט דער הערר קאפיטאן?

— ניט צו אייך, אונטעראָפיציר.

— צו בעפעהל.

קאפיטאן אדאָלף הערט איהם מעהר ניט. ער איז אין גאנצען פערנומען מיט בעטראכטען פון אלע זייטען די קונסט־מיניאטור, וואָס ער האָט ארויסגענומען פון דער אָפענער וויט־רינע. דאָס איז א שעהנע גרופע פון זילבערפיליגראן, וואָס שטעלט פאר א נעאפאָליטאנישען מאנדאָליניסט, צו וועמעס אקאָרדען א שעהנע, רייך פערפוצטע פריילין טאנצט. אדאָלף ווערט אזוי הינגעריסען פון דער וואונדערליכער ארבייט, אז ער פערגעסט באלד אין גאנצען אלץ ארום איהם, מאנמירואר און די שרעקליכע סיטואציאָן, אין וועלכער ער געפינט זיך דאָ איינענטליך. אָט די טאנצגרופע פון זילבערפילינראן איז עפּעס אזוינס, וואָס ער האָט קיינמאָל אויף זיין לעבען ניט געזעהן, כאָטש ער האָט דורכגעוואנדערט אלע מוזעען פון רוים, פלאָרענץ און נעאפּאָל. אזא זאך טרעפט מען אָדער גאנץ צופעליג, אָדער

— דער הערר קאָמאַנדיר איז שוין אויפגעשטאַנען מיט א פּיערטעל שטונדע צוריק און נעמט איצט א באד...

דאָס וואָרט „באד" רעדט ער ארויס מיט א קורצען „אַ", כאָטש ער שטאַמט ניט פון בערלין, נאָר פון ביבעריך. אָבער ער מיינט, אז עס קלינגט שניידיגער, ווען מען זאָגט אזעלכע ווערטער, ווי באַד, מיט אַ קורצען „אַ", ווי ער האָט דאָס גע־הערט אין פערלויף פון צוויי יאָהר אין די קאַזאַרמען אין מאינץ.

קאַפּיטאַן אדאָלף שמייכעלט.

— דער הערר קאָמאַנדיר האָט, אויף וויפיעל מיר איז בעקאַנט, בעפאָהלען די הערען פון שטאַב צו קומען אהער אום זיעבען, אונטעראָפיציר?

— ריכטיג, הערר קאַפּיטאַן.

— גוט. טו ניט איבער אָט די מעלדונג דעם הערן קאָ־מאַנדיר, אונטעראָפיציר.

— צו בעפעהל, הערר קאַפּיטאַן. איך וועל אָט די מעל־דונג איבערגעבען דעם הערן קאָמאַנדיר.

ווידער שמייכעלט קאַפּיטאַן אדאָלף.

— איך גלויב אייך אַזוי אויך, אז איהר פערשטעהט דייטש, אונטעראָפיציר, איהר דאַרפט ניט ווידערהאָלען מיינע ווערטער.

וואָלף איז אין פערלעגענהייט. עס שטעהט דאָך אין דיענסטפאָרשריפט, אז מען דאַרף דעם בעפעהל ווידערהאָלען און אָט דער מיט זיינע איראָנישע בעמערקונגען וויל נאָר ווידער־שפּרעכען דעם פאָרשריפט. דער אונטעראָפיציר קען דאָס ניט פערשטעהן. אמת, קאַפּיטאַן אדאָלף פון דער אַכטער איז עפּעס א מוזיקער, און דאַן... מען האָט נאָך אין מאינץ גערעדט צווי־שען זיך, אז דער הערר קאָמאַנדיר האָט איהם איינמאָל אויס־גערעדט פאַר זיין אונמיליטערישער האַלטונג... דאָס אלץ דער־מאָנט זיך וואָלף איצט, ווערענד ער ענטפערט מיט זיין שטרענ־גער האלטונג אויף דעם בעפעהל זיך צו האַלטען פריי און שטרייכט דערמיט אונטער, אַז ער שטעהט אויף דער הויך צו פערנעמען א דיענסטליכען בעפעהל לויט אלע רעגלען פון די פאָרשריפטען.

ווידער שמייכעלט קאַפּיטאַן אדאָלף, דאָס מאָל במעט מיט מיטלייד.

— איך האָב אייך געהייסען זיך האַלטען פריי, אונטער־אָפיציר. אָבער אלץ איינס. ניט איבער דעם הערן קאָמאַנ־דיר, אז איך בין מיט דער אכטער קאָמפּאַניע איינקוואַרטירט אין וויטרי. פערשטאַנען? וויטרי מיט אַן אינרעק... בע־

אלע מאל שטרענג אכטונג געגעבען אויף זיינע רילען, און די דיענערשאפט האט געמוזט אומגעהן אין פילצפאנטאפעל, פונקט ווי אין די קעניגליכע שלעסער פון בערלין און מינכען.

— שוין לאנג, ווי דיין האר איז פון דאנען אנטלאפען? — פרעגט וואלף און שמייכעלט דערביי, ווי א העלד וואס האט איינגענומען אלע געטער און געטינען פון אלימפ.

— איך פערשטעה אייך ניט, מאנסיע.

— איהר קענט דאך דייטש, אלטער! און וואו האט איהר זיך אויסגעלערענט דייטש?

— אן אלעמאן, מאנסיע.

— אזוי, אין אלעמאן. זייט איהר אפט געווען אין אלע־מאן, אלטער?

— מיט דעם ערען מארקיס זיי איך געוועסט אין אלעמאן.

— וואו?

— איך זייען געוועסט מיט דעם ערען מארקיס אין וויס־באדע און אין באדע־באדע, ווייל דאס ערען מארקיס זייען גע־וועסט זעהר סופראן פון זיינע רומאטיזם.

דאס געשפרעך ווערט אונטערבראכען פון דעם קאנאנע־דונער ביי טראיאן, די שיסעריי האט זיך ווידער אנגעהויבען מיט בעגייטער העפטינקייט. די שיסעריי קומט פונקט צו וואלף'ס בעמערקונג:

— אבער ער איז אנטלאפען, ניט קוקענדיג אויף זיין רומאטיזם.

לאביש ציטערט מיט אלע גליעדער.

— דאס זייגען אונזערע ברודער, — בעמערקט וואלף, — קרופ און קא., עסען, אויב איהר ווילט וויסען דעם אדרעס, אלטער.

לאביש האט ניט פערשטאנען. דערצו האט עמיץ א קלאפ געטאן אין טיר. וואלף שפרינגט אויף און שרייט:

— אריין!

קאפיטאן אראלף, פון דער אכטער קאמפאניע, בעוויזט זיך אויפ'ן שוועל.

לאביש פערשווינדט. עפעס אן אינסטינקטיוו געפיהל צווינגט איהם צו פערשווינדען, אזוי שנעל ווי ער דערזעהט א פרייסישען אפיציר.

— האלטען זיך פריי, אונטעראפיציר וואלף! איז דער הערר קאמאנדיר שוין אויפגעשטאנען? — מיט די ווערטער טרעט ער צו צום טיש און ווארפט א בליק אויף די פאפירען.

ע דיו פּען, ברויט, מאַנסיע, ברויט אויך?

— ניין, אַ דאַנק, ברויט האָבען מיר צופיעל, מיין פריינד... דאַן וועט איהר מאַכען פריהשטיק פאַר דעם הערן קאָמאַנדיר... טהיי און צוויי פּריישע אייער... איהר האָט דאָך דאָ היהנער?

— דע פּול, מע סורמאָן דע פּול!

—זאָל זיין פּול, אָדער ווי דאָס הייסט דאָרטען, אָבער וואָס שנעלער!

לאַביש איז גליקליך, ווען ער קען אוועקגעהן, און דער קוריצגעשאָרענער מיט די וואָנצעס האָט איהם קיין בייז ניט געטאָן. ווען לאַביש געהט ארויס, געהט וואָלף צו צו איינעם פון די קונסטפּול געשניצטע שראַנקען פון מאַטגלען פּאַליסאַנדער מיט עלעגאַנט פערבויגענע פּיסלעך, אין עק פון זאַל, און נעמט פון דאָרט ארויס אַ שטיק סאָלדאַטענברויט און אַ מעסער, וואָס ער האָלט דאָרט לעבען קונסט־קליינינקייטען פון מאַרקיז. אַ סטאַטועט פון גענועזער פילינראַן און אַ קליינינקייט אין אַן עלפענביינדעקעל מיט מיניאַטורען פון 16טען יאָהרהונדערט זיינען דאָרט געשטאַנען האַרט לעבען דעם ברויטמעסער, מיט וועלכען וואָלף שניידט זיך איצט אָב אַ גרויס שטיק ברויט פאַר פריהשטיק.

פייפענדיג נעמט ער זיך צום עסען און זופּט ברייטליך דעם שמעקענדיגען קאַפּע, וועלכען דער מאַרקיז בעקומט פון אַדען, דורך די פערמיטלונג פון אַ לאָרד, מיט וועלכען ער איז בעפריינדעט.

אין אַ ווייל ארום קומט לאַביש ווידער אריין. שווייגענדיג שטעלט ער פאַר וואָלף'ען אנידער דאָס שוויינעפלייש און נעמט זיך דעקען דעם טיש ביים פענסטער פאַר דעם קאָמאַנדיר.

II

אונטעראָפיציר וואָלף בעשליסט צו בעעהרען לאַביש'ען מיט אַ געשפּרעך. ער איז שוין פאַרטיג מיט זיין קאַפּע און מיט דעם קאָמטבאַרען יאָרקער פלייש. און מען מעג זיך ערלויבען אביסעל אָבצורוהען פון דער ארבייט. ער פיהרט מיט זיין האַנט, וואָס איז שטאַרק פון שטענדיגען האַלטען געוועהר, איבער די וואָנצעס, איבערלאָזענדיג אויף זיי אַ גלאַנץ פון פעטס, און צינדעט זיך אָן אַ ציגאַר. ער בייסט אָב דעם עק און וואַרפט דאָס אויפ'ן פּאַרקעט. לאַביש זעהט דאָס און טהוי ניט ווילענדיג אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ. ווייל דער מאַרקיז האָט

דעם טייערען דאָפּעלטען בעט, איבער וועלכען עס איז געהאנגען א גאָבעלען מיט דעם גאָלדרעגען פון די דאנאאידען. באלד ־ערהערט זיך, ווי מען גיסט וואסער אין דער מאַרמאָרבאד, וואָס איז געבויט לעבען שלאָפּצימער און בעציערט מיט פלאָ־רענטינער מאָזאאיקען. דאָ זעהט מען א נאָכבילדונג פון א הויז אין פּאָמפּעאי — דער בעזוך פון אולים ביי דער צויבערין צירצע, פּענעלאָפּאָ, וואָס ווארט אונגעדולדיג אויף איהר מאַן, דער געזאנג פון סירענען און דער טויט פון פּענעלאָפּא׳ס פער־עהרער.

לאַביש קומט ווידער אריין. ער טראָגט דעם אונטער־אָפּיציר קאָפּע אין א זילבערנער קאַן אויף א זילבערנער פּלאַ־טע, וואָס איז בעציערט מיט מארקיז ד׳ארמאַנטיער׳ס וואפּען־שילד. די שאָל און דער מילכגיסער זיינען פון אונפערגלייב־ליך שעהנעם סעוור, וואָס דער מארקיז האָט נאָך זיין אייגענער צייכנונג בעשטעלט אין דער וועלט־בעריהמטער פאבריק לעבען פּאריז. דאָס אלץ שטעלט איצט לאַביש אויפ׳ן טיש פון שוואר־צען האָלץ פאר דעם אונטעראָפיציר, וועלכער האָט זיך נעכטען צום ערשטען מאָל זייט דריי וואָכען געוואשען.

— פערזוכט דעם קאפע!

— איך פערשטעה אייך ניט.

— קוואטשט ניט! איהר דארפט פערזוכען דעם קאָפּע. טרינקען... בואר, — זאָגט וואָלף און מאכט א וויכטיגע מינע: בואר לע קאפּע... מיר זיינען געװען אין בעלגיען, מיר מוזען זיין פּאָרזיכטיג, מאָן אמי!

דער אלטער לאַביש ווייס ניט וואָס צו ענטפערען אויף אזא בעמערקונג. אָבער פּלוצלונג דערמאָנט ער זיך אָן די פּראָמינענטע בירגער פון לעמאַן, און מיט ציטערענדע הענט גיסט ער זיך אָן קאפּע און טרינקט.

— גוט, — זאָגט וואָלף. און לאַביש פּ:עגט אונטער־טעניג:

— וועט איהר עפּעס האָבען צום עסען?

— נאָר ניט געקוואטשט! רעדט דייטש! יע, מאַנזשע, ריכטיג. האָט איהר, אלטער, נערויכערטען שווייַנעפלייש?

— זשאמבאָן?

— זשאמבאָנג, — כאפּט אויף וואָלף און רעדט דאָס ארויס מיט א שטארקען דייטשען אקצענט, — ריכטיג זשאמ־באָנג, ברענגט מיר אָט דעם זשאמבאָנג, אָבער, איך בעט אייך, ניט אזוי ווענים!

פון אַ רעגימענט, וואָס איז שוין לאַנג געשטאַנען אונטהעטיג אין די ארומיגע דערפער.

בעשיידען קלאַפּט לאַביש אָן אין טיר פון דעם פּריה־שטיקס־זאַל. דאָס איז אַ הערליכע טיר פון יוויס־לאַקירטע פּאַליסאַנדער האָלץ, איינגעלעגט מיט גאָלד אויף אינדישע מאַהאָגאָני. דער אונטעראָפיציר האָט געכטען אויף איהם אָנגעשריען, ווען לאַביש איז אריינגעקומען, נאָכדעם ווי מען האָט ניט דערהערט זיין שטילען קלאַפּען. קלאַפּט דער אַלטער אָן צוויי־דריי מאָל.

— אריין, — שרייט מען אונטער'ן נאָז פון צימער.

לאַביש טרעט איבער די שוועל.

דער קורצגעשאָרענער אונטעראָפיציר זיצט איינגעבויגען איבער בלויע העפטען. אזוי ווי דאָ וואָלט ניט געווען קיין קריעגסלאַגער, נאָר אַ קאַנטאָר, טראַכט לאַביש.

שווער און קריצענדיג געהט דעם אונטעראָפיציר'ס פּע־דער איבער'ן פּאַפּיר.

מיט מיסטרויען קוקט לאַביש אויפ'ן טיש פון שוואַרצען האָלץ, וועלכען דער מאַרקיז האָט איהם געהייסען אָבהיטען מעהר פון אַלץ. און דאָ שפּריצט דער קורצגעשאָרענער אונ־טעראָפיציר מיט טינט אויף די מיט פּערלמוטער איינגעלעגטע פּלאַטע פון טיש.

— צו אייער דיענסט, מאָנסיע!

— הערט דאָך אויף צו קוואַטשען! רעדט דייטש! איהר קענט דאָך דייטש, — ברומט דער אונטעראָפיציר.

— צו אייער דיענסט, — ווידערהאָלט לאַביש אויף דייטש און פערשווינדט.

דער אונטעראָפיציר איז ווידער פערטיפט אין זיין ארבייט. דער זייגער אויפ'ן רייכען קאַמין, איבער וועלכען עס הענגט אַ גאָבעלען, לעדאַ מיט דעם שוואַן, פון אַ בילד פון דער ווענע־ציאַנער שול, שלאָגט דריי פערטעל זיעבען. דער אונטער־אָפיציר הויבט זיך אויף און געהט צו דער טיר, וואָס פיהרט אין אמאָליגען שלאָפצימער פון דעם מאַרקיז, און קלאַפּט אָן.

— דריי פערטעל זיעבען, הערר קאָמאַנדיר!

— גוט, וואָלף, איך בין שוין אויף, — ענטפערט אַ טיפער באַס. — עפּעס נייעס?

— קיין זאך ניט, הערר קאָמאַנדיר.

— גוט.

קאָמאַנדיר פאָן טראַוטמאַן האָט זיך אויפגעהויבען פון

א קלונג פון אן עלעקטרישען גלעקעל קלינגט אב אין גאנצען שלאס.

און דאך איז נאך איצט ערשט האלב זיעבען, ווי לאביש האט דאס שוין לאנג אויפגעהערט פעסטצושטעלען; אין די צייטען פון דעם מארקיז האט מען דא קיינמאל ניט געקלונגען פאר ניין אין דער פריה.

— דער פרייס קלינגט, — זאגט לאביש צו זיין פרוי.

ער זיצט שטענדיג מיט זיין אלטער אונטען אין קיך און ווארט אויף די בעפעהלען פון די אלמעכטיגע געסט, וואס הערשען שוין עטליכע וואכען אין שלאס פון מארקיז. ווי אונצעהליגע ביהנען האבען זיי זיך, ווי מאדאם לאביש זאגט, איין טאג פאר זונענאונטערגאנג ארייננעריסען דורך אלע טירען און פענסטער.

אין זיינע פילצפאנטאפעל, וועלכע ער טראגט נאך אלץ כדי אבצוהיטען דעם טייערען פארקעט, גליטשט זיך לאביש ארויף די טרעפ און געהט לאנגזאם צום ערשטען שטאק. עס איז ניטא קיין גרונד צו לויפען און איילען זיך, ווען דער פרייס דארט אויבען קלינגט.

א הויכער דונקעל־רויטער סמירנא'ער לויפער ליגט אויף די בלענדענד ווייסע מארמארנע טרעפ, וואס פיהרען צום ערשטען שטאק. די שמידאייזערנע, מיט גאלדבראנז פערציערטע פארענטשעס זיינען דער שטאלץ פון מארקיז ד'ארמאנטיער. אויף די ווענט הענגען בושע'ס און וואטא'ס בילדער אין טייערע ראהמען. אויף די בילדער זעהט מען קליינע דאמען אין פודערפאריקען, מיט א שעהנהייטס־פלאסטערל אויפ'ן קין, אדער אן אנגעפארבט בעקעל; קאוואלירען אין שנאלענשיך, אין הויזען ביז די קניה און בלויע פראקען, מיט א שעהנעם קינזשאל אויף דער זייט.

און אט אויף דעם הויכען, פורפור־פארביגען לויפער, פערביי די בילדער פון וואטא און בושע, טרעטען איצט די סאלדאטענשטיוועל און ברענגען אן שמוץ אין שלאס פון מארקיז ד'ארמאנטיער.

דער אלטער לאביש שאקעלט זיין גרויען קאפ. דערמאנענדיג אלץ, וואס דא איז פארגעקומען די לעצטע עטליכע וואכען. ווי האסטיג זיין האר איז אבגעפאהרען, און ווי אלע דינער זיינען וואבענלאנג געלעגען אין קעלער, וועהרענד גראנאטען זיינען געפלויגען איבער'ן דאך פון מאנטיראר, און ווי מען האט ענדליך געמאכט פון דעם פריהשטיקסזאל א ביורא

דונערען ביי דער פעסטונג טרואיאַן. א נעבעל שפּרייט זיך איבער דער געגענד, אָבער דאָס איז ניט דער נעבעל וואָס קומט אין הערבסט פון טייך, ידען דער שפּעטער הערבסט איז נאָך ניט אָנגעקומען. דאָס איז דער פּולווערדאַמף, וואָס קומט אַרויס פון די מיילער פון די שרעקליכע מערזער, וועלכע זיינען איצט געריכטעט אויף די פּאַנצערטורעמס פון טרואיאַן, פּונקט ווי זיי זיינען פריהער געווען געריכטעט אויף די פעסטונגען פון ליעזש, נאַמור און מאָבעזש.

אָבער ניט פון די מערזער אַליין קומט דער נעבעל. אונטען, אין דעם טהאָל פון מאַאַס, געהט שוין זייט וואָכען אָן א פירכטערליכע שלאַכט אָהן וועלכע עס איז רעוואָלטאַטען, אַזוי ווי צוויי לעבעדיגע ווענט וואָלטען דאָ פעסט און אונבעזיעגבאַר געשטאַנען איינע אַנטקעגען דער אַנדערער.

דאָס דונערען פון דער שיסעריי, דאָס זשומען פון פּלאַצענדע גראַנאַטען און שראַפּנעלען, דאָס פּייפען פון קוילען און דאָס קלאַפּען פון די מאַשינענגעוועהר, — דאָס אַלץ גיסט זיך צונויף אין איין העלישען קאָנצערט, וואָס ווערט געשפּיעלט איצט אונטער דער לייטונג פון אַן אונזיכטבאַרען דירינענט ביים פוס פון מאָנמירואַר, אין דעם טהאָל פון מאַאַס.

לאַביש האָט זיך שוין צוגעוועהנט צו דעם שרעקליכען טומעל און קלאַפּעריי, ער שאָקעלט שוין ניט מעהר זיין גרויען קאָפּ, ווי אין די ערשטע טעג פון דער בעלאַגערונג פון טרואיאַן. ער רעדט שוין ניט מעהר פּאָליטיק, ווי אין די ערשטע טעג, — ער שווייגט. ער האָט אויפגעהערט רעדען, זיגט מען האָט געכאַפּט די פּני פון לעטאַן און זיי דערשאָסען אין דאָס דאָרף אָבגעווישט פון דער ערד, ווייל עמיץ האָט אָנגעוויזען, אז מען האָט ערגעץ פון א הויז געשאָסען. פון יענעם טאָג אָן הערשט א טויטע שטילקייט אויף מאָנמירואַר.

און אין דעם ראָקאָקאָ זאַל מיט'ן מאַרמאָר קאַמין און וואונדערליכען זייגער, וואו עס איז אמאָל געווען אַן עסצימער פון מאַרקיז ד'אַרמאַנטיער און זיינע געסט, זיצט איצט דער פּרייסישער אונטעראָפיציר וואָלף ביים בעריהמטען מאַרמאָרנעם טיש, וואָס האָט אמאָל געהערט צום לעצטען בורבאָנישען קעניג, און פערקלעפּט די קאָנווערטען פון רעגימענט־בעפעהלען. דער קאָמאַנדיר פאָן טראַוטמאַן האָט אין דעם שלאָס געמאַכט א ביוראָ פון זיין שטאַב. ער שלאָפט איצט אויפ'ן בעט פון דעם מאַרקיז, און וואָלף איז זיין סעקרעטאַר.

# צווייטער טייל

## I

אויף אַ בערגעל, הויך איבער דעם זילבערבאַנד פון דעם טייך מאַאַס, שטעהט דאָס שלאָס מאָנמירואר. דאָס איז אַ שעדעוור פון ראָקאָקאָ סטיל, פערבאָרגען הינטער קאַפּריציעז געשניטענע קאַקטוסען. די צייטען פון לודוויג דעם 15טען לעבען ווידער אויף, ווען מען וואַנדערט דאָ אויף די שטעגלעך אין דעם פּאַרק ארום דעם שלאָס. אין דער גרויסער אולמען־אַלעע, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ שעהנעם אריינפאָהר צום שלאָס, שטעהען צווישען די הונדערטיאָהריגע בוימער, בע־דעקט מיט הערבסט גאָלד, מאַרמאָר־סטאַטועז מיט פון רעגען צואוואַשענע געזיכטער. דאָ איז די קלאַסיש־שעהנע דיאַנע מיט דער הירשקוה, אַפּאָלאָ מיט דער לירא, מערקור מיט'ן קליינעם באַכוס אויף די הענט, די שטאָלצע יונאָ, דער שטרענ־גער יופּיטער.

די רויזען בליהען נאָך. אָבער ווי גרויסע שמעטערלינגען שוועבען שטיל די פלאַמענדע בלעטער פון די ווילדע קאַש־טאַניען אויף דעם גרינעם באָדען. פון אַ מאַרמאָרנעם פאַנטאַן שטייגט הויך אַ שטראָם קריסטאַל־ריינע וואַסער. אהער האָט מארקיז ד'ארמאַנטיער נאָך פאָריגען הערבסט איינגעלאַדען געסט אויף יאַגד. אָבער באַלד, ווי די מלחמה האָט זיך אָנ־געהויבען, האָט דער מארקיז פערלאָזען מאָנמירואר.

אין באַליע האָט ער נאָך אַ שלאָס, ניט אַ ווענינגער שעה־נעם. דאָרט איז ער אויף אַ צייט, אָדער אפשר גאָר איינגאַנצען זיכער פון שונא. קאַסטעלאָ נואָווא, דאָס נייע שלאָס, איז מאָדערן געבויט און קוקט זיך קאָקעטיש אָן אין די שטענדיג רוישענדע וועלען פון מיטעללענדישען ים. נאָר לאַביש, דער אַלטער, גרויער קאַסטעלאַן, איז געבליבען אין מאָנמירואר, און ער בעדיענט איצט די פרעמדע, נאָר אונגעבעטענע געסט.

מאָנמירואר איז איינגאַנצען בעגאָסען מיט זונשיין. דער שטיינערנער שמייכעל פון די קלאַסישע געטער האָט זיך גאָר ניט געענדערט, כאָטש מען הערט דאָ קלאָר, ווי די קאַנאָנען

שטיין, היימאט, וועסטיבול און זאק — דאס איז איצט די וועלט! זיך צו אט דער וועלט צופאסען — דאס וואלט געווען דער לעצטער שלום פון ווייזהייט. און דאס וואלט געווען איהר אמת׳ע פארשטעלונג וועגען דער אויסערליכער וועלט!

און זי הויבט אן פיהלען, ווי זי וואלט דא שוין געווען יאהרענלאנג, ווי זי וואלט קיינמאל גאר ניט געווען אין דער פרעמד, אין לאזאן, אין די אלפען, אין פאריז, אויפ׳ן רהיין אין דעם מאיאר׳ס הויז און... אין די ארעמס פון איהר פריינד! אזוי ווי דאס אלע וואלט גאר קיינמאל ניט געווען.

די ענגע היימאט בינדט איהר גאנצען וועזען, איז גרייט זי ארומצונעמען מיט איהר רוטין...

פריילין טאנער בעווייזט זיך מיט איהר פריינדליכען שמייכעל. זי טראגט פריהשטיק. דאן קומט אריין דער באראן, און דער אלטער וירץ הויבט אן אנצופילען זיין ליולקע, ווי אלעמאל.

פארשטעלונג איז דאס אלע געווען! עפעס אין אונזער בעוואוסטזיין! און די אלע שרעקען דארט ווייט זיינען אויך ניט געווען!

און ווילינג זינקען איהרע געדאנקען ווי אין טיפע, שטילע וואסערען, און דער ים פון געוואוינהייט איז גרייט צו פערדעקען מעלאניע׳ן ביז איבער׳ן קאפ.

סוף פון ערסטען טייל.

די קאַקטוסען זײַנען דער שטאָלץ פון דעם באַראָן, װעלכער פלעגט זײ פערזענליך.

אַ געשיכטע מיט די קאַקטוסען! װען איינער האָט נאָר אַמאָל געװאָלט, פוצענדיג די פענסטער, זײ אַביסעל אָבצורוקען פון אָרט! זײ האָבען געהאַט זייערע נעמען און זײַנען געשטאַנען אין דער שטרענגסטער אָרדנונג, אַזױ אַז דער באַראָן האָט יעדע פלאַנצע געקענט געפינען אין דער פינסטער. און װעה איז געװען דעם, װאָס האָט אָבגערוקט איינעם פון די טעפ! צוליעב דעם װײַזען קלימאַט אויף דער רוסישער גרענעץ האָבען די קאַקטוסען געבליהט נאָר אין אַ זעלטען שעהנעם זומער. זייער היימאַט איז דאָך אונטער דער הייסער זון אויף די פעלזען פון מיטעלמער. אָבער דאָס שטערט דעם באַראָן ניט אָב. ער טהוט אַלץ, כדי זײ זאָלען בליהען. און װירקליך, אויף איין פלאַנצע האָט זיך בעװיזען פייערדיגע בליהונג. לויט דעם באַראָן'ס סימנים, מיינט דאָס, אַז דאָס יאָהר װעט זײַן גוט.

שאָקלענדיג איהר קאָפּ, נעהמט מעלאַניע אָב פון פענסטער די טעפ מיט די קאַקטוסען שטעהען אין דערזעלבער אָרדנונג, װי אַלעמאָל. זי קען זיך דערמאָנען זייערע נעמען, לאַטייניש נעמען, אַזױ פיעל האָט מען זי פון קינדהייט אָן געפלאַגט מיט זײ.

און דאָרט אין װינקעל, לעבען דעם שפיגעל'ס שטיינער, שטעהט נאָך דער נעהטיש. דער טיש איז געװען פריהער איהר מוטער'ס, דאַן איהר'ער, און איצט פרײַלײַן טאַנער'ס. זי נעמט אויף דעם זאַק, װעלכען פרײַלײַן טאַנער, װי אַלע דײַטשלאַנד'ס פרויען, שטריקט פאַר די פערטיידיגער פון פאַטערלאַנד, און שטריקט װײַטער, װאו פרײַלײַן טאַנער האָט איבערגעהערט. װי לאַנג האָט זי ניט געשטריקט? װען זי איז געװען אַ קליין מיידעל, אין דער אַרבייטס שטונדע אין דער שול, װאָס געפינט זיך אין גוט. דאָס איז מיט אַזױ פיעל יאָהרען צוריק! זײַנט דאַן — קיינמאָל ניט. און דאָך שטריקט זיך, װי פון זיך אַליין, גאַנץ מעכאַניש. די פרויען אין גאַנץ דײַטשלאַנד שטריקען היינט.

— דאָס װאָלט נאָך אַלעמען געװען דאָס בעסטע, — קלערט זי. — אָהן געדאַנקען, אָהן װײַטערער איבערלעגונג, אין דער ענגער היימאַט, װעמעס אַטמאָספער האָט זי שוין איצט אַרומגערינגעלט. נאָך אַלעמען איז דאָך די װעלט נאָר אונזער װילען און פאָרשטעלונג, — אַ פאָרשטעלונג און אײַנרעדונג, און איינגעבאָרענע. אַזױ, װעניגסטענס, דענקט זי איצט. און פאַלקאָנ־

— ווי אלע מאָל, אום דריי פערטעל צוויי. איהר ווייסט דאָך, גנעדיגע פרוי, דער הערר באראָן איז אין דער הינזיכט די פינקטליכקייט אליין.

— איך ווייס, איך געדענק, פריילין טאַנער. ווי קען מען דאָס פערגעסען? די טעגליכע, וואָס דער פאָטער פלעגט מאכען, ווען עס פלעגט אמאָל טרעפען, אז די זופּ פלעגט אין פאַלקענ־שטיין געגעבען ווערען צום טיש מיט צעהן מינוטען שפּעטער!

א לייכטער אירא̇נישער שמייכעל בעווייזט זיך אויף מע־לאניע'ס געזיכט.

— וועל איך עפּעס ברענגען? עס איז ערשט האלב עלף.

— א קלייניגקייט, פריילין טאַנער. איך בין טאקי הונ־געריג. איך האָב פון נעכטען אָווענד נאָך גאָר ניט געגעסען.

— א פּאָר אייער אפשר? יאָהאַנסען, דער נייער פער־וואַלטער, האָט איינגעפיהרט אַ שטאָם קאָכינכינא היהנער, כאָטש אויסצושטעלען! די היהנער לעגען אייער זעהר פלייסיג, און די אייער זיינען אויסערגעוועהנליך שעהנע און גרויסע! יאָהאַנסען שטאָל־צירט מיט זיינע היהנער, און דער הערר באראָן פיטערט זיי אליין, ווען ער איז גוט געשטימט.

— און ווען ניט?

— דאן טהו איך דאָס, גנעדיגע פרוי.

— אַ גליק! איך האָב מורא, אז יאָהאַנסען'ס קאָכינכינאס וואָלטען איין שעהנעם טאָג אויסגעגאנגען פון הונגער, ווען זיי וואָלטען געווען אָנגעוויזען אויף דעם באראָן'ס שטימונג.

— די פרוי מאַיאָר איז בייז.

— אָ ניין, מיין ליעבע פריילין טאַנער, איך זאָג נאָר דעם אמת. טו ברענגט מיר צוויי פון די דאָזיגע טייע־רע אייער, זעהר ווייך געקאָכט, נאָך דריי מינוטען, און אַ קליין שטיקעל היגע לעבערוואורשט. קעסטלער פון ווערזשבאלאָוואָ מאכט דאָס נאָך אלע אליין?

— יע, אזוי לאַנג ווי מיר האָבען נאָך געגוג קעלבער און שווייגען, מאכט נאָך קעסטלער וואורשט אליין. ערשט נעכטען האָבען מיר פון איהם בעקומען פרישע, און מיך פרעהט זעהר, וואָס איהר ווילט זיי גראָד פערזוכען.

פריילין טאַנער געהט אין קיך צו בעשטעלען פריהשטיק פאַר מעלאניע'ן.

מעלאניע געהט צו צום פענסטער. אויף דעם פענסטער־ברעט שטעהען נאָך דיזעלבע אלטע בלומענטעפּ אין רייהען.

אין דעם ערשטען מאָמענט. איך זעה די מענשהייט אין אַ האַנדערונג, און דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש.

— איהר מיינט די מענשהייט, די גאַנצע מענשהייט?

ערשטווינט קוקען איהרע גרויסע העל־ברוינע אויגען אויף מעלאַניע׳ס ערנסטע געזיכט. דאַן זאָגט זי שטיל און לאַנגזאַם:

— דאָס איז זאָנדערבאַר, אָבער איך האָב ביז איצט גע־מיינט, אַז דאָ האַנדעלט זיך נאָר אום דאָס דייטשע פאָלק און זיין, ווי מען זאָגט, בעפרייאונגס־קאַמף.

— דאָ זייט איהר גערעכט, פריילײן טאַנער, עס האַנדעלט זיך טאַקי וועגען דעם. און דאָך בלייב איך ביי מיין מיינונג, ביי מיין פעסטער איבערצייגונג, צו וועלכער איך בין געקומען אין פערלויף פון מיין רייזע, אַז אין די לעצטע דריי טעג געפינט זיך די גאַנצע מענשהייט אין וואַנדערונג נאָך נייע אידעאַלען, און גאָר ווענינע האָבען די מינדסטע אהנונג וועגען דעם.

— איך פערשטעה אייך ווירקליך ניט, פרוי מאַיאָר!

— וואָלט איך דאָס אַליין גוט פערשטאַנען, פריילײן טאַ־נער, ווי גערן וואָלט איך ערקלערט מיין אונקלאָר געפיהל. אָבער איך ווייס דאָס נאָך אַליין ניט, נאָך ניט. די צייט אָבער וועט אַלץ קלאָר מאַכען, ווען די הויט וועט אָראָבפאַלען און דער קערן פון וואַרהייט וועט זיך בעווייזען, דער קערן, איבער וועלכען זיי אַלע, צו וועלכער נאַציאָן זיי זאָלען ניט געהערען, וועלען שט־רייטען און קעמפען, גלויבענדיג, יעדערער פאַר זיך, אַז רעכט איז מיט זיי. און אָט דער קאַמף וועט זיי אַלעמען ברענגען צו אַ ציעל, וועלכען זיי שטעלען זיך גאָר ניט פאָר, וועלכען זיי פערלאַנגען גאָר ניט, און דאָך וועלען זיי אָט דעם ציעל דער־גרייכען, צי זיי ווילען דאָס צי ניט, אפילו ווען זיי האָבען זיך זייער איינענעם ציעל גאַנץ אַנדערש פאָרגעשטעלט!

— און וואָס איז דאָס פאַר אַ ציעל, פרוי מאַיאָר?

— ווען איך וואָלט דאָס גאָר געוואוסט, פריילײן טאַנער! אַזאַ זאַך ווייס מען אָבער ניט, אַזאַ זאַך פיהלט מען נאָר טיף און ניט קלאָר, ווען מען זעהט, ווי היינט, ווי אין די טעג, אַזאַ פעלקער־וואַנדערונג!

פריילײן טאַנער שווייגט און דענקט נאָך אַ ווײַלע, דאַן זאָגט זי איינפאַך:

— איבער דעם געשפּרעך האָב איך גאָר פערגעסען צו פרעגען, אויב די גנעדיגע פרוי וועט עפּעס נעמען פאַר מיטאָג עסען.

— ווען איז מיטאָג?

אין אַ זאַנדערבארע זאַך. אזוי ווי איצט, בין איך נאָך קיינמאָל ניט געפאָהרען.

— דאָס פאָהרען אויף די באַהנען מוז איצט זיין זעהר לאַנגזאַם, ווייל די מעהרסטע באַהנען זיינען דאָך איצט פערנומען מיט טראַנספּאָרטירען מיליטער.

— יע, זעהר לאַנגזאַם. גאַנצע פיער און צוואַנציג שעה בין איך געפאָהרען ביז בערלין, ווערענד אין געוועהנליכע צייטען נעמט די רייזע פון אַכט ביז ניין שעה מיט דעם שנעלצוג. אָבער ניט דאָס האָב איך געמיינט, מיין ליעבע פריילין טאַנער. מען זעהט אויפ'ן וועג אזוי פיעל נייעס, אַז מען פערגעסט גערן די צייט וואָס די רייזע נעמט.

— וואָס מיינט דען די גנעדיגע פרוי?

— די וועלט האָט זיך אין די טעג פערענדערט, פריילין טאַנער. זי האָט אַן אנדער געזיכט בעקומען, די וועלט!

פריילין טאַנער קוקט איהר אָן און שמייכעלט.

— דאָס קען איך נאָר ניט גלויבען, פרוי מאַיאָר. דאָ אין פאַלקענשטיין, וועניגסטענס, זעהט די גאַנצע וועלט אויס גלייך, פאַר און נאָך דער קריעגס־ערקלערונג.

— דאָס וועל איך אייך גערן גלויבען, פריילין טאַנער. דאָ, אין פאַלקענשטיין, זעהט אַלץ אזוי אויס. אויך מיר האָט דאָס אזוי אויסגעוויזען באַלד ווי איך בין אָנגעקומען. און איך וואָלט זיך אָנגעכאַפּט גערן אָן דעם געדאַנק, און דאָך...

— און דאָך?

— דאָך ווייזט נאָר אויס אַזוי. ווען מען קוקט טיפער אריין, איז אויך דאָ איצט גאָר אַנדערש, ווי עס זעהט אויס אויף דער אויבערפלאַך. די מענשהייט געפינט זיך איצט אין אַ וואַנדערונג.

— אין אַ וואַנדערונג? וואָס מיינט דערמיט די פרוי מאַיאָר, ווייל מען טראַנספּאָרטירט סאָלדאַטען אין אָסט און אין וועסט?

מעלאַניע שמייכעלט.

— אַך, ניין, מיין ליעבע פריילין טאַנער, ניט דאָס מיין איך. איך רעד ניט וועגען די קאָלאָסאַלע מאַסען סאָלדאַטען, וואָס ווערען אריבערגעוואָרפען ווי מיט צויבער הענט נאָך אָסט און וועסט. דאָס איז דאָך אין גרונד גענומען גאָר ניט וויכטיג. דאָס קען נאָר אויסווייזען גרויס און בעוואונדערנסווערט פאַר יעם אויבערפלעכליכען זייטיגען צושויער און, גלויבט מיר, נאָר

מעהר ניט וועגען דעם. וואס איז פארגעקומען, אפילו ניט וועגען פאטער, וועלכער איז איצט ניט אין צימער. וויפיעל איז געשעהן, זינט זי האט דא צום לעצטען מאל אזוי געגלעט דעם קאטער! אבער זי וויל מעהר וועגען דעם ניט קלערען.

פריילין טאנער, די ווירטשאפטערין, קומט אריין און בעגריסט זי מיט פריינדליכע ווערטער. זי איז פונקט דאס געגענטייל פון דער פרוי האף, וועלכע פלעגט ווארפען אויף איהר אזא שרעק אין דעם מאיאר׳ס הויז אויפ׳ן רהיין. זי איז א מונטערע, שלאנקע פערזאן, און ניט קוקענדיג אויף איהרע זעכציג יאהר, לויפט זי נאך אלין ארום דעם גאנצען טאג ווי א וויעזעל איבער׳ן הויף און ארויף און אראב די טרעפ. אהן איהר וואלט דער קראנקער באראן ניט געוואוסט, וואס צו טהאן, ווען זי ניט אבטונג אויף אלץ און בעזארגט דאס גאנצע הויז, זינט מעלאניע איז אוועקגעפאהרען, און נאך פריהער, ווען מעלאניע איז נאך געווען אין דער היים. ווייל מעלאניע וועט אליין גערן צוגעבען, אז זי האט צו קיין זאך ניט געטויגט, און מען האט איהר קיין זאך ניט געקענט אנפערטרויען, מען האט זי אלעמאל בעהאנדעלט ווי א צולאזען קינד.

פריילין טאנער איז אלע מאל פרעהליך, אפילו אין די איצטיגע שווערע טעג. זי איז ווי געבארען אריינצוטראגען זונשיין אין דונקעלסטען ווינקעל. דאס קאסט איהר ניט קיין פיעל מיה, ווייל איהר נאטור איז א זוניגע. פאר דעם באראן, דעם שטענדיג אונצופריעדענעם עגאאיסט, איז זי גאר ניט אבצושעצען. ער איז קראנק, הילפלאז און שווערמוטיג. מעלאניע האט, דוכט זיך, פון איהם בירושה א נייגונג צו מעלאנכאליע.

— האט די פרוי מאיאר געהאט א גוטע רייזע?

די גלייכגילטיגע פראזע ווערט ביי פריילין טאנער ארויסגעזאגט אין אזא טאן, אז זי קלינגט ניט גלייכגילטיג. עפעס הערט זיך אין דעם טאן א ווארימקייט, א מוטערליכע בעזארגטקייט, אז מען פיהלט זיך זיכער אין דעם שוץ פון דער אלטער פריילין, וועלכע האט קיינמאל ניט געליעבט און איז קיינמאל מוטער ניט געווען.

דאסזעלבע דערפיהלט אויך באלד מעלאניע ביי דער איינפאכער פראגע, וועלכע וואלט פון דעם מויל פון אן אנדער פערזאן געקלונגען נאר ווי אן איינלייטונג צו א וייטערען געשפרעך. דעריבער שטעלט זי זיך אב אויף דער פראגע און ענטפערט:

— דאס פאהרען אין די טעג, מיין ליעבע פריילין טאנער,

זיך איבער דער נאָך בלוט און טרערן לעכצענדער ערד און זאָגט אָן: מלחמה!

און אין מעלאַניע'ס נשמה ווערט אין דער ערשטער שעה אין פאַלקענשטיין רייף א היילינגער בעשלוס. דער אַלטער בונד איז צופאַלען, די שקלאַפּענקייטען דריקען זי ניט מעהר, — זי איז פריי! ווענען אדאַלף'ען און נאָר ווענען איהם וויל זי איצט קלערען, איהם אליין געהערט זי מיט לייב און זעל, איהם האָט זי אלעמאָל געהערט און וועט אייביג געהערען, ניט קוקענדיג אויף די פאַפּירענע פערפליכטונגען, וועלכע זי, א קינד אָהן ווילען, האָט אונטערגעשריבען אויף דעם ווילען פון איהר פאָטער, וועלכער איז געשטאַנען ביים ראַנד פון אַבגרונד.

זיי גרויס, זיי פריי, זיי דרייסט, — געהט דער רוף דורך איהר נשמה. גרויס, ווי דאָס ווייטע גרינע פלאַכלאַנד, וואָס שפרייט זיך אין וועלען פון דעם היפּגוט פאַלקענשטיין ביז צום ראַנד פון די וועלדער. דרייסט, ווי די יוגענד, וואָס געהט איצט אויפ'ן גרענעץ אנטקעגען די רוסען. פריי, ווי דער פויגעל, וואָס וויגט זיך איצט דרויסען אין דעם בלויען ים פון ענדלאָזען עטהער פאַר איהרע ענטציקטע בליקען.

פריי און גרויס און דרייסט... דאָס וועט זי זיין! זי וועט געדענקען איהר ווייטען פריינד, וועמען זי האָט אליין געגעבען די בלוטיג־רויטע רויז, די רויז וואָס בעציערט די שפּיץ פון זיין סאבעל.

מיט אזא בעשלוס לאָזט זי מינא'ן נעהן און נעהט אליין ארונטער צו איהר פאָטער.

## XII

א טיפע רוה נעמט ארום מעלאַניע'ן, ווען זי קומט אריין אין וועסטיבול. אויך דאָ איז אלץ געבליבען ווי געווען, ווי מיט דריי יאָהר צוריק, ווען זי האָט פערלאָזען איהר היימאַט, ווי נאָך אין די צייטען פון איהר מוטער, ווען זי איז געווען א קליינע, פרעהליכע מיידעלע, איידער דער מאַיאָר איז אנגעקומען מיט זיין געלט. מאָר, דער אלטער שווארצער קאָטער, שפּרינגט איהר אנטקעגען, ווי אלעמאָל. ער איז דערווייל'בער ווי געווען, נאָר זיין שעהנע גלאַנצענדע פעל איז דורכט זיך געוואָרען זעהר שטרופּיג. די קעץ פערלירען דאָך אזוי פיעל אין אויסזעהן, ווען זיי ווערען אלט און פויל.

צערשטרייט גלעט זי דאָס פעל פון דעם קאָטער. זי קלערט

דאָס אזוי אויף איהר געווירקט דער קריעג, דער קומענדער, דראָהענדער, בעפרייענדער, דער קריעג, וועלכער מינצט נייע ווערטען? האָט דאָס דער קריעג פערזונקען אלע אלטעגליכע בעגריפען אין איין ים פון נעבעל, פון וועלכען עס הויבען זיך, פון דער זון בעלויכטען, נאָר די אַלפּען שפּיצען ארויס?

האָט דאָס דער קריעג איהר געמאַכט אזוי פריי און ריין און גרויס, אַז זי קען איצט קלערען וועגען איהר פריינד אויף דער פרעמד, וועלכען זי ליעבט, ניט פיהלענדיג דערביי, אַז זי בעגעהט דערמיט אַן אומרעכט קעגען זיך אליין און קעגען איהר האַר, דעם מאַיאָר?

אָבער קען מען איצט דען רעדען וועגען רעכט און אומרעכט אין דעם קליינעם, בעשרענקטען, כאָטש אונענדליך רייכען לעבען פון אַ פרוי, ווען באלד וועלען שטעדט ברענגען און דערפער, קירכען און קאַטעדראַלען וועלען צושטערט ווערען פאַר אַ העכערען צוועק? קען מען דען איבערהויפּט רעדען וועגען רעכט, ווען הונדערטער טויזענדער וועלען פערלאָזען זייער היימאַט, ווען דער קריעג וועט צושיידען מאַן און פרוי, חתן און כלה, עלטערען און קינדער? קען מען דען רעדען וועגען רעכט אין דעם לעבען פון אַן איינצעלנעם מענשען, ווען געזעצען ווערען געטראָטען מיט די פיס, און די אונגעהייערע מלחמה דיקטירט נייע נאָרמען?

דאָ וועלען הונדערטער טויזענדער אויסשלאַכטען איינע די אנדערע צוליעב עפּעס אַ וואהנזין, און פאַר איהר וועט בלייבען אין קראַפּט אַ געזעץ, — אַ שטיקעל פּאַפּיר, וועלכען זי האָט דאָ אונטערגעשריבען אַמאָל אויס ליעבע צו איהר פאָטער, וועלענדיג איהם רעטען פון רעוואָלווער! אַ שטיקעל פּאַפּיר — דאָס איז דאָך אַלץ, וואָס בינדט זי צו איהר האַר!

רוישען דען ניט אין אָט דער גרויסער שעה טיף אין איהר זעל די מעכטיגע אָרגעל־טענער פון דעם גיגאַנטישען, אַל־בעפרייענדען און אַלץ צושטערענדען שיקזאַל! טיף אין איהר זעל גיסען זיך אָט די טענער צונויף אין איין קלאַנג: מיין פריינד, מיין פריינד!

מיין פריינד, מיין ווייטער פריינד, דיר געהערען מיין הארץ און מיין זעל, אַלע מיינע געדאַנקען, יעדע ביין איך אין גאַנצען! צוריסען איז דאָס שטיקעל פּאַפּיר, פערקלונגען האָט דאָס אַלטע ליעד פון פליכט און געהאָרכזאַמקייט. רעו אַ פריהלינגס־שטורם איז אָנגעקומען אין אָט די טעג פון רייפען טמער און טראָגט

אוועקגעהן פון איהר, אוועקפאהרען אין קעניגסבערג, אום צו נעהן שלאגען זיך מיט די רוסען.

פון דער ערצעהלונג פון דעם איינפאכען לאנד מיידעל ווערט מעלאניע טיף גערוהרט. איצט, אין אט די פורכטבארע טעג, זיינען דאך אלע פרויען, ארים און רייך, הויך און נידריג, ווי צוזאמענגעוואקסען, ווי איין פלייש און בלוט. אויך זי, מע־לאניע, בענקט דאך איצט נאך איהר פריינד אויף דער פרעמד, נאך איהר פריינד, ניט נאכ'ן מאיאר!

ניט ווילענדיג שמייכעלט מעלאניע. ווען פרוי האף וואלט דאס נאר געוואוסט! אבער פרוי האף ווייס דאך דאס. ווי האט זי נאר אין דעם געקענט צווייפלען! פרוי האף מיט איהר פרומער אייפערזוכט צו אלץ, וואס האט נאר א שיכות צום אלטען מאיאר.

און עפעס גאנץ אונגעוועהנליכעס קומט פלוצלונג פאר אין איהר נשמה. אזוי ווי די היימאטס לופט, דאס געזעגנען זיך מיט'ן מאן און מיט'ן גארניזאן, דאס גוטסהויז און די פעל־דער פון פאלקענשטיין, וואו זי איז געבארען און ערצויגען גע־ווארען, ווי דאס אלץ וואלט אויסגעאיבט א בעפרייענדע וויר־קונג אויף איהר. ווי זי וואלט דערפיהלט, אז עס פאלען פון איהר מיט געוואלד ערגעץ איהרע קייטען, און זי איז ווידער פריי; און דא, וואו עס האט זיך ענטוויקעלט איהר ערשטע צארטע בעציהונג צו אדאלף, קען זי ווידער מיט איהר גאנצען הארצען און נשמה איהם געהערען, נאר וועגען איהם דענקען און זארגען, וועהרענד אין דעם מאיאר'ס הויז איז זי נאר געוועזען א שקלאפין פון א פרעמדען ווילען.

א טיף געפיהל פון העכסטען גליק דרינגט אריין אין איהר נשמה. דא, הארט ביים רוסישען גרענעץ, וועלכען — זי צוויי־פעלט אין דעם ניט קיין איין אויגענבליק — די רוסען וועלען באלד אריבערגעהן, פיהלט זי זיך אין זיכערהייט, אין זיכערהייט פון דעם, וועמען זי האט געלאזען אוועקגעהן כמעט אהן אב־שיעד; זי פיהלט זיך פריי פון די לויערענדע בליקען פון פרוי האף. דא איז זי איצט, ערב דער שרעקליכער קאטאסטראפע, גליקליך. דען די קייטען זיינען דא פון איהר אראבגעפאלען פון דעם ערשטען אויגענבליק אן.

וואס איז דאס? פון וואנען האט זיך גענומען דער פרישער ווינט, וואס האט דורך דעם אפענעם פענסטער ערפרישט ווי א קיהלע גוטע האנט איהר הייסען שטערן? האט

אויסער איינעם, וועלכער איז אייגענטליך ניט קיין אָפיציר, נאָר אַן אַרטיסט פון בערוף, אַן אַרטיסט פון גאָט'ס גנאַד.

אָבער איז דען ניט אַלץ איינס?... דאָס טייערע פּלוידערט ווייטער, און מעלאַניע האָט פאַר איהר פּליכט זי צו בערוהיגען.

— אין קעניגסבערג איז פיליפ פאָלשטענדיג זיכער, — זאָגט זי. — קעניגסבערג איז אַן אונאיינעהמבאַרע פעסטונג, און די רוסען וועלען קיינמאָל, קיינמאָל ניט איבערנעהמען דעם גרענעץ.

די דאָזיגע פערזיכערונגען פון דעם מאַיאָר'ס פרוי, וועלכע מוז דאָך אַלץ וויסען, רופען ביי מינא'ן אַרויס אַ גליקליכע שמייכעל.

איצט שטעהט מעלאַניע אין איהר אַמאָליגען צימער. זי קוקט זיך אַרום. דאָ איז קיין זאַך ניט געענדערט געוואָרען. אַלץ איז געבליבען ווי עס איז געווען נאָך ווען איהר מוטער האָט געלעבט. און וואָס קענען די יאָהרען ענדערען אין אַ הויפגוט אין אָסט פּרייסען? דאָ איז מען קאָנסערוואַטיוו דורך און דורך, דאָ ברענט מען קאָרן און מען בלייבט טריי דעם קעניג ביז דעם לעצטען אָטעמצוג. די אויטאָריטעט פון מאַכט איז דאָ נאָך פיעל שטאַרקער ווי אויף דעם רהיין, דענקט מעלאַניע.

אָט איז דאָס אַלטע בילד איבער איהר בעט, אַ בילד פון די לאַנג פערגעסענע צייטען, וועלכע זי פלעגט נאָך אין איהרע קינדער יאָהרען בעטראַכטען מיט אַזוי פיעל מיטלייד. די קעניגין לואיזא אַנטלויפט אין טומעל פאַר דעם אָנקומענדען נאַפּאָלעאָן. אַן עפּיזאָד פון פּרייסישער געשיכטע, ניט מעהר.

מעלאַניע האָט געבראַכט אין אָרדנונג איהרע קליידער, און מינא פערקעמט איהר איצט די האָאָר. מעלאַניע ברענט, וואו זי האָט זיך בעקענט מיט איהר פיליפ'ען.

מינא'ס ערצעהלונג לעבט אויף אין מעלאַניע'ס זכרון די צייט פון איהר אייגענעם פרייען, זאָרגלאָזען לעבען דאָ, אויף דעם פרייען לאַנד, איידער דער מאַיאָר איז געקומען. מינא האָט זיך בעגעגענט מיט פיליפ'ען אין אַן אָרימען גאַסטהויז, ערגעץ לעבען ווערזשבאָלאָווא, אין זונטאָג נאָכמיטאָג אין זומער. מען האָט דאָרט געטאַנצט, און עס איז געוועזען מוזיק. אהין זיינען זיך צונויפגעקומען יונגע לייט און מיידלעך פון די אַרומיגע גיטער און הויפען. זי האָט גלייך פיליפ'ען ליעב בעקומען מיט איהר גאַנצען האַרצען. און דאָ האָט ער פּלוצלונג געמוזט

— זאל איך בעגלייטען די גנעדיגע פרוי אין איהר צימער? — פרעגט זי. — איהר ווילט געוויס זיך מאכען בעקוועם, און איך קען אייך העלפען.

— גוט, מינא, ביטע. ענטשולדיגט, פאטער, אויף א האלבע שעה, מיר וועלען דאן ווידער רעדען.

דער באראן האט זיך אראבגעלאזען אין זיין בעליעבטען שטוהל און האט ווידער גענומען די ליולקע, וועלכע ער האט אוועקגעלעגט אום צו בעגעגנען זיין טאכטער. מעלאניע נעהמט נאך דעם מיידעל.

אויפ'ן טרעפ, ביים צווייטען שטאק, האט מינא זיך נאכגעפרעגט וועגען מאיאר, און צי איז מעלאניע'ן געווען זעהר שווער דער אבשיעד.

מעלאניע שמייכעלט.

— שווער, אבער פארוואס שווער? — דענקט זי, האט אבער ניט דעם מוט דאס צו זאגען דעם מיידעל. יענע נעהמט אן מיט איהר אונשולדיגער פלוידעריי. די לעצטע טעג האבען ווייזט אויס אנגעהויבען אבצואווישען דעם פריהער דא, אין אסך פרייסען, אזוי שטרענג אבגעהיטען אונטערשיעד צווישען דיענער און הער, דענקט מעלאניע.

זי האט אזוי פיעל געוויינט, דערצעהלט דאס מיידעל. איהר טיליפ'ען האט מען דאך אויך גענומען. ער איז אוועק אין די ארטילעריע אין קעניגסבערג, און די רוסען וועלען דאך גאנץ בעשטימט אהין קומען, — קען זי זיך ניט בערוהיגען.

מעלאניע פרואווט זי טרייסטען:

— אין קעניגסבערג קענען די רוסען ניט קומען, דאס איז גאר אונמעגליך. דעם קעניג'ס גרענאדירען שטעהען דארט אויף דער וואך, — פערזיכערט זי מינא'ן אזוי הויך און איבערציינענד ווי מעגליך.

מעלאניע שמייכעלט. זי גלויבט אליין ניט וואס זי זאגט. די בערוהיגונג פון דער רייזע איז פערשוואונדען, און זי גלויבט ניט אין די אונבעזיגבארקייט פון דער ארמיי. זי גלויבט אויך ניט, אז די רוסען זיינען אזוי אהנמעכטיג, ווי מען מיינט. פאר דער צייט, וואס זי איז דעם מאיאר'ס פרוי, האט זי זיך גרינגליך בעקאנט מיט די אלע כאראקטערען פון די ארמיי אפיצירען. בעריהמטער, איינגעשפארטע, עהרגייציגע, וואס קענען נאר שיטען זינלאזע פראזען, — די אלע [illegible] פון די קאזינא בעלער, —

קונפט דאָ פאַר דער צייט פון קריעג. דער קאַפּריזנער פאָטער מיט זיינע אייביגע קראַנקהייטען און דער דיענער ווירץ, וואָס זאָרגט וועגען איהם ווי אַ מוטער.

אָבער זי איז אַזוי מיעד.

די בילדער פערשווינדען. זי איז מעהר ניט אימשטאַנד צו דענקען. זי שפּאַרט אָן איהר קאָפּ און דרימעלט דעם גאַנצען וועג, דעם וועג, וועלכען זי האָט ערשט מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק נאָך ניט ערווארט צו בעטרעטען און וועלכער פיהרט זי איצט אין פאַלקענשטיין, איהר געבורטס־אָרט, צו איהר פאָטער.

## XI

אויף די טרעפּ, וואָס פיהרען אין הויז, קומט איהר אַנט־קעגען דער באַראָן, אַנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען. ער ליידט שוין לאַנג פון פּאָדאַגראַ, און זיינע פיס זיינען איצט געשוואָלען. ווי ער האָט זיך דאָס געעלטערט פאַר די פּאָר מאָנאַטען, וואָס מעלאַניע האָט איהם ניט געזעהן!

ווי פרעמד עס איז איהר איצט דאָס אַלטע הויז, וועלכע איז איהר דאָך אַזוי נאָהנט פון די יאָהרען פון איהר יוגענד! אַזוי ווי זי וואָלט דאָ שוין ניט געווען זייט יאָהרען. און דאָך איז עס ערשט אַ פּאָר מאָנאַטען ווי זי האָט דאָס הויז צום לעצ־טען מאָל פערלאָזען, — דאָס איז געווען אין פריהלינג, ווען די שוואַלבען זיינען געקומען, און די פעלד־בלומען האָבען זיך בעוויזען אויפ׳ן גראָז. אמת, דאָס אונגעהויערע, וואָס איז גע־שעהן אין די טעג, קען אַזאַ געפיהל ארויסרופען, ווייל די געגענ־ווארט און די צוקונפט זיינען ווי דורך אַן אָבגרונד אָבגעטיילט געוואָרען פון דער פערגאַנגענהייט.

— האָסטו געהאַט אַ גוטע רייזע, מיין קינד? — מיער־קיים קלינגט אין זיין שטים.

זי ענטפערט, ווייל זי מוז דאָך עפּעס ענטפערען:

— אויף וויפיעל מען קען אין די איצטיגע פורכטבאַרע טעג איבערהויפּט רעדען פון אַ גוטער רייזע, פאָטער.

זיי קומען ארויף אין וועסטיבול, וואָס איז בעציערט מיט דעם באַראָן׳ס יאַגד־טראָפּעען. דאָ, ביים קאַמין, פערברענגט דער באַראָן כמעט זיין גאַנצע צייט, ווייל געהן קען ער שוין לאַנג ניט.

מינאַ, די דיענסט, קומט צו.

אָבער דער אַלטער, ווייזט אויס, וויל דאָס ניט איינזעהן. ער קלאַפּט אויס זיין קאַלט געוואָרענע ליולקע און זאָגט עקשנות'דיג:

— אך, עס איז אַ קאָמפּליצירטע זאַך מיט רוסלאַנד, אַזוי האָט מיין זעליגער פאָטער געזאָגט, און איך בלייב ביי דער מיינונג.

כריסטיאַן ענטפערט איהם שוין מעהר גאָר ניט און געהט אַרויס. ער געהט אין שטאַהל נאָך זיינע פערד. ביז דער צוג וועט צוקומען פון דער נעקסטער סטאַציאָן צו וועריזשבאַלאָווא, איז נאָך דאָ גענוג צייט איינצושפּאַנען די פערד. די צוויי דונ־קעל־ברוינע פערד זיינען געווען אַ געשאַנק פון דעם מאַיאָר. כאָטש מען האָט אַלע פערד אין דעם געגענד ביי דער מאָביליזאַ־ציאָן רעקווייזירט, האָט מען די פּאָר דעם באַראָן געלאָזען. זיי זיינען געווען צו לייכט פאַר שווערע פוהרען, און אויף רייטען — צו פייערינ.

קוים איז כריסטיאַן פאַרטיג געוואָרען מיט'ן איינשפּאַנען, האָט זיך בעוויזען דער צוג.

האַלטענדיג אין דער האַנט זיין צילינדער, בעציערט מיט דעם באַראָן'ס וואַפּענשילד, שטעהט איצט כריסטיאַן און ער־וואַרט די גנעדיגע פרוי. דאָס גנעדיגע פריילין, ווי ער געדענקט זי נאָך, די באַראָנעס פאָן פאַלקענשטיין!

ענדליך ענטדעקט ער זי.

מעלאַניע טראָגט אַ פּערוועלקט בוקעט רויזען אין האַנט.

ער האָט זי בעגריסט, און זי האָט איהם צערשטרייט גע־רייכט די האַנט. דאַן האָט ער זי געפרעגט וועגען איהר באַ־גאַזש.

— דאָס וועט אָנקומען אביסעל שפּעטער. מיר וועלען אָבער גלייך פאָהרען, כריסטיאַן, די לאַנגע רייזע האָט אויף מיר שלעכט געווירקט.

— ווי וועט זיך דאָס דער הערר באַראָן פרעהען!

—און וואָס מאַכט ער?

מעלאַניע זעצט זיך אַריין, כריסטיאַן פערנעמט זיין אָרט.

— ווי אַלעמאָל, גנעדיגע פרוי. אין גוטען וועטער איז זי־מער איז איהם בעסער, אָבער די לעצטע וואָך האָט אַלץ גערעג־נענט, און ווירק האָט שוין געהאַט צו זינגען און צו זאָגען.

כריסטיאַן טרייבט צו די פערד.

מעלאַניע שטעלט זיך פאַר פאַלקענשטיין און איהר צו־

דארף זיין, און האט געזאגט אזוי ווי פערבייגעהענדיג און אבי־
סעל פון אויבען אראב:

— ערשטענס, מיין ליעבער, האבען מיר די עסטרייכישע
ארמיי, וועלכע וועט אבהאלטען דעם ערשטען אנגריף, און דאן
האבען מיר די בעסטע אייזענבאהנען און צעפעלינען...

— דאס זיינען די זאכען, וועלכע פליהען כלומר'שט אין
דער לופט? — פרעגט דער אלטער און שמייכעלט סקעפטיש,
אזוי ווי מען וואלט איהם דערצעהלט נאט ווייס וועלכע ניט גע־
שטויגענע מעשות.

כריסטיאן ווערט שוין ווילד פון כעס. ער קלאפט מיט'ן
פויסט אויפ'ן טיש, אז די גלעזער און פלעשער קלינגען, און
זאגט:

— יע, דאס זיינען יענע זאכען, וואס פליהען אין דער לופט,
און ניט כלומר'שט, און אויף וועלכע מען קען א גאנצע ארמיי
אריבערטראגען איבער'ן ים אין לאנדאן!

— וואס דו קענסט זאגען, א גאנצע ארמיי!

— דאס איז אמת, פעטער, א גאנצע ארמיי... אבער
דערצו וואלט מען שוין געדארפט האבען א גאנץ היבשע צאהל
צעפעלינען, — גיט ער צו שוין אביסעל שטילער.

פעטער שיינט צו זיין איבערצייגט.

— נאטירליך, אויב אזוי, דאן קען מען אויך אריבערפלי־
הען איבער די שנייפעלדער פון רוסלאנד און איבער דער געפרא־
רענער נעוואַ אין פעטערסבורג, — ענטפערט ער איצט.

— גאנץ געוויס קענען מיר דאס, פעטער!

כריסטיאן גיט זיך דערביי א קלאפ אין ברוסט און בעטאנט
שטאלץ דאס ווארט „מיר". דאן זאגט ער:

— נו, זעהסטו שוין, נייגצעהן הונדערט פערצעהן איז נאר
אן אנדער געשיכטע, גאר אן אנדער „שאז", ווי מען דריקט זיך
אויס אין פאריז, ווי אכצעהן הונדערט צוועלף.

דא קומט דער ווירט צו צום טיש און זאגט:

— מיר דוכט, מען האט נאר וואס געגעבען א סיגנאל פון
צוג פון דער לעצטער סטאציאן, הערר כריסטיאן.

כריסטיאן הויבט זיך אויף. נאכאמאל ווענדט ער זיך צו
פעטער, דעם ווירט און אלע אנוועזענדע און ווידערהאלט מיט
דעם טאן פון טיפער איבערצייגונג:

— געדענקט זשע, קינדער. נייגצעהן הונדערט פערצעהן
איז נאר אנאנדער „שאז" ווי אכצעהן הונדערט צוועלף.

באראָן געזאָגט, וועלען אונזערע יונגען פון אלענשטיין און גומ־בינען זיין, ווען דער ווינטער וועט אָנקומען?

— וואו וועלען זיי דען זיין? — פרעגט פעטער.

— אין פעטערסבורג, אלטער פריינד, וועלען זיי דאָן זיין, איבער דער נעווא וועלען זיי זיך ארומפאָהרען אין שליטענס, און די הערדען פון גרויסען גענעראלשטאַב וועלען זיצען אין ווינ־טערפאלאַיז און דיקטירען אַ פריעדען. דאָס האָט מיין באראָן געזאָגט נעכטען אָוועגד. און מיין באראָן ווייס דאָס גאַנץ גענוי, ער האָט אַ פריינד אין בערלין אין קריעגסמיניסטעריום, וואו דער גאַנצער עראָבערונגס פלאַן ליגט שוין לאַנג פיקס און פער־טיג.

די בויערען האָבען אויך די מיילער געעפענט פון פערוואונ־דערונג.

— דיין באראָן, כריסטיאַן, האָט אַ פריינד אין קריעגסמי־ניסטעריום אין בערלין? — שרייען זיי אלע אין איין קול און קוקען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען אויף דעם הערשאַפטליכען קו־טשער, ווי אויף עפּעס אַן ערשיינונג פון אַ העכערער וועלט.

כריסטיאַן פיהלט זיך געשמייכעלט. ער זאָגט דעריבער נאָכאמאָל: — נו געוויס האָט ער אַ פריינד אין קריעגסמיניס־טעריום, און ניט איינעם, נאָר צוויי, זאָג איך אייך! און די זאַך וועט גענוי צוגעהן פונקט ווי אין זיעבציגסטען יאָהר: ווייַ־סענבורג, ווערט, סען־פריוואַ, גראַוועלאָט, סעדאַן, פּאַריז — פערשטעהסט? אזוי זאָגט מיין באראָן, און ער ווייס דאָס, ווייל ער איז אין זיעבציגסטען יאָהר אליין דערביי געוועזען, פּונקט ווי דיין זעליגער פאָטער אין צוועלפטען יאָהר.

אָבער פעטער בלייבט ביי זיין מיינונג.

— ניין, מיט רוסלאַנד איז עס אַ זעהר און זעהר קאָמפּלי־צירטע זאַך, כריסטיאַן! דו וועסט מיך אזוי לייכט ניט איינרע־דען...

כריסטיאַן ווערט אויסער זיך, בעגעגענדיג אזא עקשנות ביי זיין געגנער. אמת, יענער איז שוין קרוב אַכציג, און זיין פערשטאַנד איז שוין ניט זעהר קלאָר. ווען כריסטיאַן וואָלט דאָס ניט געדאַרפט אָננעמען, וואָלט זיין געגנער גאַנץ אַנדערש אָבגעשניטען. אָבער דאָ האָט זיך כריסטיאַן בעגנוגענט מיט דעם, וואָס ער האָט אַ פערעכטליכען ציה געטאָן מיט די אַקס־לען אויף די קאָמפּליצירטע זאַך, וואָס אַ מלחמה מיט רוסלאַנד

טען יאָהר, פונדעסטוועגן שטעל איך זיך די גאַנצע זאַך גאָר אַנדערש פאָר איצט.

— עס איז זעהר קאָמפּליצירט, — לאָזט פעטער ניט נאָך, — מעגסט זיך פערלאָזען אויף מיין זעליגען פאָטער, וועלכער פלעגט מיר אָלעמאָל זאָגען: ברודער׳ל, די זאַך מיט רוסלאַנד איז גאַנץ קאָמפּליצירט. זי איז גאָר ניט אזוי, ווי עס שטעלען זי פאָר די געלעהרטע און די הערען פון דעם גרויסען גענעראַלשטאַב אין בערלין! גלויב מיר, קריסטיאַן, דען מיין פאָטער האָט דאָך אַליין איבערגעלעבט דעם צוועלפטען יאָהר!

— ווילסטו מיר גאָר ניט לאָזען רעדען? — פרעגט קריסטיאַן שוין אויפגערעגט.

פעטער ווערט אנשוויגען און קוקט אויף דעם באַראָן׳ס קוטשער מיט מיטלייד און פון אויבען אַראָב, אָבער דאָך פול ערוואַרטונג.

— ערשטענס, — זאָגט קריסטיאַן, — איז איצט ניט אַכצעהן הונדערט צוועלף, נאָר ניינצעהן הונדערט פערצעהן. און דאָס מיינט, פעטער, אַז איצט האָבען מיר גאָר אַן אַנדער טעכניק.

— דאָס איז אפשר אמת, — זאָגט פעטער.

— און דאַן...

— און דאַן? — פרעגט פעטער געשפּאַנט.

די בויערען ביים טיש ציהען אויס זייערע העלזער. דער ווירט קומט אויך אַרויס אין זיין מין הינטער דעם שענקטיש און, קראַצענדיג דעם קאָפּ, הערט ער זיך צו מיט גרויס נייגעריג־קייט צו יעדען וואָרט, וואָס עס רעדט אַרויס דער הערשאַפט־ליכער קוטשער פון פאַלקענשטיין. וועלכער וואַרט נאָך אַליין אויף פרוי פאָן בערקערסבורג׳ס צוג.

— און דאַן, — זאָגט קריסטיאַן ווייטער, — האָבען מיר איצט ניט ווינטער, נאָר זומער, און דאָס איז די הויפּטזאַך, אין דעם איז דער גרויסער אונטערשיעד!

— אָבער דער ווינטער וועט דאָך באַלד קומען, ער קומט אין רוסלאַנד זעהר פריה, — וויל זיך פעטער ניט אונטער־געבען.

קריסטיאַן לאַכט זיך הויך פאַנאַנדער.

— און ווי מיינסטו, פעטער, וואו וועלען אונזערע יונגען זיין, ווען ווינטער וועט אָנקומען, הא? וואו מיינסטו, האָט דער

רען זיך צו איהם צו, אפילו דער וויכטיגער כריסטיאן, באראָן פאָן פאלקענשטיין׳ס קוטשער.

— מיט רוסלאַנד, קינדער, מיט רוסלאנד א מלחמה איז א קאָמפּליצירטע זאך — זאָגט ער.

— וואָס רעדסטו אלעמאָל פרעמדווערטער, פעטער? — מישט זיך אריין כריסטיאן.

ער האָט זיך ברייטליך און בעקוועם אָנגעלעהנט אויפ׳ן שטוהל אין ווינקעל און איצט רויבערט ער א דיקע ציגאר, וועלכע ער האָט שטילערהייט גענומען ביי זיין באראָן.

— דו דארפסט ניט פערגעסען, פעטער, אז די אנדערע דאָ פערשטעהען ניט קיין פרעמדווערטער.

— מיין פאָטער האָט אויך אלע מאָל אזוי געזאָגט, הערר כריסטיאן, און מיין פאָטער האָט דאָס אלץ געמוזט וויסען, ער איז דאָך דערביי געוועזען. און ער האָט אלעמאָל געזאָגט, אז מיט רוסלאנד איז דאָס א גאנץ קאָמפּליצירטע זאך! ער האָט דאָך אליין געזעהן די יונגען, דאָס זיינען געוועזען בייערען און פרייסען, וועלכע נאפּאָלעאָן האָט אין צוועלפטען יאָהר מיט זיך אוועקגעשלעפּט אין רוסלאַנד. זיי זיינען געקראָכען אין פייער, אזוי האָט מיין זעליגער פאָטער דערצעהלט, און זיי זיינען אלע פערפראָרען געוואָרען צום טויט ביז איינעם!

— וואָס דו קענסט דערצעהלען, פעטער!

— דאָס איז דער ריינער אמת! א גאנץ קאָמפּליצירטע געשיכטע, ווי מיין זעליגער פאָטער האָט געזאָגט. איהר מוזט וויסען, אז רוסלאַנד איז הונדערט מאָל אזוי גרויס ווי פרייסען, אייראָפּעאישע רוסלאַנד אליין, דאָס אזיאטישע רוסלאנד האָט נאָך קיין מענש ניט אויסגעמאָסטען. און ווי נאָר דעצעמבער קומט, ווערט פון גאנץ רוסלאַנד נאָר אייז און שניי. און וועלף זיינען דאָרט פאראַן אָהן א צאָהל. די וועלף האָבען אויפגעפרעסען לעבעדיגערהייט די אָבגעשטאַנענע און פערוואונדעטע פון נאַפּאָלעאָן׳ס ארמיי, ווען די קאָזאקען האָבען נאָך לעבען געלאָזען. דערום ווידערהאָל איך מיין זעליגען פאָטער׳ס ווערטער, מיט רוסלאַנד איז עס א גאנץ קאָמפּליצירטע זאך!

כריסטיאן קראַצט זיך הינטער די אויערען, דאן לעגט ער צו א פינגער צו זיין פלאַכער ריין סלאַווישער נאָז און זאָגט:

— הער זשע דו מ י ך אויס, פעטער! איך האָב, אמת, ניט געהאַט קיין פאָטער, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם צוועלפ־

רוסישען גרענעץ איין ארמיי קאָרפּוס נאָכ'ן אנדערען. רעדי־בער האָט דאָ די קארעטע געוואַרט איבער דריי שעה.

כריסטיאַן, דעם באראָן'ס אלטער קוטשער, וועלכער האָט מעלאַניע'ן אלס קינד אויף די הענט געטראָגען, זיצט זיך רוהיג אין שענק. די פערד האָט ער ענדליך אויסגעשפּאַנט און אריינגעשטעלט אין שטאַהל. אזעלכע פערד קענען דאָך ניט שטעהן שטונדענלאַנג אונטער דער זון, און וועגען שאָטען קען דאָ, אויפ'ן וואקזאַל אין ווערזשבאלאָווא, גאָר קיין רעד ניט זיין.

אין שענק פליסט דער שלעכטער בראַנפען שטראָמענווייז, ווינטער און זומער, אין קריעג און אין פריעדען, דען דער באראָן ברענט קאָרן. אלע הערדען יונקער טוען דאָס אין דעם געגענד. ערגעץ וואו מוזען זיי דאָס נאַטירליך אָבזעצען, אניט הויבען זיי אויף סקאַנדאַלען אין רייכסטאַג און ווילען ניט שטימען פאַר מלחמה הוצאות. זיי זיינען די שטיצען פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי און פאָלגליך אויך פון דעם טראָהן. די אלע יונקער פון ארום ווערזשבאלאָווא און קעניגסבערג, דאַנציג און טאָרן, שטעטין און שטאַרגאַרד און ווייטער ביז טיף אין פּריי־סיש־פּוילען. און אזוי ווי זיי מוזען האָבען וואו אָבצוזעצען זייער פּראָדוקט, מוז אין שענק פליסען דער שלעכטער בראַנפען אין שטראָמען.

כריסטיאַן קלאַפּט מיט זיין האַרטער האַנט איבער'ן טיש. דער ווירט ברענגט איהם אַ נייע קוואַרט בראַנפען.

די בויערען פון דעם געגענד, וואָס רעדען דאָ אין שענק פּאָליטיק, קוקען אויף כריסטיאַנ'ען.

צו דעם פאַלקענשטיינער קוטשער פיהלען זיי גרויס אכטונג, ווייל זיין באראָן איז בעריהמט אין דעם גאַנצען געגענד, בעזונדערס זינט זיין טאָכטער איז געוואָרען די פרוי פון דעם רייכען מאיאָר פאָן בערקערסבורג. און דאָס ווייס דאָך דאָ יעדע קינד, אז דער מאיאָר איז אָנגעשאָטען מיט געלט — מיליאָנען גאַנצע!

אין ווינקעל ביים אויווען זיצט אַן אלטער מיט אַ צייהנלאָזען מויל. אָבער ער איז אויך ניט גלייכגילטיג צו דעם באראָן'ס הכנסות. ער איז שוין אלט קרוב אכציג, און נאָך אלס קינד האָט ער זיך פון זיין פאָטער אָנגעהערט אלערליי אויסערגעוועהנליכע געשיכטען וועגען נאַפּאָלעאָן'ס געצוואונגענעם ריקצוג פון רוס־לאַנד'ס שנייפעלדער דורך אָסט פּרייסען. ער איז היינט רעדעבער זעהר אן אינטערעסאַנטע פּערזענליכקייט, און אלע הע־

אז א נייע פירכטערליכע וועלט ערוואכט צו א שרעקליכען לעבען.

א בעזונדער גרויסע מעננע פילט אן פאטסדאמערפלאץ. היטלען פליהען אין דער בלויער לופט, פרויען פאכען מיט טיכלעך און א טויזענדשטימיגער געשריי רייסט זיך ארויס פון די ברוסטען און שניידט מעלאניע'ס אויער:

— הורא! הורא! הורא!

ווי מען וואלט שוין געוואונען די מלחמה אין אן ענטשיידענדער שלאכט.

אן אפענער אויטאמאביל טראגט זיך ווילד פערביי דורך דעם פלאץ. ווי אונטער דער ווירקונג פון אן אונזיכטבארער מאגישער קראפט שטעלען זיך גלייך אב אלע וואגענס.

עס דערהערט זיך דער רוף פון דעם אויטאמאביל און קלינגט, ווי ער וואלט אנגעזאגט ווענען זיגע:

— טא־טי... טא... טא...

ד ע ר ק א י ז ע ר!

מעלאניע'ס בליק פאלט אויף זיין געזיכט. אש־גרוי, ווי עס וואלט געווען אויסגעגאסען פון ערץ, אונבעוועגליך ווי א פנים פון מארמאר, געהיימניספול, שרעקליך, פורכטבאר — ווי די צוקונפט...

ווי א פייל טראגט זיך דער אויטאמאביל פערביי, זיך דורכ־רעהענדיג צווישען דער מעננע, אונטער דער געשיקטער האנט פון דעם קייזער'ס שאופער, און פערשווינדענדיג ווי א שאטען אין דער נאכט.

די לייפציגער שטראסע איז אויך פול מיט מענשען, און מעלאניע'ן איז שווער פון איהר ארויסצוקומען. זי האט בע־שלאסען צו געהן צופוס צום וואקזאל פרידריכשטראסע, אום פון דארטען צו פאהרען צום רוסישען גרענעץ.

זי וועט איינאטמען אביסעל פרישע לופט, און דאן וועט זי אריינגעהן צו באוער, אונטער די לינדען, וואו זי פלעגט אמאל אזוי אפט און גערן זיצען, און וועט טרינקען קאפע.

X

ביי דער סטאציאן ווערזשבאלאווא שטעהט פאלקענשטיין'ס קארעטע. מעלאניע האט טעלעגראפירט, ווען אונגעפעהר זי וועט אנקומען. גענוי וויסען די צייט ווען די צוגען געהען האט מען ניט געקענט, ווייל מען האט איצט אריבערגעווארפען צום

איהר רוכט, די אונגעהויערע שטאָדט האָט זיך שוין בע־וויזען אויף דעם האָריזאָנט.

דאָס הארץ פון דער וועלט, דער מיטעלפּונקט פון דער פּירכטערליכער מלחמה, דאָס געהירן פון דער גאנצער בעוועגונג — דאָס איז פאר איהר איצט בערלין!

דער צוג לויפט אלץ שנעלער און שנעלער, ווי ער וואָלט איצט אין דער לעצטער שעה געוואָלט אָניאָגען אלץ, וואָס ער האָט פערזאמט אין דעם לעצטען מעת לעת.

עס פליהען פערביי סטאַציאָנען: צאהנא, יוטערבאָגען, טעלטאָוו, גראָס־ליכטערפעלדע, פּאפּעשטראסע... דאן ווערט דער צוג אָבגעהאלטען, און אין אייניגע מינוטען ארום — אַנהאלטער וואָקזאל!

ווי אין חלום געהט מעלאניע אראָב די ברייטע טרעפּ. אונטען איז דער וואקזאל עהנליך צו א לאגער: סאָלדאטען און סאָלדאטען אָהן א צאָהל. זיי ווארטען אויף זייערע צוגען, וועלכע זאָלען זיי ברענגען צו דעם מערב גרענעץ. און צווישען די סאָלדאטען געפינען זיך די, וואָס געזעגנען זיך מיט זיי. מענער זינגען און שרייען, און עס פאָכען מיט טיכלעך פרויען, מוטערס, שוועסטער, כלות. זיי אלע זיינען ווי פער׳שכור׳ט פון דעם איין בעוואוסטזיין פון אונבעזיעגבארער מאכט און גרויסקייט.

דורך א ברויזענדען ים פון שטימען קומט מעלאניע אָן אין קעניגגרעצשטראסע, וועלכע איז אויך שווארץ פון מענשען. עס קומט אָן דאָס ערשטע גארדערעגימענט מיט פאָהנען און מוזיק, גרייט צום אָבפאָהרען. אן אלטע פאָהן, אין גאנצען צושאָסען נאָך אין 1870 אויף די פראנצויזישע שלאכטפעלדער. וועהט אונטער דעם מילדען מאָרגען ווינטעל פון אן אונפערגלייכליך שעהנעם זומערדינגען טאָג.

ביי אלע פענסטער, אויף אלע דעכער, אויף די שטאנגען פון די רעקלאמע־שילדען — אומעטום מענשען. זיי קוקען, הערען און זעהען צו, ווי דאָס אונבעגרייפליכע, משונה׳דיגע, אויף וואָס זיי האָבען געווארט און וואָס זיי האָבען געוואָלט און ניט געוואָלט שוין אזוי פיעל יאָהרען, ווערט איצט פערווירקליכט.

מיט געמאָסטענע טריט געהט דאָס ערשטע גארדערעגימענט, און ארום הערען זיך טראָמפּייטען, ווי זיי וואָלטען גערופען צום שלאכט. באלד דערהערט זיך א קלאפּען אין פויקען, און ווידער דונערען די טראָמפּייטען, ווי זיי וואָלטען אָנגעזאָגט,

— אָ, איך וועל דאָס זיכער בעקומען! — רופט אײנער אויס.

— וואָס?

— נו, דעם אײזערנעם קרײץ נאַטירליך.

— אַט וועלען זײ זיך דאָס וואונדערען אין דער הײם, ווען דו וועסט אָנקומען מיט דעם אײזערנעם קרײץ!

יענער שמײכעלט, א גליקליכער. מיט זײנע צוואנציג יאָהר זעהט ער זיך שוין ווידער אין דער הײם, א העלד: מען איז איהם מקנא, מען בעוואונדערט איהם, און אלע שעהנע בעשעפעניש׳ען, וועלכע טראָגען שירצען און לאנגע צעפּ, לויפען איהם נאָך. ער שטעלט זיך גאָר ניט פאָר די מאסען־קברים אין שעהנעם פראנקרײך, די פעלד־ארטילעריע, וועלכע וועט גײדען דײטשלאנד׳ס יוגענד, ווי צײטיגע ווײץ אויפ׳ן פעלד.

אָבער מעלאַניע הערט ניט און איהר טיפען שלאָף די פרעהליכע פלוידערײ פון די צוויי גליקליכע יונגען.

„נאָר דער אירטום איז דאָס לעבען
און דאָס וויסען איז דער טויט!“

ווען מעלאַניע האָט ערוואכט, איז שוין די אויגוסט זון הויך געשטאנען איבער דער זאמדיגער עבענע פון בראַנדענבורג. זי האָט זיך געריבען די אויגען. האָט זי דען אזוי לאנג געקענט שלאָפען? די טירינגענער בערג זײנען פערשוואונדען, און די כּאָסנע וועלדער פון דער אײנטאָניגער עבענע פליהען איצט פערבײ דעם פענסטער פון צוג, וועלכער לויפט איצט צו דער אונגעהויערער שטאָדט, בערלין. אונגעהויער! קײן אנדער וואָרט קען מעלאַניע פאָן בערקערסבורג ניט געפינען היינט צו בעשרײבען די שטאָדט, פאר וועלכע, דעם אמת זאָגענדיג, זי האָט אלעמאָל מורא געהאט.

זי עפענט דעם פענסטער און בויגט ארויס איהר קאָפּ, און איהרע בליקען זוכען בערלין, וועלכער ציהט איהר היינט מעהר ווי ווען עס איז אין איהר לעבען. דען היינט איז ער דאָס הארץ, דער פולס, דאָס געהירן פון דער גרויסער בעוועגונג, וועלכע האָט איצט איהר און אלע אנדערע היגעריסען ווי א קעסעל־גרוב און געשלײדערט טיף אין דעם אָבגרונד פון ים.

עס דערמאָנען זיך איהר די ווערטער פון שילער׳ס „טויכער“.

„און עס רוישט, און עס זידט, און עס ברויזט, און עס ציטט
ווי ס׳וואָלט וואַסער מיט פײער זיך מישען!“

און מיט בלומען אויף די העלמען יובלען זיי דאָ פונקט ווי דאָרט פאַר איהר הויז אויפ'ן רהיין. און ווען אַ צוג געהט אַב, דערהערען זיך נאַציאָנאַלע ליעדער, געזונגען פון טויזענדער שטימען.

הינטער ערפורט הויבט אָן טאָגען. איבערוועלטיגט פון מיעדקייט, שלאָפט מעלאַניע ענדליך איין אין קופע. זי פערגעסט אָן דעם גרויסען און שרעקליכען, וואָס קומט פאַר ארום איהר און אין גאַנצען לאַנד. זי זעהט אויך ניט די צוויי יונגינקע אָפיצירען, וואָס געפינען זיך אין דעמזעלבען קופע און וואָס איילען איצט צו זייער רעגימענט אין בערלין, אום אפשר אין אַ פּאָר טעג ארום צו שטעהן אין דעם דונער פון קאַנאָנען הינטער ליעזש אָדער נאַמור.

ווען מעלאַניע וואָלט זיי נאָר געקענט זעהן, וואָלט זי זיך שטאַרק געוואונדערט און וואָלט נאָר ניט געקענט בעגרייפען וואָס ארום איהר טהוט זיך! די געזיכטער פוןביידע יונגע לייט שטראַהלען פון העלער פרייד. ווי בערוישט זיינען זייערע נשמות, און פאַנאַטיזם ברענט אין זייערע בליקען. מיט וועלכער פרייד זיי עפענען דאָס איצט די פלאַש בלוטיג־רויטען וויין, וואָס די מוטער האָט איינעם פון זיי געגעבען, בעגלייטענדיג איהר זוהן צו אַ זיכערען טויט! מיט וועלכען ענטוזיאַזם זיי טרינקען דאָס פון דעם רייזע בעכער, ניט פערדעכטיגענדיג אפילו, אַז דאָס איז זייער רייזע אין די אייביגקייט!

זיי טרינקען, לאַכען, פרעהען זיך, פּלוידערען... די אויגען לויכטען און שטראַהלען. ווען מעלאַניע וואָלט דאָס נאָר געקענט זעהן, ווי הויך איהר מוט וואָלט דאַן געשטיגען!

איינער איז בלאָנד, דער אנדערער איז אַ שאַטען. און ביידע זיינען זיי קוים אלט צוואַנציג יאָהר און האָבען ניט פערזוכט די ביטערניש פון לעבען. זיהן פון רייכע עלטערען, ניט וויסענדיג קיינמאָל פון קיין מאַנגעל אין געלט, האָבען זיי שוין ערפאַהרען אלע פערגניגענס פון דעם אונפערלנייכליכען בערלין, איידער זייער קעניג האָט בעשטימט פאַר זיי אַ פריהצייטיגען טויט.

און איצט איילען זיי דעם טויט אנטקעגען, בעציערט מיט בלומען, ווי די אָפּפער־אָקסען אין טראָי, ווען מען האָט געפייערט דעם זיעג.

אַ מוט! אַ יוגענד! אַ בעגייסטערונג!
„ליעב פאַטערלאַנד, מעגסט רוהיג זיין!
פעסט שטעהט די וואַך, די וואַך ביים רהיין!“

אין די ערמיערענדע שטונדען פון יענער רייזע. אפילו זי, מעלאַניע, זאָגט דאָס.

אונטער דעם בעצווינגענדען איינדרוק פון אָט די מאסען, וואָס ווערען אונאויפהערליך אריבערגעוואָרפען פון מזרח אין מערב, פערגעסט מעלאַניע אויף א צייט די שווארצע, מיט קוילענ־שטויב בעדעקטע מינען ארבייטער פון די בעלגישע אינדוסט־ריעלע צענטרען, פערגעסט די קרעפטיגע און מוטיגע יונגענד פון פראנקרייך, די אונגעהויערע מענשענמאסען פון ענגלאנד, וואָס געפינען זיך אין אינדיען, קאנאדא, אפריקא און אויס־טראליען, פערגעסט די סטעפּען פון אונענדליכען רוסלאנד, וואָס האָט זיך צושפרייט ביז צו די ברעגען פון דעם שטילען אָקעאַן, פערגעסט אויך אָן יענע קליינע, געלע, קרומאויגיגע יונגען, וועל־כע פלענען אויף זייערע פישער־שיפלעך צוקומען צו די ווייטע זונד־אינזלען נאָך איידער עס איז געווען א סימן ניט נאָר פון א דייטשער אימפעריע, נאָר אפילו פון א וועסטליכער קולטור. אויך זי, מעלאַניע, דענקט איצט, אז דייטשלאנד איז אונבע־זיעגבאַר.

אויף דער לאנגער רייזע שטעהען די צוגען אויף אלע סטאציאָנען אונענדליך לאנג. און אומעטום איין און דאָס־זעלבע בילד: סאָלדאטען, סאָלדאטען... עס קוקט אוים ווי אן אונבעקאנטער צויבערער וואָלט אין איין נאכט פערוואנדעלט דייטשלאנד אין איין קריעגסלאַגער. ניין, עס איז גאָר אונ־מעגליך, אז דאָס זאָל זיך ניט ענדיגען מיט ערפאָלג, טראכט מעלאַניע, ניט קוקענדיג אויף אדאָלף'ען, וועמען זי וויים, אז זי וועט שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן, און אויף דעם מאיאָר!

צוג נאָך צוג, טראנספּאָרט נאָך טראנספּאָרט קומען צו אין די הויכע, שווארצע וואָקזאלען. א פורכטבאר פאָלק אין וואפען האָט דייטשלאנד אין איין נאכט אויסגעשפּיגען ביים וועסטליכען גרענעץ. אין מחנות פון צעהנדליגער און הונדער־טער טויזענדער האָבען די מאסען מענשען פערלאָזען זייערע פאבריקען און מינען, זייערע ענגע שטעדט און ברייטע, ליעבע דערפער. דער הענדלער האָט געוואָרפען זיין קאנטאָר, דער לעהרער — זיין אווידיטאָריום, און פון אומעטום, פון די אוני־ווערזיטעטען און מוזעאומס, פון די פאלאצען פון פירשטען און מיליאָנערען און פון די אָרימסטע ווינקלען פון בעטלער, זיינען די מיליאָנען געקומען, ווי איין לעבעדיגער שטראָם, ווי א שטראָם פון פליסיגען מעטאל, וואָס האָט זיך געגאָסען פון מזרח צו מערב, און פון מערב צו מזרח.

מינוט פון אבשיעד, — זיי נעהען דאך ביידע, אי דער מאן, אי דער פריינד, אין פראנקרייך, אנטקעגען דעם אלגעמיינעם שונא. א פערקערפערונג פון דער אידעע פון פערניכטונג, נעהט פערביי איהר אוועק דער מאיאר אויף זיין פעך־שווארצען פערד, און באלד ערשיינט די ליכטיג־פריידיגע פיגור פון איהר פריינד, ווי א וואונדער פון הימעל, אין גלאנץ פון דער שטראהלענדער מארגען זון.

די קאלאנע שטעלט זיך פלוצלונג אב פונקט פאר איהר הויז. ער לאזט ארונטער זיין סאבעל און קוקט ארויף צו איהר.

זי ווארפט די פורפור־פארביגע רויז, וועלכע פאלט אויף די שטויביגע נאס צו זיינע פיס. דאס פערד דערשרעקט זיך און שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס. אבער ער האלט איהם פעסט און בעגריסט מעלאניע'ן מיט זיין סאבעל. דאן כאפט ער אויף מיט'ן שפיץ פון סאבעל די רויז און הויבט זי אויף, ווי א בלוטיגע טראפע, אויף זיין געוועהר.

— באטאליאן, מארש!

דאס איז געווען דאס לעצטע אבשיעדס ווארט, וואס זי האט קוים דערהערט פון זיין מויל... די ריעזיגע קאלאנען האבען זיך ווידער גענומען בעוועגען. נאך צעהן מינוטען זיינען שוין די לעצטע פערשוואונדען.

מעלאניע איז געבליבען אליין.

## IX

אחן א סוף האט זיך אין יענע טעג געצויגען דער וועג פון דעם רהיין צו בערלין צוליעב די מיליטערישע טראנספארטען, וואס מען האט פון דייטשלאנד אריבערגעווארפען נאך וועסט מיט דער שנעלקייט פון א בליץ. אום דורכצוריייסען זיך דורך בעלגיען און לוקסעמבורג צו פאריז און ארויסרייסען פון זיין ברוסט דאס צוקענדע, לעבעדיגע הארץ. שוין א פולען מעת לעת פאהרט מעלאניע און איז נאך ערשט אנגעקומען אין ערפורט. אבער אט דער מעת לעת פון לאנגזאמען פאהרען איבער דייטשלאנד'ס פראווינצען האט איהר געגעבען א בעגריף וועגען דייטשלאנד'ס גרויס און אפפערזעהלינקייט, וועגען דער אונערשעפליכער פאלקס־קראפט, וואס שלאגט איצט ווי א מעכטיגער קוואל אין אלע טיילען פון לאנד. דייטשלאנד איז אונבעזיעגבאר! — ווידערהאלט מעלאניע דעם מאיאר'ס ווערטער

קאָלאָנען, אויסגעגאָסען פון שטאָהל און אייזען, אונבעוועגבארע קאָלאָנען, קלערט מעלאַניע.

און אויף איין מינוט ווערט מעלאַניע'ס הארץ אויך פול מיט דעם געפיהל פון אונאויסשפרעכליכער גרויסקייט. דער שרעקליכער גרוס פון די שטארבענדע: „אווע צעזאר, אימפע־ראטאָר!" ווערט אויף אַ רגע אנשוויגען אין איהר ברוסט. עס בלייבט נאָר דאָס טיפע בעוואוסטזיין פון מאכט. מיט שנעלע טריט נעהט זי אין צימער צו איהר טואַלעט, וואו זי האָט נאָך פאַריגען אָוועגד אוועקגעשטעלט אדאָלף'ס רויזען, און נעמט ארויס אַ בלוטיג־רויטע „ליידי ראָטשיילד". שפעטער אַ רגע שטעהט זי שוין ווידער אין ראהם פון פענסטער, איינגעהילט אין די פורפורנע פאלדען און ווארט אויף דעם מאָמענט, ווען ער וועט זיך בעווייזען אויף זיין שניי־ווייסען „רוסטאן", אין דער שפיץ פון דער אכטער קאָמפאניע.

זי ווייס גוט זיין רוסטאָן, פונקט ווי זי ווייס דאָס נעלע פערד פון דעם קאָמאנדיר פון רעגימענט. אדאָלף האָט זיין פערד אמאָל געקויפט ערגעץ אין אויסלאנד און שטאָלצירט מיט איהם. ביז איצט האָט מעלאַניע געליעבט זיין פערד, ווייל דאָס איז ז ײ ן פערד. אָבער איצט שרעקט זי זיך. זי האָט מורא, אַז זיין ווייסע פאַ־ב וועט אין פעלד ארויסגעבען דעם רייטער צום שונא. כאָטש זי איז אַ מאיאָר'ס פרוי, האָט זי דאָך קיין אהנונג ניט, ווי אַ מאָדערנער קריעג ווערט געפיהרט. אָבער זיי ווייסען קוים אליין, טראכט זי.

אָבער זי וואַרט מיט אונגעדולד אויף „רוסטאָן", אויף וועלכען זי זעהט שוין א י ה ם, איהר זיגפריד און שוואנענ־ריטער אין איין געשטאלט. און ווארטענדיג אויף דעם מאָ־מענט, שטעהט זי ביים פענסטער, איינגעהילט אין די שעהנע פאלדען פון פורפורנעם פאָרהאנג, מיט דער בלוטיג־רויטער רויז אין האנט.

זי זוכט מיט איהרע אויגען דורך די אונענדליכע רייהע פון די פערביינעהענדע סאָלדאטען, זי זוכט צווישען זיי איהר פריינד. אָבער איהר בליק פאלט ניט אויף איהם, נאָר ווערט ווי מיט אַ נעבעל פערצויגען, בעגעגענדיג דעם בליק פון דעם מאיאָר אויף דעם פעך־שווארצען „סענדאָמיר". אָבער אויב דער מאיאָר איז שוין דאָ, מוז דער פריינד אויך זיין ניט ווייט. די אפטע קאָמפאניע איז דאָך אין איהר מאַן'ס באטאליאָן, לויפט דורך איהר געדאנק ווי אַ בליץ. דעריבער צווינגט זי זיך גיט אָבצוקערען זיך פון דעם מאיאָר אין דער לעצטער

„דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס,
איבער אַלעס אין דער וועלט!“

און אַט קומט דאָס רעגימענט מיט אויסגעמאָסטענע טריט איבער די גאסען פון שטאָדט, איבער דער רהיינישער אלעע, ווי אויף אַ פּאַראַדען פעלד.

דאָס פּויקען און פייפען הערט אויף, פּונקט ווי דאָס שטאָלצע ליעד פון דייטשלאַנד׳ס איינינקייט און גרויסקייט. די קאַפּעלע פון דעם רעגימענט הויבט אָן שפּיעלען פּונקט אונטער מעלאַניע׳ס פענסטער, — דאָס איז אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו איהר פון דעם קאָמאַנדיר, פאָן טראַוטמאַן, וועלכער פלעגט מיט איהר אזוי גערן פלוידערען אמאָל, אין די לאנגע פערגאַנגענע צייטען פון פריעדען. וואָס איז דאָס? אַ פּרייסישער מארש!

און זי שטעהט אויבען איינגעהילט אין די פּורפּור־פאַלדען פון דעם פאָרהאַנג, ווי אין אַ טאָגאַ פון אַ רוימישען צעזאַר. זי רוקט ארויס איהר קאָפּ פון פענסטער און בעגריסט דאָס רעגימענט.

דער קאָמאַנדיר דערקענט זי. ער לאָזט אראָב זיין סאבעל, און זי שמייכעלט צו איהם, ווי זי פלעגט שמייכלען אויף די קאַזינאָ בעלער און אָוועַנדען, פּונקט ווי זי וואָלט פאַר זיך נים געזעהן אַ טויט מארש. ער רייט אויף זיין פרעיא, אַן אנגליזירט פערד וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען נים אין גאַנצען גארניזאָן. אזוי ווי געהענדיג אין שול, טאנצט דאָס פערד אויפ׳ן וועג צום שלאַכט. און דאָ בעמערקט זי. אז זיי אלע האַלטען זיך, ווי זיי וואָלטען געגאַנגען צום טאַנץ, צו אַ פרעהליכען יום טוב. בלומען אין די עפענונגען פון זייערע ביקסען, אייכענצווייגען אויף זייערע העלמען, רויזען אין דער פרייער האַנט! און אזוי געהען זיי ווי אין אַ טריאומף צוג, אָדער צום טאַנץ.

נאָר זי אליין יובעלט נים.

פעסטער הילט זי זיך איין אין דעם פּורפּורנעם פאָרהאַנג, אזוי ווי וועלענדיג אין איהם פערשווינדען. זי גריסט נאָך אַ מאָל. „אווע צעזאַר, אימפּעראַטאָר, מאָריטורי טע סאַלוטאַנט“ געהט איהר דורך מערקווירדיג פייערליך אין געדאנק. „אווע צעזאַר, אימפּעראַטאָר, אווע, אווע!“

און אונטען ציטערט די ערד פון די טויזענדער פיס, און די טריט הילכען אָב אויף דעם האַרטען ברוק. וואָגען נאָך וואָגען, קאָמפּאַניע נאָך קאָמפּאַניע, באַטאַליאָן נאָך באַטאַליאָן. און איהר דוכט זיך אויף, אז אָט די מאַכט איז אונערשעפּליך.

פּאָלדען. איהר שלאַנקע פיגור איז איצט ווי אין א פורפורנער טאָגאַ פון א רוימישען צעזאר.

אין דער ווייט הערט זי ווי מען פויקט און פייפט. זיי געהען! זיי געהען! פון די פענסטער פון דער דערבייאינער ווילא ציהען זיך ארויס די העלזער פון דיענסט מיידלעך. בלומען פליהען פון זייערע הענט אויפ'ן גאַס. אויפ'ן דאַך פלאטערט די שווארץ-ווייס-רויטע פאָהן און בלאָזט זיך אָן, פונקט ווי זי וואָלט זיך וועלען צורייסען אויף שטיקלעך פון פרייד און גליק... מעלאַניע טראַכט: פייערען זיי דאָס היינט א זיעג, אָדער דאָס איז נאָר אַן אויסצוג צו דעם אונבעוואוסטען שיקזאל?

זי איז צוטומעלט, צושטרייט, איז קוים אימשטאנד צו דענקען. נאָר די אויסגעגאָסענע פיגור פון דעם מאַיאָר אויף דעם פעך-שווארצען „סענדאָמיר" מיט'ן סאַבעל אין האנט קען זי זעהן פאר זיך.

דאָס פויקען און פייפען קומט אַלץ נאָהענטער און נאָהענטער. דער רעגימענט קומט צו. הילכענדע געשרייען דערהערען זיך אויפ'ן גאַס. זי קומט צו נאָהנטער צום פענסטער, שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער, און איהר געלינגט אראָבצוקוקען אין גאַס. די גאַס איז שווארץ פון מענשען, ווי נאָר מען האָט זיך דערוואוסט, אז די רעגימענטען — א שטראָם, וואָס דאַרף פערפלייצען פראנקרייך — מארשירען אָב, איז קיינער נים געבליבען אין בעט, און מענער, פרויען, קינדער, אַלטע, יונגען און מיידלעך זיינען אַלע ארויס אין גאַס.

זי קוקט אראָב אין דעם ים פון מענשען-קערפּער, און איהר ווייזט דאָס אויס ווי איין ניגאַנט. ווי דער רהיין אין פריהלינג, ווען ער הויבט אויף מיט זיין אונבעזיעגבארען נאַקען דעם אייזדעק און שליידערט איהם מיט הערקולישער מאַכט אויף די שטיינערנע ברעגען, אום נאָר צו קענען געהן פאָראויס, ווייטער! פערוויסטענדיג אַלץ, וואָס שטעלט זיך אין וועג, גערטנער און פעלדער, בוימער און הייזער, נים אכטענדיג מעהר קיין זאַך! אזוי ווייזט איהר אויס דאָס וואָס זי זעהט אונטען אין דעם איצטיגען שרעקליכען מאָמענט.

און איבער דעם די לויכטענדע זון און דער גלאָקען-קלאַנג, און אלס ענטפער פון אונטען א שטורמיגע ליעד, איין איינציגע ליעד, געזונגען פון טויזענדער און טויזענדער שטימען פון אַלטע, יונגע, מענער, פרויען. מעלאַניע כאַפּט אויף די ווערטער:

ליך איז היינט, ווי אלעמאָל, געווען זיין אָבשיעד, ווי יעדען טאָג, ווען ער פלעגט זיך זעצען אויפ'ן פערד און אוועקרייטען צו דער קאַזארמע. דער „סענדאָמיר", וועלכען ער האָט געליעבט מעהר פון אלע אנדערע פערד, איז געווען פעך שוואַרץ. שווארץ ווי זיין נשמה, ווי מעלאַניע האָט אָפט געטראַכט.

— זיי געזונד, מיין קינד, און פיהר זיך גוט אויף! — דאָס האָט ער איהר היינט געזאָגט פאר'ן אָבשיעד. און זי האָט געפיהלט, ווי זי וואָלט געשטאַנען ביים ראַנד פון אן אָבגרונד, ווי די ערד וואָלט אונטער איהרע פיס פערשוואונדען, און דאָך, אזוי ווי שטיל, קוים הערבאַר פּאָכענדיג מיט די פלינגעל, וואָלט די גאָלדענע האָפנונג אויף א בעסערע צוקונפט ארויפגעשוועבט צו איהר פון דעמזעלבען אָבגרונד.

און ווי זי האָט ניט געוואָלט טראַכטען וועגען אדאָלף'ען, נאָר וועגען איהם, האָט זיך איהר געדאַנק אלץ אומגעקערט צום מאַיאָר, צו דעם אונפערגעסליכען בילד, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין איהר זכרון, ווען זי האָט איהם איין מאָל — און דעם איינציגען מאָל — געזעהן אָנפיהרענדיג זיין באַטאַליאָן פון די איבונגען צו דעם פּלאַץ פאר מאַנעווערעס. זי וועט דאָס קיינמאָל ניט פערגעסען! אויך דאַן האָט ער געריטען אויף דעם „סענדאָמיר", דעם פערד מיט דער פעך־שווארצער הויט און סלאַווישען נאָמען, וועלכען זי האָט ניט געקענט ליידען, שוין דערפאר וואָס עס איז געווען זיין ליעבלינגס פערד. ער האָט ארויסגעצויגען זיין סאַבעל, און זיינע קאַלטע בלויע אויגען האָבען פאר איהר געהאַט דעם אויסדרוק פון אונערבארמליכער בייזקייט, ווען זיי האָבען געקוקט אין די ווייט, פון וועלכער עס האָט זיך געהויבען, פונקט ווי היינט, א ים פון נעבעל.

אזוי וועט זי איהם אויך היינט זעהן אויף זיין „סענדאָמיר", — רייטער און פערד ווי צונויפגעוואַקסען, ווי צוזאַמענגעגאָסען אין איין פיגור. דען די שעה פון דעם אויסצוג איז שוין ניט ווייט, און זיין רעגימענט, אין וועלכען אדאָלף דיענט אויך, וועט באַלד גיין איבער דער רהיינישער אלעע, פערביי איהר הויז, צום וואָקזאַל.

איהר איז קאַלט אין איהר באַטיסטענעם העמד, וואָס איז בעציערט מיט א בלויען בענדעל. פון דעם רהיין בלאָזט א קאַלטער ווינט. זי פערמאַכט דאָס פענסטער, וואָס איז געבליבען אָפען די גאַנצע נאַכט. דאַן נעמט זי דעם פּורפּורנעם פאַרהאַנג פון פענסטער און הילט זיך איין אין די שווערע

אנדערע קירבען, ווי מען וואָלט שוין געפייערט דעם זיעג. אָבער דער אויסצוג הויבט זיך נאָר איצט אָן.

מעלאַניע׳ס געפיהלען און געדאנקען זיינען צומישט און ניט קלאָר. די גאנצע נאכט, פון זינט אדאָלף איז אוועק, האָט זי אַן אויג ניט צוגעמאכט. אונרוהיג האָט זי זיך געוואָרפען אין בעט, וואַרטענדיג אויף טאָג, וועלכער האָט ניט געוואָלט אָנקומען, און פאר וועלכען זי האָט מורא געהאט. דעם פיינ־ליכען מאָרגען! אָבער ענדליך איז ער אָנגעקומען.

זי שלאָפט שוין לאַנג ניט אין איין צימער מיט דעם מאַ־יאָר. דאָס איז נאָר געווען אזוי דעם ערשטען יאָהר נאָך איהר הייראַט, ווען עפעס עהנליך צו זינליכער לוסט האָט איהם צו איהר צוגעבונדען. איצט איז דאָס אַנדערש. זי קען קוים זיך דערמאָנען, ווען ער האָט זי בעריהרט. זי איז געווען אין זיין לעבען ניט מעהר ווי אַ קאַפּריז, אַ ספּאָרט, וועלכען ער האָט זיך געקענט ערלויבען, און וועלכער האָט איהם, ווייזט אויס, שוין לאַנג דערעסען. אַ ספּאָרט פון אַ מאַן, וועלכער קען בעצאָהלען פאר זיינע פערגניגענס. איבריגענס, האָבען דען זיינע בעציהונגען צו איהר געקענט זיין אַנדערש, טראַכט מעלאַניע, דערמאָנענדיג זיך אָן די וועקסלען און דעם רעוואָל־ווער אויפ׳ן פאָטער׳ס שרייב־טיש.

ענדליך איז געקומען דער טאָג! ווי אַ רויטער באַל האָט זיך בעוויזען אויף דער רעכטער זייט פון רהיין אין אַ ים פון נעבעל די זון. זי שיקט איהרע פרעגענדע, פאָרשענדע, זוכענדע שטראהלען אין מעלאַניע׳ס איינזאמען צימער, דערמאָנענדיג איהר, אַז אויך פאר איהר האָט איצט געשלאָגען די שעה פון אָבשיעד. זי דערמאָנט זיך, אַז אויך זי וועט אין דעם טאָג אָבפאָהרען, צוערשט אין בערלין, דערנאָך אין פאלקענשטיין, לעבען דעם רוסישען גרענעץ.

ווי אַ געדיכטער בלוטיגער שלייער אונטער די קרומע שטראהלען פון דער אויפגעהענדער זון, האָט זיך דער ים פון נעבעל געשפרייט איבער דעם רהיין און איבער דייטשלאַנד׳ס פעלדער אין דער מינוט, ווען מעלאַניע, ציטערענדיג פון קעלט, איז אין איין העמד צוגעגאַנגען צום פענסטער.

זאָנדערבאַר איז געווען דער הימעל אין מזרח, איבער דייטשלאַנד, מערקווירדיג זיינען געווען די קאָנטורען פון די וואָלקענס אונטער דעם אויפשטייגענדען טאָג ליכט, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסע רויטע לאַנטערנע.

דער מאַיאָר איז אַוועק. קורץ און אויסגערעכענט פינקט־

וועט פערבראכט ווערען אין צונרייטען זיך, אום פינף דרייסיג אין דער פריה געהט אָב דער צוג.

— מען וועקט זיי איצט, — ווידערהאָלט זי, — צום לעצטען מאָל וועקט מען זיי איצט, מיין פריינד!

— יע, שוין צייט אויף פאר מיר.

— דער לעצטער מאָרגען... אום פינף דרייסיג געהט אָב דער צוג...

ער וויל זי נאָך איין מאָל נעמען אין זיינע אָרעמס. אָבער אין דער מינוט קומט ווי א שאָטען אריין פרוי האָף.

— וואָס ווילט איהר, פרוי האָף? — פרעגט מעלאניע אויפגערעגט.

יענע ענטפערט מיט דעם ליעבליכסטען שמייכעלע:

— ענטשולדיגט, אויב איך האָב געשטערט, אָבער דאָס הויז ווערט צוגעשלאָסען אום עלף, און דער העדר קאפיטאַן, אויף ווי וויים איך וויים, האָט דאָך ניט קיין שליסעל.

מעלאניע'ס געזיכט ווערט רויט פון דער אלטער'ס חוצפּה. ווי זי האָט דאָס ארויסגערעדט, די אונפערשעהמטע: „אויף ווי וויים איך וויים", און ווי זי האָט דאָס דערביי געשמייכעלט!

אָבער זי איז היינט צו אלץ גאנץ גלייכגילטיג. מאָרגען צוגעהען זיי זיך אלע אין אלע פיער עקען: די פרוי האָף, זי אליין, דער פריינד, דער מאיאָר.

מיט קאלטער רוהיגקייט אין שטים, זאָגט אדאָלף:

— איך דאנק אייך, פרוי האָף, עס וואָלט מיר ווירקליך לייד געמהאָן, ווען דאָס הויז וואָלט געווען צוגעשלאָסען, און איך וואָלט אייך דארפען בעמיהען.

— דער העדר מאיאָר האָט אָנגעזאָגט, אז מען זאָל דאָס הויז צושליסען פונקט עלף, — ענטשולדיגט זיך איצט די פרוי.

אָבער אדאָלף הערט איהר שוין נים.

ער ווענדט זיך ווידער צו מעלאניע, און מיט א פאָרמעלער פערנייגונג, צוזאמענשטעלענדיג די קנאָפּעל אויפ'ן מיליטע־רישען שטיינער, זאָגט ער, אזוי ווי ער וואָלט דאָ אוועקגענאַנגען פון אַן אָוועגד געזעלשאפט:

— זייט געזונד, גנעדיגע פרוי!

## VIII

די פאָחנען פלאַטערען פון אלע פענסטער, און א גלאָקען־קלאַנג טראָגט זיך איבער דער שטאָדט פון קאטעדראל און

אין דעם העל בעלויכטענעם צימער קוקט זי אויף איהם מיט אוינען, אין וועלכע עס איז ניטא קיין אויסדרוק.

ער קוקט אויף איהר צומישט און פערלארען.

דאן לויפט זי האסטיג צו צום שרייב־טיש און נעמט פון א קעסטעל ארויס א זאך, וועלכע ער דערקענט ניט אין ערשטען אוינענבליק, ווייל אין זיין ענרלאזער צוטומעלטקייט קוקט ער ניט אויף איהר.

— נעמט דאס, נעמט, — שטאמלען איהרע ליפען, — איך בעט אייך, נעמט. פאר אייך האב איך דאס בעשטעלט, אבער איך האב אייך דאס שוין ניט געטארט געבען. פאר אייך, מיין פריינד, דאן!

ער דערקענט דאס בילד, וועלכע ער האט אזוי געוואלט האבען, וועלכע ער האט ביי איהר איינמאל געבעטען אין א בריעף. איהר בילד פון יענער צייט. יע, אזא איז זי געווען דאן, איידער א לייכטער שטריך פון מעלאנכאליע האט זיך נעלעגט אויף איהר שעהנעם ווייסען שטערן. אזא איז זי פאר איהם ערשינען, צוערשט אין בערלין, דאן אין דעם הערבסט געפארבטען פארק אין פאלקענשטיין. אזא איז זי דאן געווען!

ער קושט דאס בילד און לעגט עס אריין אין די אינערליכע קעשענע פון זיין מונדיר.

— היינט האב איך געדארפט, געמוזט דאס אייך געבען, מיין פריינד. דאס קען פאר אייך ווערען א טאליסמאן, און איהר זאלט קומען צוריק א זיעגער, א שוץ, ניט אמת?

מיט די ווערטער ווארפט זי זיך וויינענדיג אין זיינע ארעמס און בעהאלט איהר קאפ אויף זיין ברוסט.

— א שוץ, א שוץ, — ווידערהאלט זי, — היינט, ווען אלע אלטע מאסען ווערען פערווארפען, ווען אלץ ווערט איבער־געוואויגען און ווייזט זיך ארויס פאר צו לייכט, היינט!

— יע, א שוץ, מיין פריינדין, — זאגט ער אין טיפען ערנסט, אין היילינער איבערציינונג.

פלוצלונג דערהערען זיי א בעטויבענדען טראמפייט סיגנאל פון דער נאהנטסטער קאזארמע. זי ציטערט אויף.

— וואס איז דאס?

— דאס וועקט מען די סאלדאטען.

— איצט, עלף אזיינער ביינאכט?

— מען האט געגעבען די מענשען נאר עטליכע שעה צו שלאפען גלייך נאכ'ן עסען, איצט וועקט מען זיי. די נאכט

ווען איהר האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אייך געקויפט, און אַז איהר האָט קיינמאָל איהם ניט געקענט געהערען. ווייל דאָס, וואָס מען קויפט, בעזיצט מען ניט. נאָר דאָס איינציגע בעזיצט מען!

— וואָס, מיין פריינד?

— דאָס, וואָס מען מוז אויסקעמפפען, ווי א זיעג, מעלאַניע, ווי דעם זיעג, אויף וועלכען מיר האָפפען היינט אלע!

— יע, דעם זיעג, מיין פריינד, דעם זיעג!

מיט לויכטענדע אויגען קוקט זי אויף איהם.

— ווי גליקליך דאָס איינציגע וואָרט האָט מיך געמאַכט! דער זיעג, דער זיעג. אז איהר האָט דאָס וואָרט געפונען אָהן מיין הילף, — דער זיעג, דער זיעג!

זי האָט אָבגעלאָזען זיין האנט. זי איז איצט געשטאַנען אין ראהם פון דער בעוואקסענער ווערא‍נדא אין שיין פון דער לבנה, וואָס האָט בעגאָסען איהר גאַנצע געשטאַלט, און האָט אויסגעשפרייט איהרע הענט איבער דעם רהיין.

— ווייסט איהר, מיין פריינד, וואָס איך זעה איצט?

— וואָס זעהט איהר, מעלאַניע?

— איך זעה דעם צוריקקעהר פון די זיעגער... די קבֿרים זיינען פערשוואונדען... איך זעה אייך אויף א שניי־ווייסען פערד, מיט א לאָרבערקראַנץ אין די הענט. דער לאָרבער איז דורכגעווייקט מיט בלוט, און דאָך איז ער אזוי שעהן!

אין דעם אוינענבליק זעהט זי אויס ווי א נאכט־וואנדלערין, און ער דערשרעקט זיך פאַר איהר. נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען האָט ער זי ניט געזעהן אזא, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אַז יעדער נערוו פון איהר קערפער האָט נאָכגעציטערט אונטער די טענער, וועלכע איהרע פינגער פלעגען ארויסברענגען פון דעם קאַסטבארען קלאַוויר אין גאַסט־צימער.

צאַרט בעריהרענדיג איהר מיט דער האנט, וועלענדיג ברענגען זי צוריק צו דער ווירקליכקייט, זאָגט ער:

— פון רהיין וועהט אהער א קיהלער ווינט, מיין פריינדין. וועלען מיר אפשר אריינגעהן אין הויז? אייך איז קאַלט.

— איך פיהל דאָס ניט, אָבער אויב איהר ווילט דאָס, אויב איהר געפינט, אַז אזוי איז בעסער, וועלען מיר געהן אין צימער.

און אזוי ווי זי וואָלט ווירקליך געווען א גרויסע קינד, ווי דער מאַיאָר פלעגט זי רופען, האָט ער זי גענומען פאַר דער האנט, און זי האָט נאָכגעפאָלגט אָהן ווילען.

— נעווים.

— און מיר דוכט, אז אַט די אַלע טויזענדער און הונדער־טער טויזענדער מענשען האָבען פערלאָרען דעם לעצטען רעשט פון פאַנטאַזיע. קענט איהר זיך דאָס ניט פאָרשטעלען, מיין פריינד?

— זיך פאָרשטעלען וואָס? ערנסט, מעלאַניע, איך הויב אָן מורא האָבען, אז איהר זייט קראַנק.

— איך האָב אויך מורא. יעדענפאַלס קען דאָס טרעפען מיט מיר שפּעטער. אָבער ווען איהר האָט נאָר אביסעל פאַנ־טאַזיע, קענט איהר דאָס דען ניט זעהן?

— זעהן וואָס, מעלאַניע?

— הינטער אונז, הינטער די בערג, מיין פריינד! הינטער יענע בערג, וואָס טיילען אונז אָב פון פראַנקרייך, איז דאָס שרעקליכע.

— וואָס?

— דער געמיינשאַפטליכער, מאַסען קבר, אין וועלכען מען וועט וואַרפען הונדערטער און טויזענדער מענשען, דער גאַנצער אוננויטיגער עלענד, דאָס אַלץ, אַלץ... דאָס איז צו שרעקליך, מיין פריינד!

— בערוהיגט אייך.

— איך וויל זיך אויך בערוהיגען. אָט בין איך שוין רוהיג. אָבער ווי קענט איהר, איהר אַלע, זיין רוהיג, געהענדיג אהין, מיט בלומען אין די הענט, טרעטענדיג די מיט אַ ווייכען און בליהענדען טעפּיך בעדעקטע ערד, ווי איהר וואָלט דאָס געגאַנגען צו אַ האָכצייטס־פעסט!

מיט צערטליכקייט קוקט ער אין איהרע שטאָהל־גרויע אויגען.

— פאַרוואָס זאָלען מיר ניט זיין רוהיג, מיין פריינדין? איך, ווענינגסטענס, בין רוהיג נאָך דעם, וואָס איהר האָט מיר פריהער געזאָגט, נאָכדעם, ווי מיין אָרימער קאָפּ האָט גערוהט אין אייער שויס.

— ווירקליך, מיין פריינד?

— יע. וויל דאָס איז אין דער אמת׳ען אַזוי!

— וואָס איז אין דער אמת׳ען אַזוי?

— אז די גרויסע שעה שאַפט נייע ווערטען, מיין פריינדין. אייער מאַן, וועלכער האָט מיך זייט יאָהרען געדריקט ווי אַן אונגעהויערע לאַסט, איך פיהל איהם ניט מעהר. מיינע קייטען האָבען זיך אויפגעלעזט, איך פיהל זיי ניט מעהר זינט דאַן,

שטארבען! שטארבען! וואס פאר א בעדייטונג קען היינט איבערהויפט האבען אט דאס קליינע ווארם? א ווארם, פון וועלכען זי פלעגט אויפשוידערען אמאל, ווען זי איז נאך געווען א נאריש קינד און א שרעקעדיגע פרוי. אבער איצט האט דאס קליינע ווארט פערלארען פאר איהר יעדע בעדייטונג.

זי זעהט פאר זיך ליסטען מיט הונדערטער און טויזענדער פאר איהר גאנץ פרעמדע נעמען, גאנצע צייטונגען אנגעפילט מיט טרויער אנאנסען, בעציערט מיט דעם אייזערנעם קרייץ. גליקליך פון דער בעריהרונג פון איהר פריינד'ס האנט, שליסט זי איהרע שטאהל־גרויע אויגען, און ווייטע פעלדער שפרייטען זיך פאר זיי, פעלדער בעזייט מיט צלמים, א צלם נאך א צלם, א קבר נאך א קבר... און יעדער קבר בעהאלט אין זיך דאס שיקזאל פון א מענשען, פול פרייד און לייד, ליעבע און האס, פריינדשאפט און האפנונג... אט די טויזענדער, וועמעס נעמען קיין מויל וועט שוין מעהר ניט דערמאנען... און וואלטען דא געווען נאר קברים...

מעלאניע שוידערט אויף.

— וואס איז אייך? — פרעגט איהר פריינד בעזארגט.

— גאר ניט, מיין פריינד, איך דענק נאר און דענק. אך, מיר דוכט, אז איך בין נאך אלעמען אפשר די איינציגע, וואס זעהט דעם גאנצען שרעק, וועהרענד די גאנצע וועלט איז ווי בערוישט.

— איהר אליין? וועלכער שרעק, מעלאניע?

— אמאל דוכט זיך מיר, אין אט די שרעקליכע שעה'ן, וועלכע איך האב שוין איבערגעלעבט, און וועלכע איך וועל נאך איבערלעבען...

— וואס דוכט זיך אייך דען, מעלאניע?

— אז איך טראג אין זיך א קאסאנדרא, מיין פריינד!

— א קאסאנדרא?

— „אלץ זעהענדיג און וויסענדיג, מוז איך געהן מיין וועג אליין", — ענטפערט זי מיט דעם פאעט'ס ווערטער.

— איך פערשטעה אייך ניט.

— איהר זייט דאך א מוזיקער!

— צום בעדויערען, ניט!

— אבער איהר האט דאך געוואלט ווערען.

— דאס געוויס.

— מוזט איהר דאך האבען פאנטאזיע!

## VII.

די לבנה שטעהט איבער'ן רהיין און וואַרפט איבער זילבערנע בליקען פון מאַינץ צו ביבעריך, און די מורמלענדע װעלען פון שטראָם זינגען אַ ליעד, װעלכע מעלאַניע האָט, װי איהר דוכט, אַזוי אָפט געהערט. זי הערט דאָס ליעד אויך איצט, שטעהענדיג מיט אדאָלף'ען אויפ'ן באַלקאָן. אָבער װי אַנדערש עס איז דאָס ליעד, װאָס הענגט דאָ איצט אין דער לופטען און װאָס טראָגט זיך איבער גאַנץ דייטשלאַנד פון דעם רהיין ביז מעמעל, פון עטש און ביז בעלט! מעלאַניע פאָן בערקערסבורג הערט איצט ביידע ליעדער.

װי זאָנדערבאַר! דאָס, װאָס זי האָט אַלע מאָל אַזוי אַנגסטליך אויסגעמידען, איז איהר אין אָט דער הערליכער זומערנאַכט אַלץ איינס. עס האָט אויף איהר נאָר קיין איינדרוק ניט געמאַכט, װאָס דער מאַיאָר האָט זי אַזוי איינפאַך איבערגעלאָזען אַליין מיט דעם אָבפאָהרענדען פריינד; פערקערט, זי איז דערמיט זעהר צופריעדען. דער שרעק — פאַר איהר מאַן, פאַר זיך אַליין — איז אין גאַנצען פערשוואונדען. דען די פורכטבאַרע צייט מינצט אין איין איינציגער שעה נייע װערטען, אייבינע, אונפערענדערליכע, — אַזוי װעניגסטענס װייל זי איצט דענקען, װעהרענד זי נעמט איהר פריינד'ס האַנט און נעהט מיט איהם צו די טרעפ פון באַלקאָן.

פון דער ריכטונג פון בינגען דערטראָגען זיך צו זיי די בעקאַנטע װערטער:

„איך װייס ניט װאָס זאָל דאָס בעדייטען,
װאָס איך אַזוי טרויעריג בין...“

און פעסטער דריקט זי די האַנט פון איהר פריינד, װעלכע זי האַלט נאָך אין איהרער.

ניין, זי האָט ניט מורא. ניט איצט! ניט אפילו װען דער מאַיאָר זאָל איצט אַרויפקומען פּלוצלונג אויף די װעראַנדאַ און זיי איבערראַשען, װי פריהער אין גאַסט־צימער. זי האָט אויך ניט מורא פאַר פרוי האָף, װעלכע קוקט געװיס איהר נאָך אויף שריט און טריט און דערצעהלט אַלץ איהר מאַיאָר. און װי קען מען מורא האָבען אין אַ שעה, װען מען װייס, אַז צעהנדליגער און הונדערטער טויזענדער מענשען װעלען באַלד שטאַרבען, און מען װעט אין עטליכע שעה אַרום אפילו זייערע נעמען ניט דערמאָנען.

איצט מיט דער אפריקאַזע אין האַנט, האָב איך ניט ווילענדיג זיך דערמאָנט אָן דער העלדען־לעגענדע פון אַלטען גריכענלאַנד.

— ווירקליך? אַ דאַנק!..

מעלאַניע שטעהט אויף. זי קלינגט און הייסט ברענגען קאַפע. זי האָט זיך גאָר אַנדערש פאָרגעשטעלט דעם אבשיעדס אָוונד מיט איהר פריינד...

פון דעם אַראָמאַטישען געטראַנק געהט אַ דאַמף. דער מאַיאָר רעדט ווידער:

— נו, ביזטו שוין מיט אַלץ פאַרטיג, מיין קינד? געווען אַ סך אַרבייט?

— יע, ביי מיר איז אַלץ געענדיגט, — ענטפערט מעלאַניע.

— אַזוי...

ווידער ווערט שטיל.

אַראַלף טרינקט מיט אַ מאָל אויס זיין קאַפע. ער זיצט אין שטוהל פערטראַכט און רויכערט די אויסגעצייכענטע האַוואַנער ציגאַר, וואָס דער מאַיאָר האָט איהם געגעבען.

פלוצלונג פרעגט איהם דער מאַיאָר:

— ווי איז דיר געפעלען אונזער אָוונדברויט, מיין פריינד?

— זעהר געפעלען, — ענטפערט אַראַלף, כאָטש יעדער ביסען האָט זיך איהם געשטעלט אין האַלז: — יע, ווי גוט עס זיינען ניט אונזערע פעלדקיכען, ווי מיר האָבען דאָס געזעהן אויף די לעצטע מאַנעווורעס, אָבער אַזעלכע געשמאַקע שפּייזען, ווי ביי דיר, וועלען מיר שוין איצט לאַנג ניט זעהן!

אַ שמייכעל פון מיטגעפיהל בעוויזט זיך אויף דעם מאַיאָר'ס געזיכט. אָבער אין דער זעלבער רגע קומט אויף איהם אָן עפּעס אַ בייזע האַרטקייט און זיינע אויגען פינקלען ווידער, ווען ער זאָגט:

— נו, אין די פראַנצויזישע שלאָסען לעבט זיך אויך ווייט ניט שלעכט, איבערהויפּט נאָך וואו די קעלערען זיינען פול מיט שאַמפּאַניער.

דאַן הויבט ער זיך שנעל אויף און זאָגט:

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען. איך מוז נאָכאַמאָל אַריבערלויפען אין די קאַזאַרמען.

ער צושניידט די הוהן, ווענדט ער זיך צו אראַלף'ען מיט אַ פראגע, וועלכע שיינט צו זיין אַ גאנץ זייטיגע:

— דו ווייסט דאָך די באַלאַדע פון דעם קאסטעלאַן פון קוסי?

— דאָס זאָל איך נאָך ניט וויסען?

— טו בעט מעלאַניע'ן, אז זי זאָל דיר געבען דאָס הארץ פון דער הוהן. אַ הוהן האָט דאָך אויך אַ הארץ, פונקט ווי די טויב און עהנליכע בעשעפּענישען. אָבער אפשר ווילסטו ניט אָניאָגען אויף זיך אַן אומעט אין אָט דער שעה פון אָבשיער? נו, טו דארף מען ניט.

אַראַלף ענטפערט ניט. ער וויל נאָר איבערשיקען מע־לאַניע'ן אַ פיעל־בעדייטענדען בליק, אָבער דאָס גיט זיך איהם ניט איין, ווייל מעלאַניע לאָזט נידריג אראָב איהר קאָפּ אונטער דעם אויספּרואווענדען בליק פון דעם מאיאָר, אזוי ווי זי וואָלט זיך שטארק געשעהמט. זי שעהמט זיך טאקי, אָבער ניט פאר זיך, נאָר פאר'ן מאַן. די נעצוואונגענע רעד ציהען זיך אָהן צוזאמענהאנג, און דאָס עסען ענדיגט זיך.

פרוי האָף ברענגט די אפּריקאָזען. דער מאיאָר קען זיך ווידער ניט איינהאלטען. גאָר אָהן אַ זין נעמט ער פערגלייכען די אפּריקאָזען מיט רייפע עפּעל, כאָטש עס איז דאָ ניטאָ די מינדסטע עהנליכקייט.

ער נעמט איין פּרוכט פון דער קריסטאַלענער וואזע און ניט מעלאַניע'ן.

— אַ דאנק, — זאָגט זי זעהר שטיל. זי האָט זיך שוין לאנג אָבגעוועהנט פון אזעלכע אויפמערקזאמקייטען פון זיין זייט און האָט גאנץ נאטירליך ערוואַרט, אז דאָ וועט קומען עפּעס אנדערש.

— דו ביזט דאָך, מעלאַניע, אזוי ליטעראַריש געבילדעט, — זאָגט ער מיט סאַרקאַזם אין קול און בעגלייט די ווערטער מיט אַ לויערנדען בליק.

— פאר'ן הויזגעברויך, — ענטפערט זי אויפגערעגט. און כמעט נעגען איהר איינגענעם ווילען זאָגט זי: — און אויסערדעם קען איך זיך ניט פאָרשטעלען, ווי מיר וואָלט גע־קענט פעהלען ליטעראַרישע בילדונג אין דיין הויז.

— איך ווייס אויך ניט, איך ווייס דאָס ווירקליך ניט, מיין קינד. מיר איז ערשט איצט איינגעפאַלען, אז די לעצטע אורזאַך פון טראָיאַנער קריעג איז געווען אַן עפּעל אין דער האנט פון אַ שעהנער פרוי. קוקענדיג אויף דיר, ווי דו ביזט

— יע, יע, — זאָגט ער ווייטער, — און דער גאַנצער קריעג איז דאָך ניט מעהר, ווי אַ פּרעהליכער מאַרש, אַ הוזאַ־רענשטרייך. ניט אמת, אדאָלף?

— יע, נשווים, — קען אדאָלף קוים ענטפערען, — איך דענק אויך אזוי: א פרעהליכער מארש, א הוזארענשטרייך איז די גאנצע מלחמה.

— טו לאָמיר טרינקען פאר דעם זיעג, אין וועלכען קיי־נער צווייפעלט ניט, און פאר א גליקליכען צוריקקער אהיים און א ווייטערען גליקליכען צוזאמענלעבען זאלבעדריט!

— לאָמיר טרינקען, לאָמיר טרינקען, אלטער פריינד!

אלע דריי שטרעקען אויס איבער'ן טיש ווייערע הענט מיט די גלעזער. מעלאַניע'ס האנט ציטערט, ווען איהר גלאָז בע־ריהרט איהר מאַן'ס. א לייכטער אויסגעשריי רייסט זיך ביי איהר ארויס פון הארצען. איהר גלאָז פאלט און צוברעכט זיך אויף שטיקלעך, און די גאָלדענע פליסינקייט צוגיסט זיך איבער דעם שניי ווייסען טישטוך.

— אזוי, ברעך אויף שטיקלעך, ערקלערט דער מאיאָר לאַקאָניש.

מעלאַניע קלינגט נאָך פרוי האָף און הייסט אַבראַמען די שטיקלעך גלאָז.

אדאָלף פרואווט מאכען פון אלץ א שפאס, בעהויפּטענדיג, אז דאָס וואָס א גלאָז ווערט צובראָכען אין אזא מאָמענט, איז א סמן פון גליק, אָבער דער שפּאס גיט זיך איהם ניט איין.

צוזאמען מיט די שטיקלעך גלאָז נעמט פרוי האָף אראָב אויך די טעלער און שטעלט ארויף נייע.

— וועט דען זיין נאָך עפּעס, פרוי האָף? — פרעגט דער מאיאָר.

— הוהן, — ענטפערט מעלאַניע מיט א פעסטען קול.

דער מאיאָר שמייכעלט. ער ווייס, אז הוהן איז דאָס בעליעבטע געריכט ביי אדאָלף'ען, פונקט ווי ביי איהם האמעל־פלייש. ער בעמערקט איראָניש:

— ווי איך זעה, האָסטו שוין געזאָרגט וועגען דעם, אז קיינער פון אונז זאָל ניט בלייבען אונצופריעדען.

מעלאַניע ענטפערט נאָר: — יע.

וועהרענד דער מאיאָר שניידט די הוהן, — ער האָט ניט ליעב דאָס פלייש פון דעם בייניגען פויגעל, איהם געפעלט בעסער א גוט שטיק בלוטיגער ראָסטביף אָדער לאַם, א שטיק פון אן ערוואקסענער חיה, ווי ער רופט דאָס אָן, — וועהרענד

די ערציהונג, וועלכע האָט זיך איהם נעגעבען מיט אזוי פיעל מיה, די ערציהונג, וואָס איז ביי איהם א גאנץ אויסערליכע זאך, ווי א נייער שניפּס, וואָס מען קען בייטען אָדער אינ־גאנצען אוועקוואַרפען צו יעדער צייט. אָט די ערציהונג זיי־נע, קלערט זי, דאָס איז דאָך ביי איהם א געבאָרגטע זאך, אויסערליכער גלאנץ, ניט מעהר. וועט ער אויסהאַלטען דורך די שווערע טעג און וואָכען און מאָנאטען וואָס קומען אָן?

און די גאנצע ערציהונג, וואָס זיי אלע האָבען בעקומען: זי, אדאָלף, און איהר פאָטער, וואָס האָט געוואָלט אוועקגעהן פון דער וועלט אויף אן אנשטענדיגען אופן, אויב זי וואָלט ניט צוגעשטימט צום מאיאָר'ס פאָרשלאג. דער מאיאָר און די אלע הערען, וועמען זי האָט באגעגענט דאָ, אין גאַרניזאָן, און דאָרט, אין אָסט פּרייסען, און אין בערלין, זיי אלע האָבען בעקומען אן ערציהונג. וואָס אָבער איז זי, אָט די ערציהונג? נאָר קענען זיך האַלטען אנשטענדיג און זיך אונטערגעבען דעם אונפערמיידליכען. דאָס איז דער אָנהויב און דער סוף און דער גאנצער אינהאַלט פון זייער לעבענס־ווייזהייט, דאָס איז די גאנצע בעדייטונג פון דעם שעהנעם וואָרט „ערציהונג“, ניט מעהר.

זי אָבער זוכט נ א ט י ר ל י כ ק י י ט.

נאָך לאנג, לאנג וואָלט זי געדאַרפט זוכען.

דער מאיאָר שלאָגט איבער איהרע געדאנקען, ער וויל איהר אָנגיסען וויין.

— ניין, א דאנק, איך טרינק דאָך ניט.

דער מאיאָר שמייכעלט.

— דו טרינקסט ניט? איך בין שוין צו דעם געוועהנט. אָבער פאַרוואָס טרינקסטו ניט? נאָר מיך בייז צו מאכען?

איהר ווילט זיך ניט איהם ענטפערען אויף זיין פאַר־וואורף דעם לעצטען אָוונד וואָס זי פערברענגט דאָ ביי איהם אין הויז. זי נעמט דעריבער צו איהר האנט פון גלאָז און זאָגט: — נו, אויב דו ווילסט אזוי, גיס אָן!

— נו, נעווויס וויל איך, מיין טייערע, — ענטפערט דער מאיאָר. — און ווי זאָל איך דען דאָס ניט וועלען, קינד מיינס! דאַרפען מיר דאָך היינט טרינקען, היינט, דעם לעצטען אָוונד, וואָס מיר זיינען צוזאַמען, דו, איך און אדאָלף, — אויסטרינקען פאַר דעם זיעג און פאַר דאָס גליקליכע צוריקקערען אהיים פאַר א ווייטערען גליקליכען צוזאַמענלעבען זאלבעדריט!

די ווערטער פאַלען און פאַלען פון מאיאָר'ס מויל.

ליפּ, בייסען די וואָנצעס, און ער קלערט אַלץ און קלערט שטילערהיים.

דאָס פלייש צושניטען, נעמט ער אַ טעלער און זאָגט:

— זיי אַזוי גוט, מעלאַניע, גיב אונזער ליעבען גאַסט.

מעלאַניע דערהערט גלייך די זאָנדערבאַרע בעטאָנונג, וועלכע דער מאַיאָר האָט געגעבען די ווערטער „אונזער ליעבען״.

פונקען שפּריצען פון זיינע אויגען. אַזוי ווי עפּעס וואָלט איהם געשטיקט און געוואָרגען. אין איין אָטעם טרינקט ער אויס אַ גלאָז וויין, ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָבשלינגען עפּעס, וואָס שטעהט איהם אין האַלז.

— טרינק, אַדאָלף, טרינק, ליעבער פריינד, — זאָגט ער מיט פיעל אָנשטרענגונג אַרויס און גיסט אָן דעם גאַסט אַ פולע גלאָז.

— אַ דאַנק, בערקערסבורג, דאָס גלאָז איז שוין פול, גענוג.

— ווי פיעלע זאַכען אין לעבען, — ברומט אַרויס דער בעל הבית, אויפהויבענדיג זיין ווידער אָנגעפילטע גלאָז. די צוויי גלעזער שטויסען זיך אָן און קלינגען אָב, און מעלאַניע דערהערט דעם קלאַנג פון שווערדען, וואָס זיינען איצט נעד צויגען געוואָרען אויף זיין מאַיעסטעט'ס בעפעהל און וואָס טאָרען ניט אַריינגעלעגט ווערען צוריק אין די שיידען ביז'ן סוף פון דעם פערניכטונגס־קאַמף.

דער פערניכטונגס קאַמף!

ביי דעם געדאַנק דערפיהלט מעלאַניע אַ שרעקליכע קעלט. זי דערמאָנט זיך ווידער אָן פּאַריז, פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד, שאַן ד'עליזעי, טוליערי, פּאַריז אין פריהלינג און די גליקליכע טעג, וואָס זי האָט דאָרט פערבראַכט. עס דערמאָנען זיך אויך די פראַנצויזישע ליעדלעך!

— ווי געפעלט דיר מיין וויין, אַדאָלף?

— אויסגעצייכענט, בערקערסבורג!

שטיל. מען הערט נאָר דעם קלאַנג פון מעסער און גאָפּעל. ניט קוקענדיג אויף אַלץ, עסט דער מאַיאָר מיט זיין געוועהנד ליכען גוטען אַפּעטיט. ביי מעלאַניע'ן שטעלט זיך יעדער ביסען אין האַלז, און אַדאָלף מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען זיך צו האַלטען אַנשטענדיג און זיין פרעהליך.

אַ נערוועזע אונרוהיגקייט נעמט אַרום מעלאַניע'ן. יעדע קלייניגקייט רעגט זי אויף. דאָס שמאַצען פון דעם מאַיאָר איז ווי אַלעמאָל, ווען ער עסט אַזאַ פלייש, ניט קוקענדיג אויף

ביידען, אָבער זאָגט נים קיין וואָרט. דאַן נעהמט ער צוריק צו דער טיר און רופט:

— פרוי האָף!

— וואָס וועט איהר בעפעהלען? — דערהערט זיך דער אלטער׳ס קול פון קיך.

— עס איז אכט. איך האָב ליעב פינקטליכקייט. איז דאָס עסען פארטיג?

— שוין, הערר מאיאָר.

— שטעלט ווייך אויף איינ.

— מאָזעלער?

— יע, מאָזעלער, עלפיאָהריגען. פיער פלאַשען. איך שטארב פאר דורשט.

— גוט, הערר מאיאָר!

מיט אַ בעפעהלענדען זשעסט ווייזט דער מאיאָר אָן אויף די טיר צום עסצימער, און ביידע פאָלגען דעם זשעסט, ווי אַ מיליטערישען בעפעהל.

## VI.

אויף דעם צום לעצטען מאָל געדעקטען טיש אין מאיאָר׳ס הויז שטעלט מעלאניע די רויזען פון אדאָלף׳ס גאָרטען, און פרוי האָף סערווירט האמעלפלייש. דער מאיאָר כאַפט אויף אדאָלף׳ס דאנקבארען בליק. פון זיינע שארפע בליקען קען מען איבערהויפט גאָרניט בעהאלטען, און ער האָט אויך בעמערקט די סצענע אין גאסט־צימער, א דאנק זיין פינקטליכקייט, וועלכע איז געוואָרען א שפריכוואָרט.

אָבער ער ווייזט קיין זאך ניט ארויס. ווי אלעמאָל צושניידט ער לויט אלע רעגלען דאָס פלייש, זיין שניי־ווייסע סערוועטקע פערשטעקט היגטער׳ן קראגען פון זיין מונדיר. מעלאניע און אדאָלף מיינען, אז ער איז אין גאנצען פערטאָן אין דער ארבייט, אָבער ער ווארפט בליקען אויף זיי בגנבה. די אלטע, קוים איינגעהאלטענע אייפערזוכט, הויבט ווידער אָן צו נאָגען זיין הארץ. היינט אָוועגד, גראַד היינט, ווען עס קומט אָן דער טאָג פון אָברעכנונג, און ניט נאָר צווישען די אייראָפעאישע פעלקער, — קלערט דער מאיאָר. און וועהרענד ער טיילט אָב דאָס בלוטיג־רויטע פלייש — אזוי ליעבט ער עס און אזוי מוז עס פרוי האָף ברענגען צום טיש — פון די ביינער, בייסען זיך זיינע צייהנער איין אין די אונטערשטע

— נו?

— איך האָב ג ע מ ו ז ט אזוי טהאָן, ווי איך האָב געטהאָן, הערר אדאָלף.

— איך פערשטעה אייך ניט.

— מיין פאָטער וואָלט געווען פערלאָרען, ווען איך וואָלט בערקערסבורג'ען ענטזאגט. דאָס איז אַלץ!

— אַלץ?

— יע, דאָס איז אַלץ!

— ערקלערט דאָס מיר!

— די קרעדיטאָרען האָבען מיין פאָטער נעהאלטען ביים האלז. איך בין געווען אין פאָטער'ס צימער, איידער איך האָב אייך גערופען אין פארק, און...

— און?...

— א רעוואָלווער איז געלעגען אויף זיין שרייב־טיש. מען האָט ווידער געמוזט אָבצאָהלען די וועקסלען, און דאָס האָט קיין אנדערער ניט געקענט טהאָן ווי נאָר בערקערסבורג. איך האָב אנדערש ניט געקענט!

— איז דאָס אמת?

— נאָט איז אן עדות, מיין פריינד! איך האָב ניט געהאט קיין אנדער אויסוועג. אויפאָפּפערען מיין פאָטער? אָבער איך האָב דאָך איהם אויך געליעבט! זייט איהר בייז אויף מיר?

— איך בין אויף אייך קיינמאָל ניט געווען בייז.

— איצט ווייסט איהר אַלץ!

א קאָנוואולסיווע צוקען געהט דורך די הויכע פיגור פון אָפיציר נאָך מעלאניע'ס ערקלערונג. דאן פאלט ער צו איהרע פיס און פערבאָרגט זיין בלאָנדען קאָפּ אין איהר שויס. און יוי דאן, ווי יענעם איינציגען מאָל, פיהרט זי ווידער מיט איהרע ציטערנדע פינגער איבער זיינע געדיכטע טונקעל־בלאָנדע האָאר, פערגעסענדיג אין גאנצען ווער און וואו זי איז. זי זעהט זיך איצט אין דעם פאָטערליכען פארק, ביים וואסער, יענעם הערבסט אָוועגד, ווען הערענד די אָפיצירען האָבען גע־טרונקען פונש אויף זייער טעראסע.

פּלוצלונג נעמט זי ארום זיין קאָפּ מיט ביידע הענט, און זייערע ליפּען בעריהרען זיך אין א לאנגען הייסען קוש.

און דאן שפּרינגען זיי אָב, ווי צוויי געכאפּטע זינדער. דער זייגער אויפ'ן קאמין שלאָגט, אכט האַרטע טענער. דער מאַיאָר בעוויזט זיך אויפ'ן שוועל. ער ווארפט א בליק אויף

געלאכט און געטרונקען פונש. וואס איז געווען די אורזאך, מעלאניע?

— פרעגט מיך ניט, פרעגט מיך היינט אויך נים, אדאלף! איהר קוועלט מיך, און איך... איך שעהם זיך אזוי.

— איך געה צום טויט, מעלאניע, היינט האב איך דאס רעכט צו פרעגען.

— איהר ווייסט ניט, צו איהר געהט צום טויט, מיין פריינד. צעהנדלינגער, הונדערטער טויזענדער געהען מיט אייך אויף דעמזעלבען וועג. זיי געהען דאך ניט אלע צום טויט. צעהנדלינגער און הונדערטער טויזענדער וועלען זיך אומקערען אין זייער היימאט גליקליכע, זיעגער.

— ניט איך. איך וועל ניט קומען צוריק נים גליקליך, ניט א זיעגער. איך האב מיין גליק פערלארען, איך בין בע־זיעגט געווארען נאך דאן, דאן, ווען איהר האט אייער ווארט געגעבען בערקערסבורג׳ען. דעריבער קען איך שוין קיינמאל ניט קומען צוריק א זיעגער, מעלאניע. פארוואס האט איהר דאס געטהאן? היינט מוזט איהר מיר געבען אן ענטפער, אויב איהר זייט מיר דעם ענטפער שולדיג, ווייל איך געה צום טויט.

צומישט שטעלט זי אן אויף איהם א שטארען בליק.

זיינע ליכטיגע אויגען פרעגען און זיינען פול מיט אונ־ענדליכער ליעבע. זיין בליק איז געווענדעט אויף איהר טיף בלייכע געזיכט, וואס איז בעגאסען מיט דעם בלייכען שיין פון די עלעקטרישע לאמפען, ווערענד זיינע ליפען פייפען דוכט זיך עפעס א מעלאדיע. זי דערקענט דאס רייטערליעד פון ווילהעלם האוף. דער טעקסט שוועבט דורך אין איהר קאפ ווי דער אטעם פון טויט:

מארגענרויט! מארגענרויט!
לייכטעסט מיר צו מיין פריהען טויט!
ס׳וועלען באלד טראמפייטען בלאזען,
כ׳וועל די וועלט שוין באלד פערלאזען,
איך און אנדערע מיט מיר!

זי הויבט זיך שנעל אויף.

— איך וועל אייך אלץ דערצעהלען, אדאלף.

— דאס איז זעהר גוט און ליעב פון אייך, מעלאניע! קען איך זיך צושיידען מיט דעם גרינגעם רהיין און מיט מיין לעבען אהן צארן?

— געוויס, מיין פריינד!

איבערוועלטיגט פון שמערץ. זי לאָזט אראָב איהרע שטאָהל־גרויע אויגען אונטער זיין טרויעריג־פרעגענדען בליק.

— פאַרוואָס האָט זיך דאָס געמוזט אזוי ענדיגען? — פרעגט ער נאָך אַ מאָל.

זי ענטפערט שטיל, מיט אַ שטים, וואָס איז איבערפילט מיט טרערען:

— איהר מיינט דאן, ווען אייער רעגימענט איז געשטאַנען ביי אונז אין פאַלקענשטיין?

— יע, דאָס מיין איך, מעלאַניע!

— ווערהענד די מאנעווערען?

— יע, וועהרענד די מאנעווערען. יענעם הערבסט אָוועגד אין פּארק, מעלאַניע, ביי דעם שוואנענטייהער, וואוהין איהר האָט מיר געהייסען קומען פאַר זונענאונטערגאנג, ווען איהר האָט מיר געזאָלט דערצעהלען דעם גאנצען אמת. איהר האָט מיר דאָס אָבער ניט דערצעהלט, מעלאַניע. איך גלויב אָבער, אז איך בין בערעכטיגט דאָס אויסצוהערען היינט, ווען מיר צושיידען זיך אויף אייביג.

— צושיידען זיך אויף אייביג, מיין פריינד?

— איהר האָט מיך ריכטיג פערשטאַנען, מיין ליעבע פריינדין, איך וועל מעהר ניט קומען צוריק.

— אדאָלף!

— ניין, איך וועל ניט קומען צוריק... און דארום וויל איך, מוז איך וויסען דעם אמת, דארום בין איך געקומען נאָך איין מאָל. בערבערסבורג איז די פינקטליכקייט אליין, האָט איהר געזאָגט. מיר האָבען קוים צעהן מינוט פאַר אונז, מעלאַניע. יענעם אָוועגד אין פאַלקענשטיין, אין אייער פּאָטער'ס פּארק. איהר האָט דאן דעקלאַמירט אַ ליעד...

— וועלכע ליעד, אדאָלף?

— היינע'ס: „עס איז אזוי קיהל, אזוי דונקעל..." איהר האָט דאָס דעקלאַמירט, און דאן...

— און דאן?

— און דאן האָט איהר געזאָגט: עס איז געענדיגט אויף אייביג, פרעגט מיך ניט פאַרוואָס, אָבער עס איז געענדיגט אויף אייביג. דאָס האָט איהר געזאָגט וויינענדיג. דאן האָט איהר זיך אויפגעהויבען און זייט געלאָפען דורך דעם פּארק אזוי שנעל, אז איך האָב אייך קוים געקענט נאָכפאָלגען. מיר זיינען צוגעקומען צו דער טעראסע, וואו די איבריגע האָבען

ער שמייכעלט.

— ניין, איידער אייער מאן קומט אָן, גנעדיגע פרוי.

— זעלבסטפערשטענדליך, הערר אראָלף.

מיט זיין שלאנקער, אריסטאָקראטישער האנט ווייזט ער אָן אויף איינעם פון די שטוהלען, וואָס שטעהען אין אונאָרד־נונג ארום א טיש אין מיטען צימער. דעם טיש האָט זי געקויפט אמאָל אין פאריז פאר אן אנדענק אָן דער גליקליכער צייט וואָס זי האָט דאָרט פערבראכט. זי פאָלגט, אזוי ווי פערהיפנאָטיזירט פון דער בעוועגונג פון זיין האנט.

זיי זעצען זיך. א וויילע הערשט א פיינליכע שטילקייט.

דער זייגער אויף דעם מארמאָר־קאמין, מיט דער אױוע־פליהענדער פרויען געשטאַלט, וואָס שטעלט פאָר דאָס גליק, הויבט אָן שלאָגען. דריי קלאָרע זילבערנע טענער. דריי פערטעל אכט.

— נאָך פופצעהן מינוטען, — רייסט זיך אראָב פון זיינע ליפען.

זי ווידערהאָלט רעזיגנירט:

— יע, נאָך פופצעהן מינוטען!

— בערקערסבורג איז געוועהנליך זעהר פינקטליך.

— יע, ער איז די פינקטליכקייט אליין.

— מעלאניע, איהר האָט מיר קיינמאָל ניט געזאָגט, פאר־וואָס אייגענטליך אלץ האָט זיך געמוזט אזוי ענדיגען, — רעדט ער שוועד ארויס. — איך האָב אייך קיינמאָל וועגען דעם ניט געפרעגט. אָבער עס איז ענדליך געקומען די צייט צו פרעגען. מיין רעגימענט געהט מאָרגען פריה אום פינף דרייסיג ארויס אין פעלד.

— שוין אום פינף דרייסיג?

— אזוי לויטעט דער בעפעהל, וואָס איז ארויסגעקומען ערשט מיט א האלבער שעה צוריק.

— אזוי...

— יע, מעלאניע, מיר האָבען שוין וועניג צייט.

א ציטער געהט דורך זיין שטים, און פיין דערהערט זיך אין איהר. זי קלינגט ווי א געפּלאצטע סטרונע אויף א פידעל, וואָס ליגט אין די הענט פון א מייסטער.

עס איז געווען מוזיק, הארמאָניע, מעלאניע, און איצט איז ווי א סטרונע וואָלט דאָרט אינוועניג געפּלאצט. ער לעגט די האנט אויף זיין ברוסט און קוקט אויף מעלאניע'ן

דערהערט זיך: „לאָנג, לאָנג עגאָו“. אָבער אדאָלף שטעהט שוין הינטער איהר.

דאָס איז אַ בלאָנדער מאַן פון זעקס און דרייסיג יאָהר, אַ קרעפטיגער, וועלכער איז אין אלץ אזוי אונעהנליך צו דעם מאיאָר, וואָס איז געוואָרען איהר מאַן אויף דעם ווילען פון איהר פעראָרימטען פאָטער ווייט אין אָסט פּרייסען, אין פּאָל־קענשטיין, לעבען דעם רוסישען גרענעץ.

געדיכטע, האַלב־געשאָרענע, בלאָנדע האָאָר בעציערען זיין הויכען אָפענעם שטערן. וועליגע, ווייכע האָאָר. מעלאַניע וויים דאָס. זי האָט איינמאָל אין אַ שעה פון צושיידונג און טיפען שמערץ איהם טרייסטענדיג די האָאָר געגלעט. צוויי פריינדליכע בלויע אויגען, עהנליך צו פריהלינגס פיילכען, דע־דען פון דעם ליעבען געזיכט. זיי רעדען אָבער גאָר אַן אנדער שפּראַך, איידער די קאַלטע, וואַסער־בלויע אויגען פון דעם מאיאָר, פאר וועמעס אויספּרואווענדען בליק זי האָט שטענדיג מורא געהאט אין דער שטיל. זיין שמאָלע, אריסטאָקראטישע האַנט, וועלכע אַ ליידי וואָלט איהם געקענט מקנא זיין, רוהט אויף דער שווארצער האָלצפּלאַטע פון קלאַוויר, וועהרענד זיינע אויגען זוכען פרעגענד איהר בליק, און זיינע ליפען שיינען צו ווידערהאָלען דעם טעקסט פון דעם ענגלישען ליעד: „לאָנג, לאָנג עגאָו“.

אדאָלף האָט בכלל עפּעס ענגלישעס אין זיך, כאָטש ער איז אַ פּרייסישער אָפיציר.

מעלאַניע בעשטעטיגט אָט דעם לאָנג פון איהר אנער־קענטען אמת — היינט, זוען אלץ וואָס איז ענגליש, דארף אויף דעם ווילען פון גאָט און מענשען זיך רעכענען פאר איהר טויט־פיינד. זי בעשטעטיגט דאָס איצט און שמייכעלט דערביי.

איבריגענס, האָט איהר דאָך אדאָלף אליין אמאָל גע־זאָגט, אַז זיין מוטער איז געווען אַן ענגלענדערין, פּונקט ווי די מוטער פון דעם מענשען, אויף וועמעס ווילען די שרעק־ליכע מאָביליזאציאָן קומט איצט פאָר.

די הויכע שלאַנקע פיגור פון דעם אָפיציר בויגט זיך איין צו איהר. ער נעמט איהר האַנט און ברענגט זי פייערליך צו זיינע ליפען.

— איהר וועט מיר שענקען אַ האַלבע שעה, גנעדיגע פרוי, די לעצטע האַלבע שעה, איידער...

— איידער איהר נעהמט אַרויס אין פעלדצוג, הערר אדאָלף?

אויף דער רהיינישער אלעע האבען זיך איינער נאך דעם אנדערען אנגעצונדען עלעקטרישע לאנטערנען. מעלאניע פער־מאכט די טיר, וואס פיהרט צום באלקאן, און צינדט אויך אן די עלעקטרישע לעמפלעך. א ווייכע שוואכע ליכט צוגיסט זיך איבער דעם גאסט־צימער, אין וועלכען זי ווארט איצט אויף איהם:

## V.

עס נעמט איבער א גוטע האלבע שעה, איידער אדאלף קומט אן. מעלאניע פערנעמט זיך דערווייל מיט פערניכטען די אלטע בריעף. ערב דעם גרויסען טאג פון אלגעמיינער פערניכטונג, דארפען די אלע בריעף טיילען דעם שיקזאל פון אלע אנדערע זאכען אויף דער ערד. יע, אלע בריעף, אלע ביז דעם לעצטען. זי קען אפילו ניט האלטען יענעם בריעף, וועלכער האט צום ערשטען מאל גערעדט וועגען דער זיסער געהיימניס פון צוויי הערצער, וועלכע די רויהע ווירקליכקייט פון דעם גרויזאמען לעבען האט אויף אייביג צושיידט.

אויף דער גרויסער וואנט פון צימער שמעהט א מאר־מארנער קאמין, און אויף איהם — א זייגער פון בעגולדטער בראנז. א פרויען געשטאלט אויפ׳ן זייגער שטעלט פאר דאס גליק, וואס פערשווינדט, פונקט ווי די צייט איליין, שטעהענדיג אויף אן ערד־קוגעל, און דער מענש יאגט זיך אומזיסט נאך.

אין דער לעצטער האלבער שעה פאר דעם אבשיעד זיצט דא איצט מעלאניע, לעזט נאך א מאל דורך איין בריעף נאכ׳ן אנדערען, און איינעם נאכ׳ן אנדערען צורייסט זי אויף קליינע שטיקלעך אוןווארפט אין פייער, וועלכער איז פאר דעם צוועק אנגעצונדען. דאס פייער ווערט געגעהרט פון ווערטער פון ליעבע. באלד נעמט דאס פייער אויסגעהן, — לאנגזאם, קוים צו בעמערקען, פונקט ווי דער פלאם פון איהר אייגענעם האר־צען. איהר פייער האט דאך אויך קיינמאל ניט געוואגט זיך פאנאנדערצוברענגען!

מעלאניע קוקט אויף דאס היפעל אש פון איהר פער־גאנגענהייט, וואס פערשווינדט אין גאנצען אין דער בלוטיג־רויטער ווירקליכקייט. זי זעצט זיך ווידער צום ראיאל, און איהרע פינגער בלאנדזשען איבער דער קלאוויאטור, עפעס זוכענדיג, עמיצען ערטלענדיג. אן אלט ענגליש פאלקסליעד־

אדאלף איז ניט נאר א מוזיקער, ער איז אויך א גרויסער ליעבהאבער פון בלומען און ווייס גוט ווי אומצוגעהן מיט רויזען. אמאל האבען זיי צוזאמען אויסגעקליבען די סארטען רויזען, וועלכע ער האט בעשלאסען צו פערפלאנצען אין דעם קליינעם גארטען פאר דעם הויז, און וועלכען עס איז געוועזען זיין איינזאמע זואוינונג. זיי האבען צוזאמען געמאכט די בעשטעלונג ביי שמידט אין ערפורט. וויפיעל אווענדען האבען זיי דאס דאן פערבראכט צוזאמען דא, אין דער ווילא, אויס־קלייבענדיג די סארטען רויזען, וועהרענד דער מאיאר איז געזעסען אין קאסינא און געשפיעלט אין קארטען.

פרוי האף געדענקט אויף יענע אווענדען.

מעלאניע קוקט זיך צו צו די רויזען.

אט, צום ביישפיעל, איז אט די רויטע רויז, „לא פראנס“. זי האט זי ליעב בעקומען ניט נאר פאר איהר אונגעוועהנליכע גרויס, נאר אויך פאר איהר נאמען! זי איז דאך אליין געוועזען אין פאריז צוזאמען מיט בערטא פאן אמטאר און איהר אונ־גליקליכער „דאס ד׳אנאר“, וועלכע זיי פלעגען אזוי אפט אב־נארען אין דעם האטעל אויף שאן ד׳עליזעי.

די דאזיגע רויז האט אדאלף אויסגעקליבען טאקי פאר אן אנדענק פון יענע גליקליכסטע טעג אין איהר לעבען. און אט איז די העל־רויטע, „לידי ראמשיילד“, אדער יענע שניי־ווייסע. „מארקיז פאמפאדור“, און אט איז די געלע רויז, „מארשאל ניל“. זי האט ארויסגעבויגען איהר שווערען קעפעל, אזוי ווי זי וואלט וועגען עפעס געוועזען שטארק בעזארגט! אדאלף ליעבט יי מעהר פון אלע אנדערע בלומען. רעדענדיג וועגען איהר, האט ער איהר איינמאל דערמאנט אן היינע׳ס א ליעד וועגען „ליעבען און בייז ווערען“.

זי שמייכעלט. אפילו אין אזא ערנסטען מאמענט קען די עראינערונג ארויסרופען ביי איהר א שמייכעל. ער האט דאך איהר געזאגט, אז דאס איז זיין געמיטס־צושטאנד, ווען ער זעהט זי לעבען דעם מאיאר:

„ליעבען און בייז ווערען“.

יע, אזוי האט ער דאן געזאגט.

די העלע אויגוסט זון האט זיך בעהאלטען הינטער די בערגלעך, וועלכע ציהען זיך וועסט פון רהיין, און איז אוועק צו איהר רוה. א קיהל ווינטעל האט געוועהט פון טייך, אנ־יאגענדיג צוזאמען מיט דער פינסטערניש, וואס קומט אראב אליין נעדריבטער, אז די נאכט קומט אן.

גרונדען, האָבענדיג אזא מאַן, ווי דער מאיאָר, צו האַלטען זיך מיט דער פרוי האָף וואָס פּאַרזיכטיגער, קלערט מעלאַניע.

פרוי האָף בלייבט שטעהן אויפ׳ן שוועל און ריהרט זיך ניט פון אָרט.

— איהר דאַרפט נאָך עפּעס, פרוי האָף?

מעלאַניע׳ס שטים קלינגט אביסעל אויפגערעגט, און פרוי האָף בעמערקט דאָס נאַטירליך.

אָבער עס פערשאַפט איהר, ווייזט אויס, פיעל פערגניגען צו דערצאָרענען די יונגע פרוי, און זי איילט זיך ניט צו ענטפערען.

— דער הערר מאיאָר איז נעכטען אריינגעגאנגען אין קיך, — רעדט זי ענדליך ארויס, ציהענדיג יעדעס וואָרט.

מעלאַניע פיהלט ניט דעם מינדסטען פערלאַנג צו ענטפערען אויף אזא חוצפּה, ווי זי דענקט, פון דער הויז־האַלטערין. אָבער, ניט קוקענדיג אויף איהר גוטען וואונש, קען זי זיך ניט איינהאַלטען און זאָגט:

— וואָס זשע האָט דער הערר מאיאָר געדאַרפט האָבען אין קיך, ערלויבט מיר צו פרעגען?

— דער הערר מאיאָר האָט נאָר געענדערט די געריכטען, וועלכע איהר האָט בעשטעלט.

— איהר האָט פערגעסען, אז מיר וועלען האָבען אַ גאַסט, פרוי האָף! — רייסט זיך ביי מעלאַניע׳ן אונפּאַרזיכטיג אראָב פון צונג.

— דער הערר מאיאָר האָט בעשטעלט געבּראָטענע האמעל־פלייש אַנשטאָט הוהן.

— אָבער איהר ווייסט דאָך גוט, אז קאַפּיטאַן אדאָלף עסט ניט קיין האמעל־פלייש! טו גיט ביידע זאכען, אי האמעל־פלייש, אי הוהן, איהר הערט? און איצט געהט, מיר האָט דאָס ענדליך דערעסען, איך האָב קיין צייט ניט!

— גוט, מאדאם, וועל איך, הייסט דאָס, געבען ביידע זאכען. מעהר ניט, דער מאיאָר זאָל נאָר ניט אין כעס ווערען.

— נו, דאָס איז שוין מיין זאך, פרוי האָף.

— ווי איהר ווילט, מאדאם!

ענדליך פערשווינדט פרוי האָף.

מעלאַניע נעמט די וואַזע מיט די רויזען און, מיט דער גאַנצער ברוסט אָטעמט זי איין דעם רופט.

אָט די רויזען האָבען איהר געשיקטע אי פאַר איהר, אי פאַר איהם.

— יע, מאדאם, אַט זאָל נאָר גאָט געבען, אַז מיר זאָלען צושלאָגען די פראנצויזען!

— און די רוסען, און די ענגלענדער, ווייס! פערגעסט דאָס נאָר נים.

— נו, ס'פערשטעהט זיך שוין, מיר וועלען זיי אויך צוקלאפּען!

אָבער מעלאניע הערט זיך שוין צו איהם ניט צו.

דער דיענער בעשליסט, אַז די אוידיענץ איז גענענדיגט, שמעלט ער צונויף די קנאָפּעל פון די שטיוועל און זאָגט:

— בלייבט געזונט, מאדאם.

— אויף ווידערזעהן, מיין פריינד!

אין דעם אויגענבליק בעווייזט זיך ווידער אויפ'ן שוועל פרוי האָף. זי טראָגט די וואַזע מיט די רויזען און שטעלט זי פאָרזיכטיג אויפ'ן טיש. זי האָט געהערט מעלאניע'ס לעצטע ווערטער, און אויף איהר געזיכט בעווייזט זיך דער אויסדרוק פון אונאויסשפּרעכליכער פעראַכטונג. זי בעציהט זיך זעהר איינפערזיכטיג צו איהר מאיאָר, און איהר, מעלאניע'ן, האַלט זי פאר איינע, וואָס איז פעהיג אויף אַלץ.

— אזוי וועט זיין גוט, מאדאם?

— יע, יע, זעהר גוט, פרוי האָף. איהר מעגט געהן.

אין מעלאניע'ס נשמה היבט זיך אויך אויף פּלוצלינג א געפיהל, וואָס איז ענליך צו אַן אינסטינקטיווען האַס צו דער דאָזיגער פרוי. זי ווייס אליין ניט פארוואָס. פרוי האָף שטעהט דאָך אזוי אונענדליך נידריגער פון איהר, אַז זי קען דאָך אפילו קוים פיהלען צו איהר פריינדשאַפט אָדער שנאה. שוין אפילו נעזעלשאַפטליך שטעהט זי דאָך אויף אזוי פיעל נידריגער. אָבער ניט וועגען דעם האנדעלט זיך דאָ, אָ ניין! מעלאניע פיהלט און ווייס גענוג קלאָר, וועלכער טיפער תהום עס ליגט צווישען זיי. און די שמוציגע געדאנקען פון פרוי האָף קענען קיינמאָל ניט אָנריהרען די ריינע נשמה פון מעלאניע פאָן בערקערסבורג.

אָבער די אלטע איז צופיעל פערטרויט ביי דעם מאיאָר. דערצו האָט נאָך מעלאניע ניט איין מאָל געהערט, אַז דער וועג צו די הערצער פון בעיאָהרענטע מאנסבילען ליגט דורך זייערע מאָגענס. און דאָ איז שוין פופצעהן יאָהר, אַז פרוי האָף פיהרט דעם מאיאָר'ס ווירטשאַפט. נאָר זי אליין ווייס ווי צו מאַכען זיינע בעליעבטע געריכטען, און די אָנפיהרערשאַפט אין קיך געהערט אין גאנצען צו איהר. עס זיינען דעריבער פאראַן גענוג

גוטמוטיגקייט איז אזוי ווייט פון איהר, ווי הימעל פון ערד. און דאָך בענוצט זי דעם אויסדרוק אפשר דערפאר, ווייל ווענ־דענדיג זיך מיט די ווערטער צום דיענער, קלערט זי אין דער צייט וועגען זיין האר.

וויס איז צוטומעלט און צופט זיין מיץ אין פערלעגענהייט. ער קען בשום אופן ניט געפינען קיין פאסענדען ענטפער אויף די פראגע.

— נו, וואָס ושע זאָגט איהר מיר ניט, וויס, וואָס איהר פיהלט ערב דעם טאָג, ווען איהר דאַרפט ארויסגעהן צום גרענעץ?

— בארמהערציגער גאָט, מאדאם! איך האָב א כלה, — זאָגט ער ענדליך.

— אלע סאָלדאטען האָבען כלות, וויס. נו וואָס איז דאָ אזוינס! וואָס איז דאָ פאר אן אומגליק ווען א סאָלדאט האָט א כלה! — זאָגט מעלאניע אין א געמאכטען לייכטזיניגען טאָן.

דעם יונגען דיענער'ס געזיכט ווערט רויט.

— ניין, מאדאם, ביי מיר איז א ריכטיגע, אן אמת'ע כלה.

דעם דיענער'ס ערנסטקייט ווייזט איהר אויס אביסעל קאָמיש, און זי זאָגט:

— אזוי, האָט איהר, הייסט דאָס, ניט אזוי זיך, נאָר אן אמת'ע כלה, וויס? און איהר ווילט מיט איהר הייראַטען?

— דאָס איז די ווארהייט, מאדאם. ווייל ווען ניט די מלחה, וואָלט דאָך מיין דיענסט זיך געענדיגט דעם קומענדען סעפּטעמבער. מיין פאָטער האָט א שטיקעל ערד אין וואַל־פאַך, אין שווארצוואלד, און ער און מיין מוטער ווארטען שוין לאַנג אויף מיר. און מיין ליזכען איז די טאָכטער פון א רייכען פויער. נאָך פאָריגען יאָהר, ווען איך בין דאָרט געוועזן אין שניט צייט אויף אורלויב, איז געוועזן ביי אונז די פערלאָבונג. אונזער ביידענס לאַנד גרענעצט זיך, מאדאם.

— נו, נאַטירליך, אויב דאָס לאַנד גרענעצט זיך!

א קוים בעמערקבארער שמייכעל בעווייזט זיך אויף מע־לאניע'ס געזיכט.

זי דערפיהלט אָבער באלד מיטלייד צו דעם אָרימען דיענער און זאָגט איהם:

— נו, וויס, אין א צוויי־דריי מאָנאטען ארום וועט איהר זיך אומקערען צוריק אהיים א זיעגער. איהר וועט דאן הייראַטען מיט אייער ליזכען און וועט פעראייניגען די ביידע פעל־דער.

— יע, די מעיסנער וואזע פון דעם ביכער־שראנק.

דער דיענער ערפילט דעם בעפעהל.

— איך דאנק אייך. איצט וועלען מיר די רויזען גלייך אריינשטעלען אין וואסער.

זי נעהט צו דער טיר און קלינגט נאך פרוי האף.

עס נעדויערט לאנג, ביז די אלטע בעוויזט זיך.

— פרוי האף, גיסט אן וואסער אין אט די וואזע און שטעלט אין איהר אריין די רויזען. דאן ברענגט דאס צוריק אהער.

— גוט, מאדאם.

פרוי האף ווארפט א בייזען בליק אויף די רויזען און נעהט מיט איהרע קליינע טריט אין קיך, מורמלענדיג צווישען די צייהן עפעס אזוינס, וואס מעלאניע פערשטעהט ניט.

וויים קלייבט זיך אויף אוועקצוגעהן.

— ווארט א ווײלע, וויים.

— איך הער.

מעלאניע נעהט צו צום טישעל פון איהר מאן און נעמט פון צינארען קעסטעל ארויס עטליכע עכטע האוואנער צינארען.

— נאט, וויים, נעמט דאס, זיי וועלען אייך צוניץ קומען אין דעם צוג.

— א דאנק, אייער וואוילגעבורט!

— הערט נאר, וויים.

— וואס וועט איהר בעפעהלען, מאדאם?

— זאגט מיר וואס מאכט אייער האר. ער האט אייך נעכטען גארניט געזאגט?

— ניין, מאדאם, גאר ניט. זיי האבען נאר דעם גאנצען טאג און דעם גאנצען אווענד נעכטען געהאלטען אין איין פייפען אלערליי מעלאדיען. דער הערר קאפיטאן טהוט דאס אלעמאל.

— נו, און איהר, וויים?

— וואס וועט איהר בעפעהלען, מאדאם?

— זאגט מיר, וואס איז א י י ע ר שטימונג? עס איז דאך ניט קיין שפיעלכעל — די מלחמה, ווער ווייס, אפשר וועט נאך אויסקומען צו שטארבען, מיין פריינד.

ווידער דער זאנדערבארער פאמיליארער אויסדרוק. זי דערשרעקט זיך אליין ווען די ווערטער רייסען זיך אראב פון צונג. זי האט זיי געוואלט ארויסרעדען אין יענעם גוטמיטיגען טאן, אין וועלכען דער מאיאר בענוצט זיך מיט דער פראזע. אבער זי וואלט דאס קיינמאל ניט געקענט טהאן, ווייל ז י י ן

טראַגען טויט, און קיינער וועט זיך ניט קענען שטעלען אַנט־קעגען זיי!

טראָמפּייטען און — דאָס אונשטערבליכע געדיכט וועגען טריסטאַן און איזאָט!

## IV.

— דער הערר קאַפּיטאַן האָט געהייסען איבערגעבען זיין גרוס און אָט די רויזען צו אייער וואוילגעבורט.

דאָס איז ווייס, אַדאָלף'ס דיענער, ער שטעהט אין גאַסט־צימער פאַר מעלאַניע.

פערזונקען אין ערינערונגען, האָט זי גאָר ניט בעמערקט ווי ער איז אריין. ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, אויסגעצויגען אויף דעם מיליטערישען שטייגער. צומישט הויבט זי אויף איהרע ברעמען און קוקט אויף איהם מיט איהרע שעהנע, שטאָהל־גרויע אויגען, אַזוי ווי דאָ וואָלט ניט גע־שטאַנען דער דיענער, נאָר דער האר אליין. זי קוקט ניט אויף די רויזען, מורא האָבענדיג, אַז זי וועט זיך דאַן אין גאַנצען פערלירען.

— די רויזען, ווי איך זעה, זיינען פון דעם קאַפּיטאַן'ס גאָרטען, — רעדט זי ענדליך אַרוים.

— ריכטיג אַזוי, אייער וואוילגעבורט. דער הערר קאַ־פּיטאַן האָט מיט זיינע איינענע הענט זיי פערפלאַנצט מיט צוויי יאָהר צוריק.

— איך ווייס, איך קען זעהר גוט אָט די רויזען, ווייס. מעהר האָט איהר ניט קיין אויפטראַג צו מיר, מיין פריינד?

זי ווייס אליין ניט, ווי אַזוי די זאָנדערבאַרע ווענדונג „מיין פריינד" האָט זיך ביי איהר אַראָבגעריסען פון צונג. זי האָט נאָר אַן אונקלאָרע ערא־נערונג, אַז דער מאַיאָר ווענדעט זיך מיט די דאָזיגע ווערטער צו זיינע אונטערטאַנען אין יענע זעלטענע מינוטען, ווען איהם ווילט זיך מיט זיי אַ שפּאַס טהאָן.

— דער הערר קאַפּיטאַן האָט געהייסען אָנזאָגען, אַז זיי וועלען אליין באַלד קומען.

— יע? זעהר גוט, ווייס.

דער דיענער איז גרייט אָוועקצוגעהן.

— וואַרט, ווייס, זייט אַזוי גוט, נעמט מיר אַראָב אָט יענע וואַזע, איהר זייט העכער פון מיר.

— יענע, די מעסינגער וואַזע, פון דעם ביכער־שראַנק?

גאָטפריד פון סטראַסבורג אויף דער פערגעסענער דייטשער שפּראַך פון מיטעלאַלטער! א פערליעבטער מענש, ווייזט אויס, געפינט אויף אַלע צייט, אפילו לעבענדיג אין גומבינען און אלס לייטענאַנט זייענדיג פערנומען מיט דרעסירען די סאָלדאַטען יאָהרענלאַנג! וואָס וועט שוין זיין, ווען ער וועט פון דעם פערוואָרפענעם ווינקעל ארייגפאַלען אין בערלין און וועט זיין אין דער קעניגליכער אָפּערא!

זי דערמאָנט זיך דעם טאָג און די שעה, ווען זי האָט דעם בריעף ערהאַלטען אין פאַלקענשטיין. דאָס איז געווען פּונקט פאַר דעם וויינאַכטס־פעסט, ווען זי האָט, ווי אלע מאָל פריהער, נעדאַרפט שפּיעלען די ראָל פון דער גוטער פעע. דער וואַלד־וועכטער האָט שוין געהאַט צוגעגרייט די וויינאַכטס־בוימער אי פאַר די הערען, אי פאַר די דיענער. און אויף מעלאַניע׳ן איז, פּונקט ווי יעדען יאָהר, אויסגעפאַלען די ליכטיגע פרייד צו בעציערען די בוימער און פאַנאַנדערטיילען די מתנות.

אין אָט דעם מאָמענט פון ריינעם, פון קיין זאַך ניט בע־וואָלקענטען גליק, איז דאָס אָנגעקומען זיין בריעף — „דאָס מיידעל און דער מאַן, איזאָט און טריסטאַן"! נאָך דעמזעלביגען טאָג האָט זי געשיקט נאָך דעם געדיכט פון גאָטפריד פון סטראַס־בורג אין די נאָהענטסטע שטאָדט. צום גליק, האָט מען דאָס געדיכט דאָרט געפונען אין א בוך־קראָם: רעקלאַם׳ס אויס־גאַבע צוזאַמען מיט אַן איבערזעצונג.

אין יענע טעג, פאַר דעם יום טוב פון ליעבע, דענקענדיג וועגען אי ה ם, האָט זי צום ערשטען מאָל געלעזען און געלעזען און ניט געקענט זיך אָברייסען פון דער בעצויבערענדער גע־שיכטע וועגען דער פרוי פון קעניג מארק, דער שעהנער איזאָט מיט די גאָלדענע לאָקען, וועלכע ברעכט איהר טרייהייטס וואָרט, וואָס זי האָט געגעבען איהר מאַן, אויס ליעבע צו דעם ריטער טריסטאַן; וועגען דעם, ווי טריסטאַן און איזאָט פאָהרען צו־זאמען ווייט־ווייט איבער ימים־אָקעאַנען; וועגען דעם, ווי זיי, וואָס זיינען צוערשט געווען אזוי ווייט און פרעמד איינע דעם צווייטען, ווערען איינס...

דאָס הערליכע געדיכט... וועגען דעם טראַכט מעלאַניע אויף איצט... אין דער מינוט, ווען הונדערטער טויזענדער פון איהרע קאָמפּאַטריאָטען גרייטען זיך צו פערלאָזען פאָטער און מוטער, פרוי און קינדער, פריינד און געליעבטע, צונויפצוגיסען זיך אין איין מעכטיגען, אונבעזיעגבארען שטראָם, וועלכער וועט פליסען אין מזרח און אין מערב, — א שטראָם, וועמעס וועלען וועלען

אזוי ליעב דעם קאליר: ער דערמאָנט איהר דעם איינפאכען כאראקטער פון דעם, וועמען זי האָט פאָרגעצויגען פון אלע אנדערע.

יע, פון די אלע גלענצענדע קאוואלירען, וועלכע האָבען זיך נעדרעהט ארום איהר, כלומרשט פערליעבטע, אויף אלע בעלער און פיקניקס סאי אין בערלין, סאי אין אָסט־פּרייסען. זיי האָבען זיך ארום איהר נעדרעהט אזוי לאנג, ביז זיי האָבען זיך ניט דערוואוסט, אז פאלקענשטיין, דאָס גוט פון איהר פרעה־ליכען, ברייט־לעבענדען פאָטער, איז צוויי מאָל פערזעצט, און אז זי און איהר פרעהליכער פאָטער הענגען ביידע אויף א האָר. נאָכדעם האָבען זיי אלע, איינער נאָך דעם אנדערען, זיך העפליך און קאלט פערנייגט און זיינען פערשוואונדען.

מעלאניע פאָן בערקערסבורג ווייס שוין די ביטערקייט פון לעבען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי איז ערשט אלט נאָר פינף און צוואנציג יאָהר און וואָס איצט קען זי מיט דעם מאיאָר׳ס רייכטום לעבען ווי א פירשטין, האָבען רייט־פערד און אויטאָמאָבילען, שיינען אין דער געזעלשאפט און זיך פוצען. און דאָך ווייס זי גוט די ביטערקייט פון לעבען! „וואר עס האָט קיינמאָל זיין ברויט ניט געגעסען מיט טרערען...“ לויפט דורך אין איהר געדאנק.

זי לעזט ווייטער. אָט קומט צו דער האנט א בריעף, אין וועלכען עס מערקט זיך צום ערשטען מאָל א צארטקייט, און קלאָרער קען מען דאָ זעהן אן אמת׳ען פערלאנג. צום ערשטען מאָל פרואווט ער דאָ אויס דעם באָדען. דער בריעף איז גע־שריבען געוואָרען אין דעצעמבער 1909, אין בערלין, וואוהין ער איז געפאָהרען, כדי צו זעהן זיך מיט א חבר, גינטער פאָן שווארצענשטיין, וועמען מען האָט קאָמאנדירט אין די מילי־טערישע אקאדעמיע.

א גרויסער פערעהרער פון וואגנער, בעשרייבט אראלף אין דעם בריעף די פאָרשטעלונג פון „טריסטאן“ אויף דער בערלינער ביהנע. ער, א לייטענאנט פון דעם גומבינענער אינפאנטעריע רעגימענט, וועלכער איז טאָג־איין, טאָג־אויס, יאָהר־איין יאָהר־אויס פערנומען מיט דרעסירען די סאָלדאטען אין קאזאַרמע, ער ציטירט אין דעם בריעף גאָטפריד פון סטראסבורג:

„און ווען דאָס מיידעל און דער מאן,
איזאָט און טריסטאן...“

א. אז. וו., א. אז. וו.

עס איז דאָך גאָר כמעט אונגלויבליך! דאָס געריכט פון

אזוינער, — מורמעלט זי שרעקעדיג, נאך אלץ ניט קוקענדיג איהם אין געזיכט, — אדער אפשר ווילסטו...

— ניין, ניין, אכט אזוינער. איך וועל שוין זעהן פריי צו ווערען. און אונגעהויערע מאסע ארבייט, מיין קינד!

זי שמייכעלט. אזוי רופט ער זי אלעמאל, ווען ער געפינט זיך אין א גנעדיגער שטימונג. זי — זיין קינד!

ווייטער זאגט ער:

— נאכ'ן עסען וועל איך נאך אפשר מוזען נאך א מאל אריינלויפען אין די קאזארמען, און אונגעהויערע מאסע ארבייט; מען וואלט דאך, דוכט זיך, געקענט מיינען, אז פאר גאנצע מאנאטען ליגט שוין אלץ אנגעגרייט און אין ארדנונג... און פונדעסטיוועגען...

— און מיר וועלען האבען א גאסט היינט אוונד, — ערקלערט מעלאניע מיט אן אונענטשלאסענער שטים.

— נו, איז וואס, מיין קינד, האבען מיר דאך אלעמאל א גאסט, אדאלף... ניט אמת, אדאלף פון דער אכטער קאמפאניע. ער האט נאך קיין איין מאל ניט פערפעהלט, דער ליעבער אדאלף. א מוזיקאלישער זשעני... פארוואס זשע זאל ער פערפעהלען דעם לעצטען אוונד, קינד מיינס? נו, אויף ווידערזעהן דעריווייל, אויף ווידערזעהן.

דער מאיאר איז ווייטער ניטא. ער איז אוועק, פערריקענדיג דעם דאקומענט, וואס איז דעם גאנצען טאג אבגעלעגען אויפ'ן שרייב־טיש, אין דעם ארבעל אויפשלאג פון זיין נייעם מונדיר, פונקט ווי ער שטעקט אריין דעם בייטש אין שטיוועל, ווען ער געהט אין מאנעווש.

וועגען איהר און וועגען איהר פערגאנגענהייט, מיט וועלכער זי געזעגענט זיך איצט, קלערט ער, א דאנק גאט, זעהר ווענינג. און ווי וואלט עס דען נאר מעגליך געווען איצט, ווען עס איז ענדליך אנגעקומען דאס, אויף וואס ער האט יאהרען־לאנג געווארט, ווי דאס איז איהר זעהר גוט בעוואוסט? וואס פאר א ווערט האט איצט זיין „קינד" מיט איהר פערגאנגענהייט, ווען הונדערטער טויזענטער מענשען געהען צו א בלוטיגער שלאכט, אין וועלכער אלץ ווערט אוועקגעשטעלט אין קאן. אזוי האט ער איהר נאך נעכטען ערקלערט.

אבער זי איז שוין ווידער פערנומען מיט לעזען די בריעף. אלע בריעף, פונקט ווי דאס היינטיגע צעטעלע, וועלכע פרוי האף האט איהר איבערגעגעבען מיט א פערטעל שטונדע צוריק, זיינען געשריבען אויף דעמזעלביגען גרויען פאפיר. זי האט

צושטימונג דעם אלטען מאיאר, כדי צו רעטען איהר פאטער און בעפרייען איהם פון חובות.

און אט פערניכטעט מעלאניע די אונשולדיגע בריעף איצט, און ניט ווילענדיג ציטערט אויף מעלאניע, דערקענענדיג די שנעלע און שווערע טריט פון דעם מאיאר, וועלכער דערנעהנ־טערט זיך צום שרייב־טיש. אין זיין גרויען פעלדצוג אוניפארם, מיט די הויזען אין די הויכע שטיוועל, געהט ער מיט קלאנג און גערויש, גאר אהן פארזיכטיגקייט, שלעפענדיג נאך זיך די סאבעל איבער איהר ערהנעם, קאסטבארען סמירנא'ער טעפיך.

ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ, פיהלט זי אויף זיך דעם הארטען בליק פון זיינע קאלטע בלויע אויגען. אונטער אט דעם שווערען בליק האט זי שוין אזוי אפט געמוזט ארונטער־לאזען איהרע שעהנע, שטאהל־גרויע אויגען מיט די לאנגע ברעמען. ער בלייבט דאך שטענדיג און אין אלץ גערעכט. און ווי קען דען זיין אנדערש? מיט זיין שטרענגען קול פון א קאמאנדיר און מיט זיין שטארקען ווילען, וואס אונטערווארפט אלץ זיין פערלאנג, מוז ער דאך אלץ איבערוועלטיגען!

ניט קוקענדיג אויף איהם, זעהט זי פאר זיך זיין שטענדיג רויטען פנים, וועלכער איז, לויט איהרע אייגענע ווערטער, א פערקערפערטע רעקלאמע פון די גומע הייזען אין קאזינא; זי זעהט פאר זיך זיינע הארטע גרויע וואנצעס, וועמעס קושען זי זעהט אויסצומיידען מיט אלע מעגליכקייטען.

— וואס פאר אן אונארדנונג דאס איז דא ביי דיר!... — דערטראגען זיך זיינע ווערטער צו מעלאניע. — וואס טהוסטו דא ביי דעם שרייב־טיש?

— איך מאך דעם סך הכל פון מיין פערגאנגענהייט, — ענטפערט זי שטיל.

— אזוי, אזוי... לאז מיר נאר. איך האב דא פערגעסען א דאקומענט פון מיין רעגימענט.

— ביטע...

זי שטעהט אויף פון שטוהל און געהט נעהארכזאם אב עטליכע טריט, פונקט ווי ער וואלט דאס אריין אין א קאמער אין קאזארמע, און זי וואלט געווען דער דעזשורנער אונטער־אפיציר.

— ביטע, ביטע...

— איך האב שוין געפונען. ניט בעאונרוהיג זיך, זיץ, איך בעט דיך. ווען עסען מיר?

— ווען דו האסט בעפאהלען, אכט אזייגער; פונקט אכט

זי: „אין דעם מאיאר'ס הויז, ווילסטו זאגען! ווייל סוף כל סוף קען מען דיך דאך דא קוים דערליידען.“ אין דער היים אבער זאגט זי גאר:

— וועל איך זאגען דעם טרענער, אז אלץ דארף אבגעשיקט ווערען אין ווערזשבאלאווא.

— ביטע, פרוי האף.

מעלאניע קוקט זיך מעהר ניט אום אויף דער הויזהאלטערין פון איהר מאן.

זי זעצט זיך אויף א שטוהל לעבען שרייב־טיש. און וועהרענד פרוי האף געהט נאך איבער'ן קארידאר איבערצוגעבען דעם בעפעהל פון דער בעל הבית'טע (דער בעל הבית'טע! — שמייכעלט זי איראניש), רוקט די יונגע פרוי ארויס איינעם פון די טיש־קעסטלעך און נעמט פון דארט ארויס א בינטעל פון אלטע בריעף. און איינעם נאך דעם אנדערען נעמט זי ארויס פון קאנווערט און הויבט אן לעזען, אבער ניט דערלעזענדיג ביז'ן סוף, צורייסט זי זיי אויף שטיקלעך און ווארפט אין א קארב, וואס שטעהט דערביי.

אט די אלע בריעף, פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצ־טער, ווייס זי שוין לאנג אויף אויסווענינ. זי האט זיי אבגעהיט ביז איצט, ווי די אויג אין קאפ, זי האט זיך בשום אופן ניט געוואלט מיט זיי צושיידען. אבער איצט! אין אזא לאנג קען מען אזעלכע בריעף ניט האלטען, מען קען זיי ניט מיט־נעמען אין ווערזשבאלאווא, וואס ליגט אויף דעם רוסישען גרע־נעץ: מען קען דאך גאר ניט ווייסען, אין וועמעס הענט זיי קענען נאך אריינפאלען!

איבריגענס זיינען דאך די בריעף אזוי אונשולדיג, עס איז דאך אין זיי קיין זאך ניטא. זיי רעדען נאר וועגען דער פריה־לינגס ליעבע, אויף וועלכע עס איז פריה געפאלען א בייזער פראסט; וועגען דעם גליק, וואס האט זיך פערוואנדעלט אין א שאטען, איידער עס איז פערווירקליכט געווארען...

און דאס איז אלץ נאר דערפאר געשעהן, ווייל דער מאיאר האט זיך געשטעלט אין מיטען וועג מיט זיין היפאטעקע אויף פאלקענשטיין און האט זיין שווערע האנט ארויפגעלעגט אויף איהר יונג לעבען. בעטענדיג איהר האנט, האט דאס ארגאף געשריבען אט די בריעף פון בערלין אין פאלקענשטיין. זיי זיינען געשריבען געווארען נאך פיעלע וואכען און מאנאטען פריהער, איידער זי איז געצוואונגען געווען צו געבען איהר

מיט זיין באַטאַליאָן, וועל איך דאָ שוין ניט האָבן קיין היים, פרוי האַפ.

אין דעם טאָג, אין וועלכען זי זאָגט ארויס די ווערטער, פיהלט זיך, ווי זי וואָלט זיך אונטערגעגעבען איהר שיקזאל און ווי זי וואָלט מיטר געוועזן פון לעבען.

— נו, געוויס איז דאָס אזוי, מאדאם, געוויס. אָבער ווערזשבאָלאָווא איז דאָך פאָרט אויף דעם רוסישען גרענעץ.

מעלאניע פיהלט א פערלאנג צו ענדערען דעם געשפרעך, און ניכער אוים דעם מאָטיוו, ווי אוים אינטערעס אין פרוי האַפ'ס לעבען, פרעגט זי:

— און איהר, פרוי האַפ, האָט בעקומען אַן ענטפער פון אייער טאַנטע פון פאָלקאָף?

— יע, מאדאם, ענדליך איז מיר היינט אין דער פריה אָנגעקומען דער בריעף.

— וואָס זשע שרייבט אייך אייער טאַנטע?

— זי שרייבט, אז איך זאָל קומען, מאדאם: זי וועט זיין העכסט צופריעדען.

— נו, איז שוין אלץ גוט! דאָס הייסט אז איהר וועט אויך קענען ארויספאָהרען מאָרגען אין דער פריה.

— יע, מאדאם, ווי נאָר איך וועל פארטיג ווערען מיט אלע ארבייטען דאָ און ברענגען אלץ אין הויז אין אָרדנונג. מיר האָט זיך נאָר ניט גע'חלומ'ט, אז עס וועט מיר אויסקומען צו פערלאָזען דאָס הויז פון זיין וואוילגעבורט אָט אזוי, אָהן אויפזיכט.

— דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך דאָס אויך ניט ערוואַרט, פרוי האַפ, אָבער...

פון מעלאניע'ס ברוסט רייסט זיך ארויס א קוים הערבארער זיפץ פון ערלייכטערונג.

דער זיפץ ווערט אָבער באלד אויפגעכאַפּט פון פרוי האַפ'ס פיינעם געהער, און זי זאָגט:

— וואָס זשע, מאדאם, איך האָב אייך, דוכט זיך, קיינמאָל אין קיין זאך ניט געשטערט.

אויף מעלאניע'ס געזיכט בעווייזט זיך א גוטמוטינער שמייכעל:

— געשטערט?... נו, געוויס ניט, פרוי האַפ... מיר שטערען אין מיין אייגענעם הויז... דאָס וואָלט געוועזן זעהר זאָנדערבאַר, פרוי האַפ.

פרוי האַפ זאָגט אויף דעם גאָרניט, אָבער פאַר זיך קלערט

## III.

דאָס קלאַפּען אין טיר איז געקומען אזוי אונגערוואַרטעט, אז מעלאַניע האָט אויפגעציטערט. זי איז אָבער באַלד גע־קומען צו זיך, און איין אויגענבליק האָט זי זיך אומגעקערט צו דער רויהער ווירקליכקייט. זי האָט שטיל אויסגערופען:

— קומט אריין!

אזוי ווי פון דער ענדלאָזער ווייט דערטראָגען זיך די לאַנגזאַמע, דורך דער נאָז אַרויסגערעדטע ווערטער פון פרוי האָף:

— דער טרעגער איז געקומען, מאַדאַם.

— דער טרעגער?

— ער פרעגט, וואוהין איהר ווילט אָבשיקען דעם באַ־גאַזש. אין ווערזשבאָלאָוואָ? אין פאַלקענשטיין איז דאָך קיין אייזענבאַהן סטאַציאָן ניטאָ?

— געוויס, פרוי האָף, דעם גאַנצען באַגאַזש דאַרף מען אָבשיקען אין ווערזשבאָלאָוואָ.

— דריי קופערס און זיעבען קאַסטענס?

— יע, פרוי האָף, דריי קופערס און זיעבען קאַסטענס.

— וועל איך אזוי אָנזאָגען דעם טרעגער, מאַדאַם.

— ביטע, פרוי האָף.

פרוי האָף שטעלט זיך אָב ביים שוועל, אזוי ווי זי וואָלט געדאַרפט נאָך עפּעס זאָגען, און מעלאַניע פרעגט איהר טאַקי:

— איהר האָט נאָך עפּעס מיר צו זאָגען, פרוי האָף?

פרוי האָף דרעהט זיך, שטעלט איבער די פיס און זאָגט ענדליך אַרוים זעהר לאַנגזאַם:

— איך האָב נאָר געוואָלט זאָגען, מאַדאַם, דאָס ווערזש־באָלאָוואָ איז דאָך פּונקט אויף דעם רוסישען גרענעץ. האָט איהר דען ניט מורא, מאַדאַם? ווערזשבאָלאָוואָ איז דאָך אויפ'ן סאַמע רוסישען גרענעץ.

— ניין, פרוי האָף, איך האָב ניט מורא. פון פאַלקענ־שטיין, מיין פאָטער'ס גוט, איז אַ האַלבע שטונדע רייזע ביז ווערזשבאָלאָוואָ. דערצו האַלט איך באַר מיין חוב צו זיין ביי מיין פאָטער'ס זייט אין אזא ערנסטען מאָמענט. דערי־בער בין איך דאָס אין ווערזשבאָלאָוואָ און פון דאָרטען אין פאַלקענשטיין. אויסערדעם, קוים געהט דער מויער אַרויס

טען אין הויז און, ניט געפינענדיג קיין ארויסגאנג, קלאפּט ער מיט זיינע פליגעלעך אויף די שויבען.

— אַט גאַר אזו ווי ער, — גיט מעלאניע אומגערן א טראכט: — ער האָט זיך אויך ניט געפונען קיין אויסוועג.

זי זינגט זיין ראָמאַנס:

„אַ גרוס צו דיר, דו גרויסע,

געהיימניספולע שטאָדט!"

די ווערטער געפינען אַן אָבקלאַנג אין איהר נשמה. זי דענקט וועגען בערלין און דער ערשטער בעגעגניש מיט איהם אין דער אנוועזענהייט פון איהר מאַן. אמת, דאן איז דער מאיאר נאָך ניט געוועזען איהר מאַן. אָבער עס איז שוין דאַן געוועזען קלאָר, אז איהר פאָטער, דער אלטער באראָן פאָן פאלקענשטיין, איז צו איהם זעהר גנעדיג, ווייל ערשטענס האָט ער דעם באראָן געליהען געלט אונטער דעם משכון פון דעם גוט, און צווייטענס האָט ער געוויענדט זיין אויפמערקזאמקייט אויף איהר יונגע שעהנקייט.

ווי האָט וואָלט איצט פאַרגעקומען, געדענקט זי קלאָר די ערשטע בעקאנטשאפט מיט אדאָלף'ען. זיי זיינען געוועזען אין אָפּערא. מען האָט געשפּיעלט „טאנהייזער". אין אנטראקט איז ער צוגעגאנגען צום מאיאר, און דאַן האָבען זיי זיך בעגעגענט.

דאַן זיינען זיי זאָלבעפיערט געוועזען אין אדלאָן'ס רעסטאָראַן. אזוי איז דאָס פאַרגעקומען.

„אַ גרוס צו דיר, דו גרויסע,

געהיימניספולע שטאָדט!"

מיט אַ געפיהל, וואָס איז נאָהענט צו עהרפורכט, זינגט מעלאניע דעם ערשטען פערז פון זיין ראָמאַנס, וועלכען ער האָט איהר געווידמעט.

פּלוצלונג האָט דער שמעטערלינג געפונען אַן ארויסגאנג דורך דער ברייט געעפענטער טיר פון באלקאָן. פריי און לייכט און אָהן גערויש איז ער ארויסגעפלויגען אין מיט זונשיין בעגאָסענעם גאָרטען.

מעלאניע האָט איהם בעגלייט מיט איהרע שטאָהל-גרויע אויגען.

„דו גרויסע, געהיימניספולע שטאָדט!"

פריי האָה האָט ווידער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

מיט דער געוועהנליכער בעוועגונג פון האַנט נעמט מעלאַניע ארוים דאָס צעטעלע פון קאָנווערט און לעזט :

„מײַן טייערע פריינדין !

כאָטש איך בין שרעקליך פערנומען גראד איצט, וועל איך אָבער מאַכען אַלע אָנשטרענגונגען, אום ארויסצורייסען זיך אויף אַ שעה נאָכמיטאָג און נאָך איין מאָל מיט אייך צו זעהן.

אייער שטענדיג ערגעבענער

א ד אַ ל ף."

ליעבער, ליעבער... מעלאַניע טראָגט שטילערהייד צו דאָס צעטעלע צו די ליפען. דאָ, אויפ'ן באַלקאָן, פערדעקט פון פּלאַנצען, קען זי זיך דאָס ערלויבען אָהן מורא. וועט דען דער פינק. וואָס וויגט זיך אָט אויף יענעם צווייגעל פון אַ טאַנענבוים, עפּעס האָבען געגען דעם, וואָס זי האָט געטאָן ? דער פינק זינגט מיט אַ פולער ברוסט אין דעם גאָרטען, וואָס איז בעגאָסען מיט זונ־שיין. און ברייט צושפּרייטענדיג זיינע פליגלען, פליהט ער אַ זאָרגלאָזער אוועק אין הימעלבלוי פון אָט דעם לעצטען טאָג. אַ דאַנק גאָט, ער ווייס גאָר ניט וועגען דעם, וואָס עס טהוט זיך איצט אין דער בעסטער פון אלע וועלטען.

מעלאַניע געהט אריין אין צימער. לעבען וואַנט שטעהט אַ אויסגעצייכענטער סטיינוויי. דער מאַיאָר האָט איהר דאָס גע־שאָנקען אמאָל אין אַ מילדער מינוט צום וויינאַכטס־פעסט. ער ווייס, אַז זי איז אַ ליידענשאַפטליכע פערעהרערין פון מוזיק, און אַז זי איז מעהר ווי אַן איינפאַכע דילעטאַנטין. כאָטש זי קען זיך גאָרניט פערגלייכען מיט אדאלף'ען ! ער איז דאָך אַן אמת'ער ארטיסט. יעדענפאַלס, איז דאָס געוועזען זעהר גוט פון מאַיאָר'ס זייט צו שענקען איהר אַזאַ וואונדערליכען קלאַוויער. איבריגענס, וואָס האָט האָס איהם געקאָסט ?

איהם איז דאָך אין זיין לעבען קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו בעשרענקען זיינע אייגענע אָדער פרעמדע פערלאַנגען.

מיט אדאלף'ען איז שוין גאָר אנדערש. ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט ווערען אַ קאָמפּאָזיטאָר. אָבער די אומשטענדען זיינען שטאַרקער פון מענשען, און אָט די אומשטענדען האָבען איהם אַנשטאַט דער קאָנסערוואַטאָריע און דעם קאָנצערט־זאַל, גע־בראַכט אין קאַדעטען־קאָרפּוס און אויף דעם קאַזאַרמען הויף. איצט איז שוין געוויס אַלץ איינס... זי זוכט אין די נאָטען און געפינט אַ ראָמאַנס, צו וועלכען ער האָט פאַר איהר פערפאַסט די מוזיק, און זעצט זיך צום ראָיאַל.

אַ פערבלאָנדזשעטער שמעטערלינג פליהט אריין פון גאָר־

ווילט זיך וואָס גיכער איבערלייענען דעם בריעף. און פונקט ווי אַלע מענשען מיט אַ ריינעם געוויסען, וועלכע ווייסען ניט פון קיין זינד אָדער שולד און האָבען דעריבער קיין אורזאַך ניט צו זיין פאַרזיכטיג, איז זי גאַנץ רוהיג.

זי האָט אפילו אין גאַנצען פערגעסען אן פרוי האָף'ס אנ־וועזענהייט. זי שטעהט אויפ'ן באַלקאָן, וועלכער איז בעלויכטעט פון די הייסע שטראַהלען פון דער אויגוסט זון. און אין דער ראַהם פון קלימערשטאַנד, וואָס האָט רייך אַרומגענומען די פאַרענטשעס און דעם באַלקאָן, זעהט זיך דייטליך אַרויס איהר מיידעלשע פיגור, אנגעטאָן אין אַ לייכטען העל־בלויען קלייד.

די קלייד האָט זי זיך געמאַכט אין פריהלינג אויף דעם פער־לאַנג פון איהר מאַן, וועלכער האָט בעהויפּטעט, אַז הימעלבלוי פּאַסט איהר מעהר פון אַנדערע קאָלירען. זי אָבער אַליין און דער „אַנדערער“ זיינען איבערצייגט, אַז מאַטע קאָלירען פּאַסען פיעל מעהר פאַר איהר בלייכען געזיכט און טונקעלברוינע האָאר.

און אַזוי שטעהענדיג אין דער ראַהם פון באַלקאָן, וואָס איז בעדעקט מיט די קריכיגע פלאַנצען, דערמאַנט זי איינע פון די ריהרענדע מיידעל פיגורען אין שעקספּיר'ס טראַגעדיען, מען קען זי אננעמען פאַר דזשוליעט, דעזדעמאָנאַ, אָפעליאַ, אָדער פאַר די אַלע דריי צוזאַמען.

און אין דער צייט, ווען זי לעזט דעם בריעף, בעקומט זיך אויף איהר געזיכט דער אויסדרוק פון איין גרויסען געפיהל. וואָס פעראייניגט אין זיך אַלץ: ליעבע, שרעק, גליק, ליידען, — אַלץ, אַלץ ווערט אויסגעדריקט אויף איהר געזיכט, בעת זי לייענט אָט דעם ל ע צ ט ע ן בריעף פון איהר פריינד. יע, דאָס איז זיין לעצטער בריעף. אן אונקלאָרער פאַרגעפיהל זאָגט דאָס איהר היינט, ערב דעם פריהמאָרגען, ווען זיין רעגימענט דאַרף אָבמאַרשירען צום פראָנט.

איינגענטליך איז דאָס גאָר ניט קיין בריעף, דאָס איז ניכער אַ קורצער צעטעלע, ווי די, וועלכע ער האָט איהר אַזוי אָפט צוגע־שיקט אין פערלויף פון די לעצטע יאָהרען, זינט דער צופאַל, — און אפשר אַ בעוואוסטזיניגע טהאַט צו העלפען אָט דעם צופאַל, ווי איהר האָט אויסגעוויזען אין מינוטען פון שטילען, פערבאָר־גענעם גליק, — האָט איהם פערטראָגען אין דעם זעלבען גאַרני־זאָן און אין דעם זעלבען רעגימענט. וואו דער מאַיאָר האָט גע־דיענט. אַ צעטעלע אויף איינפאַכען גרויען פּאַפּיר, מיט קיין זאַך ניט מעהר חוץ זיינע איניציאַלען: „וו. אַ.“, ווייל זיין ערשטער נאָמען איז וואַלטער, און זיין פאַמיליען נאָמען — אַראַלף.

איינגעפאסט אין טונקעל־ברוינע האאר. א שטראהל פון האפנונג. ניט קוקענדיג אויף אלץ! ניט קוקענדיג אויף דער שרעקליכער לאגע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אויך אדאלף...

זי האט מורא צו דערפיהרען איהר געדאנק ביז'ן סוף און איילט זיך צו ווענדען זיך צו פרוי האף. זי רעדט מיט א ווייכער. כמעט בעטענדער שטים:

— פרוי האף, איהר וועט זיין אזוי גוט און זאגען דעם גערטנער, ער זאל אנרייסען אפריקאזען פון יענעם בוים...

פרוי האף שלאגט איהר איבער:

— איהר ווייסט דאך אבער, מאדאם, אז יאקאב'ען האט מען גערופען אין מיליטער דיענסט.

— א יע, ריכטיג, פרוי האף, מען האט יאקאב'ען גערופען...

— נו, געוויס, אלע געזונטע יונגען זיינען גערופען געווארען אין מלחמה, מאדאם.

— יע, יע, פרוי האף, גאנץ ריכטיג. נו, וועט איהר אפשר אליין אנרייסען אפריקאזען פון אט יענעם בוימעל, עס איז דאך ניט הויך, מען קען דערלאנגען אהן א לייטער. טו זייט אזוי גוט און גיט די אפריקאזען היינט צום אווענד מאהלצייט פאר א דע־סערט.

מעלאניע האט אמאל פערבראכט עטליכע וואכען אין וויען מיט איהר פאטער, און דער אויסדרוק „אווענד מאהלצייט" איז איהר דאן אזוי שטארק געפעלען געווארען, אז זי האט איהם אריינגענומען אין איהר לעקסיקאן.

פרוי האף האט געשמייכעלט אויף אזא, לויט איהר מיינונג אפעקטירטע, שפראך, אננעהמענדיג דאס, פונקט ווי פיעלע אנ־דערע אייגענשאפטען אין איהר יוגענד ווירטין, פאר מאנירען פון איינער וואס קאקעטירט.

— גוט, מאדאם, איך וועל אליין אנרייסען... און אט איז נאך א בריעף פאר אייך, מאדאם.

פרוי האף בעמערקט, מיט וועלכער שנעלקייט מעלאניע רייסט כמעט ארויס פון איהרע הענט דעם בריעף, וועלכען זי האט ביז איצט געהאלטען אונטער'ן פארטוך.

— גיט איהם אהער, פרוי האף!

א יובעלענדע פרייד הערט זיך אין איהר שטים. אויף פרוי האף'ס געזיכט בעוויזט זיך א מארטירער שמייכעל.

„ארימער מאיאר מיינער", — קלערט זי, שאקלענדיג מיט איהר גרויסען קאפ.

אבער מעלאניע קוקט זיך שוין ניט אום אויף איהר. איהר

מיט קעצישע גנב׳ישע טריט געהט זי צו דער טיר פון באלקאן איבער דעם דיקען סמירנא׳ער טעפיך. אריינגעהענדיג אין גאסט צימער, בעמערקט זי מיט אונצופריעדענהייט אויפ׳ן טעפיך צו־ ריסענע שטיקלעך פאפיר. „יע, — טראכט זיך פרוי האף, — איז דאס אביסעל א ווירטין! וואס ארט דאס איהר? און איך האב איבריגע ארבייט און נאך ערגערניש אלס צוגאב!"

די שטיקלעך פאפיר זיינען פון א בריעף, וועלכען מעלאניע האט ניט לאנג איבערגעלעזען און דאן צוריסען און זארגלאז צו־ ווארפען איבער׳ן טעפיך. פרוי האף קען ניט פערטראגען קיין אונארדנונג. אבער נאך מעהר דערצארנען איהר אזעלכע בריעף: ווער דארף דאס בעקומען בריעף, וועלכע מען צורייסט דערנאך אויף שטיקלעך? און דאס נאך ווען מען האט אזא מאן, ווי „מיין" מאיאר, און אזא ווילא אויפ׳ן רהיין, ווי „אונזערע", און ווען עס איז גענוג א ריהר צו טאן מיט א פינגער, און צו דיין דיענסט ערשיינט א פרעכטינגער אויטאמאביל.

מיט פיעל מיה בויגט זיך פרוי האף איין, קלייבט זארג־ פעלטיג צונויף פון טעפיך די שטיקלעך פאפיר און בורטשעט עפעס צווישען די צייהן, וואס מען קען ניט פערשטעהן. דאן נעמט איהר פנים אן דעם שטענדיגען זיסליכען שמייכעל, און זי קומט צו צו דער יונגער ווירטין אויפ׳ן באלקאן.

— אהר האט געקלונגען, מאדאם?

די ווערטער קומען ארויס לאנגזאם, אין א זאנפטער שטים. אביסעל זינגענדיג.

— נו, געוויס!

פרוי האף דערהערט אין דעם טאן פון דער יונגער ווירטין אביסעל אויפרעגונג. זי איילט זיך צו מאכען נאך א זיסערען שמייכעל, וועלכער, — זי איז אין דעם זיכער, — וועט מוזען אין גאנצען ענטוואפנען מעלאניע.

און ווירקליך, די יונגע פרוי האלט זיך צוריק פון דעם פארוואורף, וועלכען זי איז גרייט געווען צו מאכען פאר ניט קומען גלייך, ווען זי האט גערופען. צו וואס? אזוי איז דאך געווען אלעמאל, פון דעם ערשטען טאג אן, וואס זי איז געקומען אין מאיאר׳ס הויז. און אזוי וועט שוין אלעמאל זיין, אויב נאך די מלחמה וועט ניט מאכען קיין ענדערונג אויף דא, פונקט ווי אין אנדערע זאכען!

ביי דעם געדאנק וועגען א מעגליכער ענדערונג ווערט מע־ לאניע׳ס געזיכט בעלויכטען פון א שמייכעל, און א שטראהל פון האפנונג בעווייזט זיך אויף איהר שעהנעם געזיכט, וואס אין

ניע גענומען צום טיר און קלינגט נאָך דער אלטער הויזהאלטערין. פרוי האָף, וועלכע האָט געפיהרט דעם מאיאר'ס ווירטשאַפט נאָך לאַנג פאר זיין הייראט, און וועלכע איז, אויף זיין פערלאַנג, פערבליבען וואוינען ביי זיי אין הויז אויך ווייטער.

## II.

פרוי האָף האָט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל. דאָס איז א בעיאָהרענטע, דיקליכע פערזאָן פון א יאָהר זעכציג. פון איהר גאַנצער פיגור קען מען זעהן, אז איהר לעבט זיך הא אין דעם מאיאר'ס הויז זעהר גוט און פריי. דער שניי־ווייסער פאַרטוך נעמט אפּעטימליך ארום איהר פולע פיגור און טיילט נאָך קלאָרער ארויס איהרע ברייטע היפּטען.

פרוי האָף איז, ווי מען זאָגט, אין א מזל'דיגער שעה אַנגעקומען צום מאיאָר, — דאן נאָך א קאַפּיטאַן, — פאַן בערקערס־בורג, כדי צו פיהרען זיין ווירטשאַפט. אזוי לאַנג ווי ער איז געווען אונפערהייראט און האָט ארויסגעגעבען געלד הויפּענוויין, איז פאר איהר אין הויז געווען פשוט א גליק. אָבער אפילו איצט אויך בעציהט זי זיך מיט א סטאָאישער רוהיגקייט, אויב ניט אין גאַנצען גלייכגילטיג, צו די קאַפּריזען פון דער יונגער ווירטין. קאַפּריזען, וועלכע מען בעמערקט אָפט ביי פרויען, ווען די הייראט האָט ניט צופריעדענגעשטעלט. און אָט די רוהיגקייט פון דער הויזהאלטערין האָט נאָך פאר דער מלחמה אָפט געבראַכט מעלאַניע אין פערצווייפלונג.

איבריגענס, איז אָט די געמאַכטע רוהיגקייט פון פרוי האָף שטאַרק דערעסען אַלעמען אין הויז, בעזונדערס דער דיענסט פון דער יונגער ווירטין, אמעליע, וועלכע מען האָט אויסגעשריבען פון פאַריז, און וועלכע האָט ליעב געהאט צו טיטולירען זיך דאָ, אויפ'ן רהיין, „פאַם דע שאמבר“. ניט ווענינ ערגערנים האָבען פון איהר געהאט אויך דער לאַקעי אַלבערט, דער שטאַהל־קנעכט צונז, דער קוטשער יאָזעף און די געשיר־וואשערין אורזולא, וועמעס פאַטישער נאָמען האַרמאָנירט אזוי שלעכט מיט איהר פראַזאָאישער בעשעפטיגונג אין קיך. זיי אלעמען האָט פרוי האָף שרעקליך דערעסען, נאָך מעהר צוליעב דעם, וואָס זי בלייבט שטענדיג גערעכט, ווייל זי האָט דעם אונבעשרענקטען צוטרויען פון דעם מאיאָר.

א שטומער פאַרוואורף ליגט אויך איצט אויף פרוי האָף'ס פעטען פנים, וועלכער איז שטענדיג רויט פון דער היץ אין קיך.

טויזענדער, צעהנדלינער און הונדערטער טויזענדער אנדערע. זיי אלעמען האָט בעריהרט דער אלץ פערראייניגענדער, אלץ ניוועלירענדער שיקזאל, וועלכער טרעפט אלעמאל אין ציעל... דער אלץ און אלעמען גלייך מאכענדער שיקזאל!

אונטען, אין דער אלעע, געהט פערביי א באטאליאָן מיט אויסגעמאָסטענע מונטערע טריט. די מענשען זיינען אין פולער אויסשטאטונג. מיט מוזיק געהן זיי פערביי די ווילא אין ענגלישען סטיל. בלומען, בלומען, א ים מיט בלומען שטעקען אין די מיילער פון די רעהרען פון זייערע ביקסען, פון וועלכע דער טויט. אין די פערשיעדענסטע פאָרמען, גרייט זיך צו בעגעגענען דעם שונא... פאריז, פאריז... — לויפט דורך ביי איהר אין קאָפּ.

אין גארטען פאר דעם באלקאָן שטעהט אן אפריקאַזען בוים. די צייטינג, דונקעל־געלע פרוכט העננגען צווישען וועלקענדע בלעטער. אין גאנצען האָז איז דער בוים געשטאנען דאָ אין די ערשטע ווארימע אפריל טעג, ווען די משונה'דיגע קאטאסטראָפע, וועלכע ווערט איצט צוגעגרייט אהן אן אבהאלט, איז נאָך קיינעם אויפ'ן זינען ניט געקומען. אזוי דענקט מעלאניע. אזוי פיעל פרוכט און גראָד אין דעם בייזען, אונגעוועהנליכען, פאטאלען יאָהר: אזוי ווי דער בוים וואָלט זיך בעדענקט און בעשלאָסען אנצוזאָגען האָס, וואָס ער האָט פערלאָזען אין די פריהערדיגע יאָהרען, וועלכע מעלאניע האָט דאָ פערבראכט מיט דעם מאיאָר.

א שמייכעל בעוויזט זיך אויף איהרע ליפען. פּלוצלונג פליהט דורך א געדאנק מיט דער שנעלקייט פון א בליץ.

ע ר ליעבט דאָך אזוי אפריקאָזען, ער ליעבט דאָך זיי אזוי שטארק... ניט דער מאיאָר, ניט דער מאַן: ניין, ניין... דער פריינד, דער איינציגער, אמת'ער פריינד, וועמען זי האָט דאָ אין שטאָדט, וועלכער איז צוליעב איהר, — זי איז זיכער, — געבליבען אונפערהייראַט, -- קאפּיטאַן אדאָלף, דער קאָמאנדיר פון דער אכטער קאָמפּאַניע.

יע, ער וועט אויך, ער וועט אויך...

זי איילט זיך אָנצוזאָגען, מען זאָל אָנרייסען אפּריקאָזען צום אָוועגדברויט: די אפּריקאָזען וועלען זיין א פּאַסענדער דעסערט. ווייל ע ר האָט דאָך צוגעזאָגט צו קומען היינט אָוועגד צום לעצטען מאָל אין ווילא „מעלאניע“. אפּריקאָזען פון די ברענגען פון רהיין, וועלכע זיינען צייטיג געוואָרען אין איהר גאָרטען, אונטער די שטראהלען פון דער איצטיגער רהייגישער הערבסט זון, וועלען זיין דער שלום אקאָרד צום לעצטען אָוועגדברויט מיט איהר פריינד. יע, יע, אונבעדינגט. מעלא־

פאריז, דער פלאץ פון הארמאניע, דער טוליערי גארטען.
די שאן ד׳עליזעי!

און בעת אונטען פאהרען מיט נערוויש די פוהרען אנגעלא־
דען מיט פיעלע הונדערטער טויזענדער פאטראנען, טראגט זיך
פערביי מעלאניע׳ס גייסטיגען בליק דאס וואונדערליכע בילד
פון דער בליסטשענדער, לעבענסלוסטיגער שטאדט.

און פון צייט צו צייט די פראנצויזישע ליעדלעך.

און נאך עפעס א מעלאדיע, וועלכע א וואנדערענדער אי־
טאליענישער ארקעסטער האט דאן געשפיעלט פאר איינעם פון
די גרויסע רעסטאראנען אויף דעם איטאליענישען בולוואר אין
א ווארימער פריהלינגס נאכט...

פאריז אין פריהלינג!... ווען די יונגע לייט און די יונגע
ארבייטענדע מיידלעך געהען ארויס פון די פערשטיקטע גאסען
פון מאנמארטר, איינצואטעמען די ריינע לופט אויף די ברעגען
פון סעין און קוקען אויף די אוראלטע פאלאצען פון פערגעסענע
קעניגען אויף די גרינע בערגלעך.

פאריז אין פריהלינג!...

איהר מאנ׳ס שטים רייסט פלוצלונג איבער איהרע חלומות.

איבריגענס, האט דאס איהר זיך אויך נאר פארגעשטעלט:
דער מאיאר געהט איצט שטינדענווייז ניט אוועק פון קאזארמע,
וואו ער איז אלץ פערנומען איינארדנענדיג דעם טראנספארט פון
זיין באטאליאן. מארגען אין דער פריה מוז דער באטאליאן זיין
שוין אויפ׳ן גרענעץ.

און בערטא פאן אמטאר! ווי גליקליך זיי זיינען דאס דאן
געווען, ווי פרעהליך און צופריעדען, אט די צוויי האלב־ערוואק־
סענע מיידלעך, אונטער ־ער אויפזיכט פון פריילין פאן הארסט־
וואלדאו, אין דעם ליעבען, בעצויבערענדען פאריז!

איצט געפינט זיך איהר פריינדין אין דער זעלבער לאגע.
וואס זי. איבריגענס, איז די לאגע ניט אין גאנצען די זעלבע:
זי ליעבט, — ניין, זי פערגעטערט אייגפאך איהר מאן, פאר
וועלכען זי האט געהייראט ערשט מיט א האלב יאהר צוריק, און
פון וועלכען זי ערווארט אין גיכען דאס ערשטע קינד. איהר מאן
שטעהט אין באן מיט די קעניגליכע הויזערען. נו, וואס איז דא
זיך צו וואונדערען? דער אלטער שווער האט דאך אנגעקליבען א
פערמעגען פון פיעלע מיליאנען, און זיין מאיעסטעט האט איהם
בעשאנקען מיט ערב־אדעלשטאנד. איז הא נאר ניטא וואס זיך
צו וואונדערען. און איצט?

איצט איז בערטא׳ן פונקט אזוי שלעכט. ווי איהר און ווי

ווען זי וואָלט אפילו ניט געווען זיכער אין דעם, אז דאָס אַלץ איז אמת, וואָלטען איהר אין דעם איבערצייגט די שווערע פוהרען, וועלכע פאָהרען מיט ליאַרעם און געפילדער פערביי איהר הויז אויף דער רהיינישער אַלעע. סאָלדאַטען פיהרען די פערד, סאָלדאַטען עסקאָרטאָרען דעם פראָנט. אין א לאַנגער רייהע ציהען זיך אָט די פוהרען פון די מיליטערישע וועהרהייזער און פיהרען אַמוניציאָן אין די קאזארמען, טויזענדער, הונדערטער טויזענדער. גאַנצע פוהרען מיט פאַטראָנען!

און דאָ פּלוצלונג די פראַנצויזישע ליעדלעך!

אין דער צייט, ווען זי זעהט די פוהרען, הילכט אָב אין איהרע אויערען א בעקאַנטע מעלאָדיע פון דעביוסי.

זייענדיג א זיעבצעניעהריגע מיידעל, האָט מעלאַניע פערבראַכט עטליכע מאָנאַטען אין לאָזאַן, אין דעם פּאַנסיאָן פון מאַדאַם שעוואַליע, וואו זי האָט געדאַרפט בייקומען די שווערקייטען פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, מוזיק און ליטעראַטור. דער פּאַנסיאָן איז געשטאַנען אונטען, ביים לאַנדזועע, אין אושי. אויף אַוועניו ראָזמאָן.

אָ, ווי גליקליך זיי זיינען דאָס דאָרט געווען! עס גלייבט זיך קוים, אז דאָס אַלץ איז געווען ערשט מיט א דריי יאָהר צוריק איידער דער בייזער שיקזאַל, אין דער פּערזאָן פון פאָן בערקע־סבורג, האָט צייט געהאַט זיך אריינצורייסען אין איהר לעבען. זי אין איהר פריינדין, בערטא פאָן אַמטאַר... נאָך לאָזאַן איז געקומען פאָנטאַרליע, דאַן דיזשאָן און ענדליך די וואונדערבאַרע שטאָדט אויף די ברעגען פון סעין. בערטאַ איז געווען די טאָכטער פון א גרויסען פאַבריקאַנט, וועלכען מען האָט דערהייבען צום אדעלשטאַנד, זיינען איהרע קעשענעס פול געווען מיט נייאינקע הונדערט־פראַנק אסיגנאַציעס פון באַנק דע פראַנס.

וואָס פאַר א וואונדערליך לעבען זיי האָבען דאָס געפיהרט אין דעם עלעגאַנטען האָטעל אויף שאַן־ד'עליזעי! און ווי אַזוי האָט דאָס נאָר דער פאָטער געקענט דאָס אַלץ ערלויבען יונגינקע, אונערפאַהרענע מיידלעך! נאַטירליך זיינען זיי אַנגעקומען אין פּאַריז און געוואוינט אין האָטעל אויף שאַן ד'עליזעי ניט אַליין: מיט זיי איז געווען פריילין פאָן הארסט־וואַלדראָו, אַן ארים מיידעל פון דעם אדעלשטאַנד, מיט וועלכער זיי פלעגען, אגב, אָבטאָן די קאָמישסטע זאכען! פריילין פאָן האָרסט האָט זיי געדיענט פאַר א מין „דאָס ד'אָנאָר" אין דעם בעריהמטען מאָדערנעם בבל אויף די ברעגען פון סעין.

געקויפט דאָס הויז פון א רייכען פאבריקאנט, וועלכער איז אריי־
בערגעפאָהרען אין בערלין. מיט דריי יאָהר צוריק האָט זיך דא
דער מאיאר בעזעצט מיט זיין יונגער פרוי, נאָך זייער האָכציימ
רייזע, וועלכע האָט זיי פערפיהרט אין געגענדען פון דער מיט־
נאכט זון. מעלאניע, וועמעס מיידעלשער נאָמען איז געווען פאָן
פאלקענשטיין, איז געווען מיט איבער צוואנציג יאָהר אינגער
פון איהר מאן.

זי האָט געשטאמט פון א פעראָרימטער פריצישער פאמיליע.
וועמעס גוט איז געלעגען הארט לעבען ווערזשבאָלאווא. דער
מאיאר איז נאָך אין די גאָר יונגע יאָהרען געווען א חבר פון
מעלאניע׳ס פאטער און איז געווען אין כמעט דעם זעלבען על־
טער ווי ער. ער האָט אָנגעזאמעלט א פערמעגען פון מיליאָנען
דורך ספעקולאציאָנען אויף לאנד ארום בערלין.

אין דעם העלען שיין פון דער ברענענדער אויגוסט זון
שטעהט מעלאניע פאָן בערקערסבורג אויף דעם באלקאָן פון
איהר ווילא, געבויט אין ענגלישען סטיל, און קוקט אין די ווייט
איבער דעם רהיין, וועלכער איז בעשאָטען מיט מיליארדען פונ־
קען מעלאָניע צושפרייט ברייט איהרע ארעמס, אזוי ווי זי
וואָלט געוואָלט ארומנעהמען די בעוואלדטע הויכקייטען פון
טאונוס, אזוי ווי זי וואָלט זיי געוואָלט צודריקען צו איהר ברוסט:
ביבעריך, ראָזענטאל, עלטוויל, רידעסהיים, אסמאנסהאוזען, —
לויפט דורך ביי איהר אין געדאנק, ווי אָפט האָט זי דאָרט פער־
בראכט געווענדען אין א פרעהליכער קאָמפאניע, אויף א דאמפער.
מיט א מיליטערישען ארקעסטער, וועלכער האָט אויף דעם דעק
געשפיעלט נאציאָנאלע מעלאָדיען, „די וועלען פון דאנאו“. „קייס
וואָק“ און די פראנצויזישע שאנסאָנעטקעס!

ביי דער דאָזיגער עראינערונג פיהרט מעלאניע איהר האנט
איבער איהר הויכען, ווייסען שטערען, אזוי ווי זי וואָלט זיך אָנ־
געשטרענגט צו פערטרייבען א שווערען חלום. די פראנצויזישע
שאנסאָנעטקעס, געשפיעלט פון א דייטשען מיליטערישען אָר־
קעסטער אויף א רהיינישען דאמפער!

און אין דער אמת׳ען, איז דאָס ניט גאָר א טייוועלשע פער־
פיהרונג, אָט די אלע געשעהענישען פון די לעצטע טעג, אָנהוי־
בענדיג פון דעם מאָרד אין סעראיעוואָ און ענדיגענדיג מיט דעם
אולטימאטום צו סערביען און די נעכטיגע בערלינער טעלעגראַ־
מען?

ניין, ניין. דאָס אלץ איז די לעבעדיגע ווירקליכקייט.
די פראנצויזישע ליעדלעך...

בערגעפרענט. ביידע פליטען האָבען איצט געצווינגען איינער פער־
ביי דעם אנדערען, — איינעם האָט אָנגעפיהרט א שיפער פון
דעם ים ברעג, דעם צווייטען — א שיפער פון בייערען.

— נו, פאָהר זיך געזונטערהייט ! — האָט איבער די וועלען
פון מאַין אָבגעהילכט דער לעצטער צואוואונש פון דעם בייער.
די וועלען האָבען געגלאנצט אין דעם שיין פון דער העלער אוי־
גוסט זון, און קלאָר האָבען זיך אין זיי אָבגעשפיגעלט די קאָנטור־
רען פון דער אוראַלטער קאַטעדראַל־קירך, וואָס האָט בעציערט
מאַינץ, די שטאָדט פון קורפירשטען און ערצבישאָפס.

און אין שטאָדט איז אָנגעגאנגען א פיעבערהאפטע טהע־
טינקייט.

דאָ זיינען אומעטום קאזארמען, וואו מען זאָל זיך נאָר ניט
אומקוקען. און הינטער די ווענט פון אָט די קאזארמען ווערען
אויפגעשטעלט אונצעהליגע באַטאַליאָנען. איינער נאָכ'ן אנדערען
ווערען זיי פאָרמירט און גיסען זיך צונויף אין איין שטראָם,
וואָס איז גרייט צו פערפלייצען די שכנה, פראנקרייך, וועמעס
בערג בעוואכען דעם גרענעץ.

א גאנצע ארמיי פון בעוואפענטע מענשען קען אָט די רהיי־
נישע שטאָדט אויסשפייען אין וועלכע פיער און צוואנציג
שטונדען.

פון די סאָלדאטען קאמערען ציהען זיך אונזיכטבארע פעדים
צו יעדען הויז. אומעטום פאקט מען איין זאכען, מען גרייט זיך
צו, מען געזעגענט זיך. אין אלע גאסען און הויפען וואָס האבען
זיך צוגעטוליעט צו דער אַלטער קאַטעדראַל קירך און וואָס בע־
האַלטען אין זיך די ארימקייט, און אין אלע וויללען און פרעכטי־
גע פאלאצען, וואָס דערהויבען זיך שטאָלץ איבער דעם טייך און
אויף קייזערשטראסע, — אומעטום דערנרייכען און ציהען זיך
אָט די אונזיכטבארע פעדים !

אויף דער רהיינישער אלעע שטעהט אן עלעגאנט הויז,
וואָס איז ערשט מיט עטליכע יאָהר צוריק אויפגעבויט געווארען
אין דעם סטיל פון די ענגלישע קאטעדזשעס. דאָס הויז איז
ארומגעריינגעלט פון א הערליכען גאָרטען, וועלכער שטעהט
איצט אין דעם גלאנץ און פראכט פון סוף זומער. אויף יעדען
טריט — רויזען פון די פערשיעדענסטע קאָלירען ; די צווייגען
פון קלימענשטאָנד האָבען זיך צוואואקסען און האבען פערדעקט
די ווענט און די באלקאָנען ; די שטערנבלומען און פערשיעדענע
געאָרגינען האָבען זיך צובליהט.

מיט דריי יאָהר צוריק האָט מאיאר פאָן בערקערסבורג אָב־

# ערשטער טייל.

## I.

— דער קייזער האָט פּראָקלאַמירט אַ מאָביליזאַציאָן!

אָט די וויכטיגע נייעס האָט יאָבסט אויסגעשריען מיט זיין צייהנלאָזען מויל צו מילקעל, ווען זייערע פליטען האָבען זיך בעגעגענט און האָבען כמעט אָנגעריהרט איינער דעם אַנדערען.

יאָבסט האָט זיין פליט געפיהרט פון אַ ווייטען געגענד. די שווערע אַרבייט צו פיהרען אַראָב דעם רהיין די מיט שטריק צונויפגעבונדענע שטאַמען פון טאַנענבוימער, וועלכע מען האָט אויסגעהאַקט אין די הויכע וועלדער פון שפּעסאַרט, האָט זיך אָנגעהויבען נאָך אין שווינפורט. ער איז שוין פערבייגעפאָהרען אשאַפענבורג, פראַנקפורט און העכסט, און איצט האָט ער גע־האַלטען אין פערקירעווען זיין פליט פון די געלע וואַסערען פון מאַין אין דעם גרינליכען רהיין.

טאָג איין — טאָג אויס האָט ער געפיהרט דעם פליט, ניט העראַנדיג קיין וואָרט פון די איינוואוינער אויף די ברעגען ווע־גען דעם, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט. ערשט היינט אין דער פריה, אַריינגעהענדיג אין אַ שענק אין ריסעלהיים עפּעס איבערצוכאַפּען, האָט ער זיך דערוואוסט פון דער געשעהעניש, וועלכע האַלט איצט אין דער העכסטער אָנשטרענגונג די פעל־קער פון דער גאַנצער וועלט.

— —אַ מאָביליזאַציאָן? — האָט זיך דערהערט מילקעל'ס שטים פון דעם אַנדערען פליט. מילקעל איז געשטאַנען אויף די קלעצער, וועלכע ער האָט געפיהרט פון רידעסהיים. איצט האָט ער זיי מיט דער הילף פון אַ בוגסיר דאַמפּער געפיהרט אַרויף דעם מאַין. אין שוואַנהיים האָט אויפגעפעהלט בוי־מאַטעריאַל: די גרויסע וועלדער, וועלכע ציהען זיך אויף דעם ברעג פון מאַין, זיינען אָרים אין טאַנענבוימער, מיט וועלכע מען קען בויען.

מילקעל'ס שטים האָט אָבגעקלונגען הויך און קלאָר, אָבער גאַנץ גלייכגילטיג. ער האָט געשטאַמט פון ראָטערדאַם. די שווע־רע אַרבייט אויפ'ן טייך האָט שוין לאַנג אָבגעטעמפּט זיין עמפּ־פינדליכקייט. דערצו איז ער נאָך געווען מיעד. אַן אויסגעלאַשע־נע ליימענע ליולקע האָט ביי איהם געשטעקט צווישען די צייהן.

— אַ מאָביליזאַציאָן, זאָגסטו? — האָט ער נאָכאַמאָל אי־

# פון די אַרויסגעבער

דער גיהנם איז א ראָמאַן פון דעם ערשטען פּעריאָד פון גרויסען וועלט־קריעג. די האנדלונג אין איהם קומט פּאָר אין די ערשטע עטליכע מאָנאַטען פון קריעג אין דייטשלאנד און אויף דעם פלאַנדרישען פראָנט.

דער אויטאָר, דר. עדואַרד שטילגעבאַוער, איז א באקאַנטער דייטשער שריפטשטעלער. דער ראָמאַן דער גיהנם איז צוערשט ערשינען אין א האָלענדישער איבערזעצונג. דער דייטשער אָריגינאַל איז שפּעטער ערשינען אין דער שווייץ. דער ראָמאַן איז איבערזעצט געווארען אין פיעל שפּראכען און האָט געהאט א קאָלאָסאלען ערפאָלג אין איראָפּא און אין אמעריקא. דער ראָמאַן איז אין דייטשלאַנד פארבאָטען, און ווי מיר דער־וויסען זיך פון דער פּאָררעדע צו דער שווייצער אויסגאבע, האָט דער אויטאָר צוליב איהם געהאַט פיעל אונאַנגענעהמליכקייטען. דער גיהנם האָט זיך א לענגערע צייט געדרוקט אין דער „נייער וועלט".

אויסער זיין ריין ליטעראַרישען ווערט, האָט דער גיהנם נאָך א גרויסע באַדייטונג מיט דעם, וואָס ער איז א שטאַרקע אָנקלאגע קעגען דעם יונקערשען מיליטאַריזם, וואָס האָט צוטראָטען אַן אומשולדיג, בליהענד לאַנד און האָט אומגע־קערט די צייטען פון בארבאריזם. נאָר א מענש, וואס האָט גע־פיהלט אויף זיך אליין א טייל פון דער שולד פאר די באַגאַנגענע גוואלד־טאַטען, ווען די שרעקליכע בילדער האָבען שטענדיג פארפאָלגט און ניט געלאָזט רוהען, נאָר אַזאַ מענש מיט א וואכ־זאמען געוויסען און פארשארפטען געפיהל פון גערעכטיגקייט האָט געקאָנט אָנשרייבען דעם ראמאַן דער גיהנם.

עדוארד שטילגעבאוער

# דער גיהנם
# (INFERNO)

איבערזעצט פון דייטש — י. גארניצקי.

צווייטע אויפלאגע

ארויסגעגעבען פון
פארלאג „נייע וועלט", ניו יארק, 1921

